דארף, לעבען מיט זיי, לעבען אנדריושא'ן, אבער זי האט גע־רעדט דאס אירינע: — וואו מען איז געבארען געווארען, אפ־געלעבט א לעבען, דארט דארף מען שטארבען.

אומזיסט האט שטאלץ פראבירט איר געבען א רעכענונג וועגען דעם גוט און געשיקט איר דעם איינקונפט, זי האט אים אלץ אפגעשיקט און געבעטען, אז ער זאל דאס אלץ האלטען פאר אנדריושא'ן.

— דאס איז זיינס, ניט מיינס, — האט זי איינגעשפארט גע־רעדט, — אים וועט עס צונויץ קומען; ער איז א פריץ, און איך וועל שוין אזוי אפלעבען מיינע טעג.

# אבלאמאוו

זי האָט אזוי פול און שטארק געליבט: זי האָט געליבט אָבלאָמאָוו׳ן — געליבט אים ווי א געליבטען, ווי א מאַן, ווי א פריץ; בלויז זי האָט עס ניט געקענט איצט קיינעם דערצעה־לען ווי זי האָט עס ניט געקענט פריער. און קיינער פון די ארומיגע וואָלט איר סיי ווי סיי ניט פארשטאנען. וואו וואָלט זי געקענט געפינען ווערטער? אין לעקסיקאָן פון איר ברודער, פון איר שווּעגערין, טאראנטיעוו׳ן זיינען ניט געווען אזוינע ווערטער, וואָרים זיי האָבען ניט געהאט די באגריפען; בלויז איליא איליטש וואָלט זי פארשטאנען, אָבער אים האָט זי עס קיינמאָל ניט דערצעהלט, ווייל זי האָט עס דאמאָלט אליין נ׳ט פארשטאנען און ניט געקענט ארויסברענגען.

מיט די יאָרען האָט זי גענומען אלץ בעסער און קלאָרער פארשטעהן איר פארגאנגענהייט, און זי איז געוואָרען אלץ שווייגענדיגער. אויף איר גאנץ לעבען האָבען זיך אויסגעגאָ־סען שטראַלען, א שטילער שיין פון די, ווי א רגע דורכגעלאָפענע זיבען יאָר, און איר האָט זיך שוין קיין זאך מער ניט געוואָלט, זי האָט שוין ניט געהאט אויף וואָס צו האָפען.

בלויז דאמאָלט, ווען שטאָלץ איז אויף ווינטער געקומען צופאָרען אין שטאָדט אריין, איז זי געלאָפען אין זיין הויז און נייציג געקוקט אויף אנדריושא׳ן, מיט א צערטליכען ציטער האָט זי אים געצערטעלט און געוואָלט האָט זי זאָגען עפּעס שטאָלצ׳ן, דאנקען אים, ארויסזאָגען פאר אים אלץ, אלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען און האָט געלעבט אין איר נשמה: ער וואָלט פאר־שטאנען, אָבער זי האָט ניט געקענט, זי פלעגט זיך בלויז א וואָרף טאָן צו אָלגא׳ן, מיט אירע ליפען צופאלען צו אירע הענט און פאנאנדערגיסען זיך מיט א מבול פון זודיגע טרערען, אז אויך אָלגא פלעגט אָנהויבען וויינען, און אנדרעי, אַן אויפגערעגטער, פלעגט ארויסגעהן פון צימער.

זיי אלע האָט צוזאמענגעבונדען איין געפיל, איין עררינגע־רונג פון דער ריינער, ווי קרישטאָל, נשמה פון דעם טויטען. זיי האָבען זיך געבעטען ביי איר, אז זי זאָל פאָרען מיט זיי אין

זיך אזוי ווי אין איר אויפגעכאפּט סימנים פון לעבען, די שטרי־
כען פון איר פּנים האָבען אויפגעלעבט, די אויגען האָבען זיך
אָנגעפילט מיט א פריידיגען פייער און דערנאָך פול געוואָרען
מיט טרערען פון ערינערונגען.

זי איז געווען פרעמד צו אלעם, וואָס האָט זי ארומגערינ־
געלט: איז איר ברודער בייז געוואָרען אויף דעם, וואָס זי האָט
אומזיסט אויסגעגעבען אָדער ערגעץ ניט אָפּגעדונגען א רובל,
אָדער אויף דעם, וואָס דאָס געבראָטענס איז צוגעברענט, אָדער
די פיש זיינען ניט פריש, פלעגט זיך אָנבלאָזען די שווענגערין
וואָס אירע קליידלעך זיינען ניט אזוי שטייף אויסגעפּרעסט, ווי
זי וואָלט וועלען, וואָס דער טיי איז קאַלט און צו שוואך, צי
די פעטע קעכין פלעגט אָנריידען גראָבע רייד, אגאפיא מאט־
וועיעווגא האָט דאָס אלץ ניט באמערקט, אזוי ווי ניט וועגען
איר וואָלט זיך דאָ געהאנדעלט, זי האָט אפילו ניט געהערט די
שפּאָט־ווערטלעך: פריצ'טע.

זי האָט אויף דעם אלעם געענטפערט מיט דער ווירדע פון
איר טרויער און אן אונטערטעניגען שווייגען.

און אין ימים טובים, ווען אלץ האָט זיך געפרייט אין הויז,
געווען פרעהליך, לוסטיג, האָט זי זיך מיטאמאָל צוגאָסען מיט
טרערען און באהאלטען זיך אין איר ווינקעל.

און דערנאָך האָט זי זיך ווידער קאָנצענטרירט אויף איר
אומגליק און טיילמאָל גענומען קוקען אויף איר ברודער און
דער שווענגערין מיט א מין שטאָלץ, אזוי ווי מיט מיטגעפיל.

זי האָט פארשטאנען, אז עס איז שוין פארשפּילט און אז
עס האָט שוין דורכגעשיינט איר לעבען, אז גאָט האָט אין איר
לעבען ארייגעלייגט א נשמה און האָט זי ווידער ארויסגענומען;
אז עס האָט אין איר לעבען אויפגעלויכטעז א זון, און אז די זון
איז ווידער פארגאנגען און שוין אויף אייביג... אמת, אויף
אייביג. דערפאר האָט אָבער אויך אויף אייביג איר לעבען
באקומען א זין: איצט האָט זי שוין געוואוסט, צו וואָס זי האָט
געלעבט, און אז איר לעבען איז ניט געווען אומזיסט.

# אַבלאַמאָוו

זיי שוין ווידער וואוינען צוזאַמען, און אַז איר וועט לייכטער זיין צווישען אייגענע פאַרגעסען איר אומגליק, און זיי וועט זיין גוט, ווייל קיינער קען ניט אַזוי גוט ווי זי האַלטען אַ הויז אין אָרדנונג.

זי האָט געבעטען, אַז מען זאָל איר געבען אַ צייט אויף איבערצולייגען זיך; זי האָט זיך געפּייניגט נאָך אַ צוויי מאָ־נאַטען און ענדליך האָט זי איינגעוויליגט צו וואוינען צוזאַמען. אין דער צייט האָט שטאָלץ גענומען אַנדריושאַ'ן צו זיך און זי איז געבליבען איינע אליין.

אָט איז זי, זי אין אַ שווארץ קלייד, אין אַ שווארץ וואָלען טיכעל אויפ'ן האַלז, געהט פון די צימערען אין דער קיך, ווי אַ שאָטען; פונקט ווי פריער עפענט זי און פאַרמאַכט די שרענק, נעהט, העפט אויס, נאָר אַלץ אַזוי שטיל, אַזוי אָן ענערגיע. זי רעדט איצט מיט אַ שטילען קול, אַזוי ווי איר וואָלט זיך אין גאַנצען ניט וועלען רעדען, און זי קוקט שוין ניט ווי פריער מיט אויגען, וואָס זיינען זאָרגלאָז געלאָפען פון איין געגענשטאַנד צום צווייטען, נאָר מיט אַ קאָנצענטרירטען אויסדרוק, עס קוקט ארויס אַ געדאנק פון אירע אויגען. דער דאָזיגער געדאנק האָט זיך אומגעריכט באַוויזען אויף איר פּנים אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט באַוואוסטזיניג און לאַנג געקוקט אויף איר טויטען מאַן, און פון דאַמאָלט אָן האָט ער זי ניט פאַרלאָזען.

זי האָט געשפּאַנט איבער'ן הויז, געטאָן מיט די הענט, אַלץ, וואָס מען האָט געדארפט טאָן, אָבער איר געדאנק איז ניט גע־ווען דערביי. ביים טויטען קערפּער פון איר מאַן, מיט'ן פאַר־לירען אים, האָט זי, דאַכט זיך, מיטאַמאָל באַגריפען איר לעבען און האָט זיך פאַרטראַכט איבער זיין באַדייטונג, און די דאָ־זיגע פאַרטראַכטקייט האָט זיך ווי אַ שאָטען שוין אויף אייביג געלייגט אויף איר פּנים. אויסווייענדיג שפּעטער איר אומגליק, האָט זי קאָנצענטרירט זיך אויף דעם באַוואוסטזיין פון איר פאַרלוסט: אַלץ איז געווען פאַר איר טויט אויסער דעם קליי־נעם אַנדריושאַ; בלויז דאַמאָלט, ווען זי האָט אים געזען, האָבען

וואוינט צוזאמען מיט זאכאר'ן און אניסיא'ן אין הויז, פיר־נענדיג זיך פאר צער. זי האט זיך אויסגעווינט אירע אויגען אויפ'ן קבר פון איר מאן, זי האט כמעט גארניט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, איר גאנצע נארונג איז געווען טיי, זי האט גאנצע נעכט ניט צוגעמאכט קיין אויג און איז געווען אין גאנ־צען אויסגעמאטערט. זי האט זיך פאר קיינעם ניט געקלאגט און, ווי עס האט אויסגעזען, וואס ווייטער עס איז געווארען פון טאג פון זיין טויט, איז זי אלץ מער פארזונקען געווארען אין איר שמערץ, אין זיך אליין; זי האט זיך פארשלאסען פון אלע־מען, אפילו פון אניסיא'ן. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס עס קומט פאר אין איר נשמה.

— און אייער באלעבאסטע האלט אלץ אין איין ווייגען נאך איר מאן, — האט דער קעבין געזאגט א סוחר פון מארק, ביי וועמען מען פלעגט איינקויפען זאכען פאר'ן הויז.

— זי טרויערט אלץ נאך איר מאן, — האט דער סטא־ראסטא געזאגט, אנווייזענדיג אויף איר אין דער קירך פון בית עולם, וואס עס איז געקומען אלע וואך בעטען און ווייגען די פארטרויערטע אלמנה.

— זי פייניגט זיך נאך אלץ, — האט מען גערעדט אין הויז פון איר ברודער.

איינמאל זיינען אומערווארטעט געקומען צו איר די גאנ־צע פאמיליע פון איר ברודער, אפילו טאראנטיעוו איז געקומען. זיי זיינען געקומען מיט דעם אויסרייד פון מיטגעפיל צו איר. עס האבען זיך גענומען שיטען יענע געמיינע עצות און טרייסט־ווערטער „ניט קוילען זיך, האבען אין זינען, אז זי האט קינ־דער" — אלץ, וואס מען האט איר געזאגט מיט פופצען יאר צוריק, ווען עס איז געשטארבען איר ערשטער מאן, און וואס האט דאמאלט געהאט די געהעריגע ווירקונג, און וואס האט אבער איצט אין איר ארויסגערופען עקעל און טרויער.

איר איז געווארען פיל לייכטער, ווען מען האט אנגעהויבען רעדען וועגען עפעס אנדערש און ערקלרט איר, אז איצט קענען

גאָרניט? וואָס האָט איר געקענט צווינגען נעמען אויף זיך דעם יאָך פון א פרעמדער באַלעבאַטישקייט, דאגה'נען וועגען פרעמדע קינדער, וועגן אָט די אַלע קליינינקייטען אויף וועלכע א פרוי אָפּפּערט זיך בלויז אויס ליבע, אויס דעם הייליגען חוב פון פאמיליען לעבען, אָדער פאר א שטיקעל טרוקען ברויט? וואו־זשע זיינען זאכאר, אנוסיא, אירע דינער לויט אַלע געזעצען? וואו ענדליך געפינט זיך אנדריושא? וואו געפינען זיך אירע קינדער פון ערשטען מאַן?

אירע קינדער האָבען זיך איינגעאָרדענט, דאָס הייסט וואַניא האָט געענדיגט דעם קורס און איז אריינגעטראָטען אין דינסט, מאשא האָט חתונה געהאט, און אנדריושא'ן האָבען גענומען צו זיך שטאָלץ און זיין פרוי, און זיי האַלטען אים פאר א מיטגליד פון זייער פאמיליע. אגאפיא מאטוועיעוונא האָט קיינמאָל ניט פארגליכט און צוזאמענגעמישט אנדריושא'ס שיקזאַל מיט'ן שיקזאַל פון אירע עלטערע קינדער, כאָטש אין הארצען האָט זי זיי אפשר געהאלטען פאר גלייכע, און האָט זיי געגעבען אַלעמען א גלייכען אָרט, אָבער די ערציאונג, און אנדריושא'ס צוקונפט האָט זי אָפּגעטיילט מיט א גאנצען תהום פון וואניא'ס און מאשא'ס לעבען און צוקונפט.

— וואָס זיינען זיי? זיי זיינען פונקט אזוינע גאָרנישטען ווי איך אליין, — האָט זי געזאָגט, — אָבער ער — האָט זי צוגעלייגט כמעט מיט אכטונג וועגען אנדריושא'ן — ער איז דאָך א פריץ! און וואָס פאר א ווייסינקער ער איז, וואָס פאר א קליינינקע הענטלעך און פיסלעך ער האָט, און זיינע האָר זיינען אזוי ווי זייד. אינגאנצען אין פאָטער געראָטען!

דערפאר האָט זי, ניט רעדענדיג קיין וואָרט, מיט א פרייד אפילו, צוגעשטימט צו שטאָלץ'ס פאָרשלאג, אז ער זאָל נעמען דאָס קינד צו זיך אויף ערציאונג. זי האָט געהאלטען אז זיין פלאַץ איז דאָרט און ניט דאָ צוזאמען מיט זיינע קויטיגע שוועסטערקינדער, די קינדער פון איר ברודער.

א האַלב יאָר נאָך דעם טויט פון איר מאַן, האָט זי גע־

געדרימעלט אויף דער סאָפא, בלויז דער קאָפּ איז געווען אַ ביי־סעל ארונטערגערוקט פון דעם קישען, און די האַנט איז געווען קראַמפּהאַפט צוגעדריקט צום הארצען, וואו, ווי עס זעט אויס, עס האָט זיך קאָנצענטרירט און אָפּגעשטעלט דאָס בלוט.

שוין דריי יאָר איז אגאַפּיא מאַטוועיעוונאַ אַן אַלמנה, און אין דער צייט האָט אַלץ זיך ווידער גענומען פירען ווי אמאָל. איר ברודער האָט זיך פארנומען מיט פּאָדריאַדען, אָבער ער איז דורכגעפאַלען, און איז אָנגעקומען מיט פארשידענע כיטרעקייטען אויף זיין פריערדיגער שטעלע אלס סעקרעטאַר אין דער קאַנצעלאַריע, און ער געהט ווידער צופוס צו זיין ארבייט און ברענגט ווידער האַלב־ און פערטעל־רובעלדיגע און צוואַנציג־קאָפּייקענע, און פילט מיט זיי אָן אַ קופערט, וואָס ער האַלט ערגעץ וואו באַהאַלטען. דאָס באַלעבאַטישקייט האָט זיך ווידער גענומען פירען אזאַ גראָבס, אזאַ פשוט'ס, אָבער אַ גאַנץ ברייטס, ווי אין דער פריערדיגער צייט, ווי איידער אָבלאָמאָוו האָט זיך אריינגעקליבען צו זיי.

די ערשטע ראָל אין הויז האָט געשפּילט דעם ברודער'ס פרוי, אירינאַ פּאַנטעלעיעוונאַ, דאָס הייסט, זי האָט פאַר זיך געלאָזען דאָס רעכט אויפצושטעהן שפּעט, טרינקען דריי מאָל אַ טאָג קאָפע, בייטען דריי מאָל אַ טאָג קליידער און אכטונג געבען אין דער באַלעבאַטישקייט בלויז אויף דעם, אַז איר'ע קליידלעך זאָלען זיין וואָס שטייפער געפּרעסט. מער האָט איר קיין זאַך ניט אינטערעסירט און אַגאַפּיא מאַטוועיעוונאַ איז, ווי פריער, געווען דער לעבעדיגער פּערפּענדיקעל אין הויז: זי האָט אכטונג געגעבען אויף דער קיך און אויפ'ן טיש, האָט אַלע־מען אָנגעטרונקען מיט טיי און קאָפע, האָט גענעהט פאַר'ן גאַנ־צען הויז, האָט אכטונג געגעבען אויף דער וועש, אויף די קינ־דער, אויף אַקולינאַ'ן און אויפ'ן דוואָרניק.

אָבער פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געווען? זי איז דאָך מאַדאַם אָבלאָמאָוו, אַ פּריצ'ע; זי האָט דאָך געקענט וואוינען באַזונ־דער, אומאָפּהענגיג, ניט נויטיגענדיג זיך אין קיינעם און אין

האלט אין וואשען; דער זעלבער דוואָרניק, אין דעם זעלבען שופען־פעלצעל ווארט רואיג אויף זיין סוף אין זיין ווינקעל. פארביי דעם פלויט אין דער פרי און אין מיטאָג צייט שלייכט זיך ווידער פארביי די פיגור פון דעם ברודער, מיט א גרויסען פאקעט אונטער דעם אָרעם, מיט גומענע קאלאָשען סיי ווינ־טער און סיי זומער.

וואָס האָט פּאסירט מיט אָבלאָמאָוו׳ן? וואו איז ער? וואו? — אויף דעם נאָענטסטען בית עולם אונטער א באשיי־דענעם שטיין רוט זיין קערפּער. די בעז צווייגען, וואָס זיינען פארפלאנצט געוואָרען פון א פריינדליכער האנט, דרימלען אי־בער׳ן קבר, און רואיג שמעקט די ווערמוט. עס דאכט, אז דער מלאך פון שטילקייט אליין היט אָפּ זיין שלאָף.

ווי שארף עס האָט ניט אכטונג געגעבען אויף יעדער רגע פון זיין לעבען דאָס אויג פון זיין ליבענדער פרוי, אָבער די שטענדיגע רו, די שטענדיגע שטילקייט, דאָס פוילע קריכען פון איין טאָג אין דעם צווייטען, האָט שטילערהייט אָפּגעשטעלט די מאשין פון לעבען. איליא איליטש איז געשטאָרבען, ווי עס זעט אויס, אָן פּיין, אָן ליידען, ווי עס שטעלט זיך אָפּ א זייגער, וועלכען מען האָט פארגעסען אָנצודרעהען.

קיינער האָט ניט געזען זיינע לעצטע מינוטען, ניט געהערט זיין לעצטען קרעכץ. אין א יאָר ארום האָט זיך ווידערהאָלט א פאל פון אפּאָפּלעקציע, און איז ווידער אָן פּאָלגען פאָראי־בער: בלויז איליא איליטש איז געוואָרען בלייכער, שוואך, האָט ווייניג געגעסען, האָט זעלטענער גענומען ארויסגעהן אין סע־דעל, און ער איז געוואָרען שוויינענדיגער, פארטראכטער, צייט־טענווייז האָט ער אפילו געוויינט. ער האָט פאָראויסגעפילט דעם נאָענטען טויט און האָט זיך געשראָקען פאר אים.

איינינע מאָל איז ער געפאלען אין חלשות און עס איז אי־בערגעגאנגען. איינמאָל אין א פרימאָרגען האָט אגאפיא מאט־וועיעווגא, ווי געוועהנליך, אים געבראכט קאָפע און אים גע־טראָפען — א טויטען, אָבער פונקט אזוי מילד, ווי ווען ער וואָלט

.10

עס זיינען פאַראיבער פינף יאָר. פילעס האָט זיך איבער־געביטען אויך אין וויבורגער קוואַרטאַל: די לערע גאַס, וואָס האָט געפירט צו פּשעניצינאַ׳ס הויז, איז פאַרבויט געוואָרען מיט זומער־וואוינונגען, צווישען וועלכע עס האָט ארויסגעקוקט א לאַנגע, שטיינערנע רעגירונגס־געביידע, וואָס האָט געשטערט די זון־שטראַלען פרעהליך אריינצושטראַלען אין די פענסטער פון דעם פרידליכען געצעלט פון פוילקייט און רו.

און דאָס הייזעל אליין איז א ביסעל פאַרעלטערט געוואָרען, האָט אויסגעזעהן נאַכלעסיג, שמוציג, ווי עס זעהט אויס א מענש וואָס האָט זיך ניט געוואַשען און ניט ראזירט. די פאַרב איז אָפּגעקראָכען, די וואַסער־רינעס זיינען ערטערווייז געווען צובראָכען: דערפון האָבען זיך אויפ׳ן הויף גענומען גאַנצע לוזשעס קויט, איבער וועלכע, ווי אין די פריערדיגע יאָרען, איז געווען איבערגעוואָרפען א שמאָלע ברעט. ווען אימיצער איז אריינגעקומען אין הויף, האָט דער הונט זיך שוין ניט געריסען מער פון דער קייט, נאָר האָט הייזעריג און פויל געבולען, ניט ארויסקריכענדיג פון זיין נאָרע.

און וואָס פאר אן ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אינווייניג פון הויז! דאָרט הערשט א פרעמדע פרוי, עס שפּילען זיך ניט די פריערדיגע קינדער. פון צייט צו צייט באווייזט זיך דאָרט ווידער דאָס רויטע, שכור׳ע פּנים טאַראַנטיעוו׳ס, און מען זעט מער ניט דעם מילדען, רואיגען אַלעקסעיעוו. מען זעט ניט ניט זאכאר׳ן און ניט אניסיא׳ן: א נייע פעטע קעכין באַ־לעבאַטעוועט אין דער קיך, ניט ווילענדיג און גראָב פילט זי אויס די באפעלען פון אגאפיא מאטוועיעוונאַ׳ן, און די זעלבע אַקו־לינאַ, מיט׳ן זוים פון קלייד פארשטעקט אונטער דעם גאַרטעל,

געהענדיג איבער'ן הויף שטאַלץ געטראַכט מיט טרויער. „פאַר־לאָרען ביסטו, איליא: עס איז ארויסגעוואָרפען דיר צו דער־צעהלען, אַז דיין אַבלאַמאָווקע איז שוין ניט מער ערגעץ אין א מדבר, אַז עס איז שוין געקומען איר ריי, אַז עס זיינען שוין אויף איר געפאַלען די שטראַלען פו דער זון! עס עפענען זיך שולען... ניין, דו וועסט זיך דערשרעקען פאַר'ן מאָרגענשטער־רען פון דעם נייעם גליק. אָבער דיין אנדרעי'ען וועל איך פירען, וואו דו האָסט ניט געקענט געהן... און מיט אים וועלטי מיר פארווירקליכען אונזערע יוגענט חלומות" — זיי געזונט, אַלטע אַבלאַמאָווקע! — האָט ער געזאָגט, אומקוקענדיג זיך צום לעצטען מאָל אויף די פענסטערלעך פון קליינעם הייזעל. — דו האָסט אָפּגעלעבט דיין צייט!

— וואָס הערט זיך דאָרט? — האָט אָלגא געפרעגט מיט א שטאַרק קלאַפּענדיג האַרץ.

— גאָרניט! — האָט טרוקען און אָפּגעריסען שטאָלץ געענט־פערט.

— ער לעבט, איז געזונט?

— יאָ, — האָט ניט ווילענדיג זיך אָפּגערופען שטאָלץ.

— פאַרוואָס האָסטו זיך אזוי גיך אומגעקעהרט? פאַר־וואָס האָסטו אים ניט ארויסגעבראַכט? לאָז מיך אהין!

— מען קען ניט!

— וואָס האָט דאָרט פּאַסירט? — האָט אָלגא מיט שרעק געפרעגט, — וועסטו מיר שוין אמאָל זאָגען?

ער האָט געשוויגען.

— זאָג שוין, וואָס איז פּאָרט דאָרט פאָרגעקומען?

— אַבלאַמאָווזם! — האָט שטאָלץ טרויעריג געענטפערט און אויף אָלגא'ס אַלע איבעריגע פראַגען האָט ער ניט געענט־פערט און דורך דעם גאַנצען וועג האָט ער אָנגעהאַלטען זיין פינסטער שווייגען.

— אַ ווייב! — האָט אָבלאָמאָוו רואיג אַרויסגערעדט. שטאָלץ איז פאַרגליווערט געוואָרען.

— און דאָס דאָזיגע קינד — איז מיין זון. אים רופט מען אַנדרעי, אַלץ אָנדענק פון דיר! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט מיטאַמאָל און רואיג אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אַרונטערנעמענדיג פון זיך דעם יאָך פון אָפנהערציגקייט.

איצט האָט זיך שטאָלץ'ס פּנים פאַרענדערט און ער האָט גענומען קוקען אַרום זיך מיט ערשטוינטע, כמעט וואַנזיניגע אויגען. פאַר אים האָט זיך אַזוי ווי מיטאַמאָל פאַנאַנדערגע־שפּרייט אַ תהום, און אָבלאָמאָוו איז אַזוי ווי ניט געוואָרען, איז אַזוי ווי פאַרשוואונדען פון זיינע אויגען, און ער האָט דערפילט יענעם גליהענדען טרויער, וואָס עס פילט אַ מענש, וואָס נאָך יאָרען פון צושיידט זיין, איילט זיך אָן אויפגערעגטער צו זען זיין פריינד, און ווערט גאָר געוואָר, אַז ער איז שוין לאַנג ניטאָ, אַז ער איז שוין לאַנג טויט.

— ער איז פאַרלאָרען! — האָט ער מעכאַניש אַ מורמעל געטאָן. — וואָס וועל איך זאָגען אָלגאַ'ן?

אָבלאָמאָוו האָט דערהערט די לעצטע ווערטער, האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר ער האָט ניט געקענט. ער האָט אויסגע־שטרעקט צו אַנדרעי'עןביידע הענט און זיי האָבען זיך שוויי־גענדיג אַרומגענומען שטאַרק, ווי מען נעמט זיך אַרום פאַר אַ שלאַכט, פאַר'ן טויט. די דאָזיגע אומאַרמונג האָט דערשטיקט זייערע ווערטער, טרערען, געפילען...

— פאַרגעס ניט דיין אַנדרעיע'ן! — זיינען געווען אָבלאָ־מאָוו'ס לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט מיט אַ דומפּער שטימע.

שווייגענדיג, פּאַמעליך איז שטאָלץ אַרויסגעגאַנגען פון צימער, לאַנגזאַם, שווייגענדיג און פאַרטראַכט איז ער דורכגע־גאַנגען דורך דעם הויף און געזעצט זיך אין קארעט, און אָב־לאָמאָוו האָט זיך געזעצט אויף דער סאָפאַ, אָנגעשפּאַרט זיך מיט די עלענבויגענס אָן טיש און פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט.

„ניין, איך וועל ניט פאַרגעסען דיין אַנדרעי'ען", האָט

ווייסטו ווער עס ווארט דאָ אויף אונז ביים טויער, אין קארעט...
איך וועל זי ארײַנרופען אהער!

— אָלגאַ! — האָט זיך מיטאמאָל ארויסגעריסען ביי דעם דערשראָקענעם אָבלאָמאָװ'ן. זיין געזיכט האָט זיך אזש געענדערט. — ווי גאָט איז דיר ליב, לאָז איר דאָ ניט אריין, פאָר אוועק! אדיע, אדיע, ווי גאָט איז דיר ליב!

ער האָט כמעט אזוי ווי ארויסגעשטויסען שטאָלץ'ן, אָבער שטאָלץ האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— איך קאָן צו איר ניט ארויסגעהן אָן דיר: איך האָב איר געגעבען מיין וואָרט, הערסט, איליא? אויב ניט היינט, איז עס מאָרגען, דו פארלענגערסט נאָר, אבער דו וועסט ניט קענען מיך אוועקטרייבען... מאָרגען, איבערמאָרגען, אָבער מיר וועלען זיך פאָרט זען!

אָבלאָמאָוו האָט געשוויגען מיט אָן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ און ער האָט ניט געוואגט א קוק צו טאָן אויף שטאָלץ'ן.

— ווען פאָרט? אָלגאַ וועט דאָך מיך פרעגען.

— אַך, אנדרעי, — האָט ער געזאָגט מיט א צערטליכער, בעטענדיגער שטימע, ארומנעמענדיג אים און לייגענדיג זיין קאָפּ אויף שטאָלץ'ס אקסעל. — לאָז מיך אָפּ אין גאנצען... פארגעס אָן מיר אויף שטענדיג...

— וואָס הייסט אויף שטענדיג? — האָט שטאָלץ אים געפרעגט מיט פארוואונדערונג, באפרייענדיג זיך פון זיינע אָרעמס און קוקענדיג אים גלייך אין די אויגען.

— יאָ, — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגעמורמעלט.

שטאָלץ איז אָפּגעטראָטען פון אים אויף א טראָט.

— רעדסטו עס, איליא? — האָט ער אים פאָרגעוואָרפען.

— דו פארשטויסט מיך, און דאָס אַלץ פאר איר, פאר אָט דער פרוי!... גאָט מיינער! — האָט ער כמעט א געשריי געטאָן ווי פון א פּלוצליכען פיין. — דאָס דאָזיגע, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזען... איליא, איליא! אנטלויף פון דאַנען, קום פון דאַנען וואָס גיכער! אָ, ווי דו ביסט געזונקען! אָט יענע פרוי... וואָס איז זי דיר...

זייניגע שטרענג, כמעט באפעלענדיג. — וואו נעפינסטו זיך? וואס איז מיט דיר געװארען? בארעכען זיך! האסטו זיך דען געגרייט צו אט אזא לעבען, כדי צו שלאפען ווי א מויל־ווארף אין זיין נארע? דו דערמאן זיך אלץ...

— דו דערמאן ניט, וועק ניט אויף דאס פארגאנגענע: וועסט עס ניט אומקערען! — האט אבלאמאװ גערעדט; זיין פנים האט אויסגעדריקט געדאנק און דעם פולען באוואוסטזיין פון זיין פארשטאנד און ווילען. — וואס ווילסטו מאכען מיט מיר? מיט דער וועלט, אין וועלכער דו שלעפסט מיך, האב איך זיך שוין פון לאנג געזעגענט אויף אייביג: דו וועסט ניט זיין אין שטאנד צוזאמענצולייטען די צוויי העלפטען. איך בין צוגעוואקסען געווארען צו דעם אפגרונד אזוי, אז אויב דו וועסט מיך ווערען אפרייסען, וועל איך שטארבען.

— אבער דו קוק זיך ארום, וואו און מיט וועמען דו ביסט!

— איך ווייס, איך פיל... אך, אנדרעי, איך פיל אלץ, איך פארשטעה אלץ: מיר איז שוין לאנג פיינליך צו לעבען אויף דער וועלט! אבער איך קען ניט געהן אויף דיין וועג, ווען איך זאל עס אפילו ווילען... מעגליך, אז דאס לעצטע מאל איז עס געוועזען נאך מעגליך. אבער איצט... (ער האט ארונטערגעלאזען די אויגען און געשוויגען א ווײלע) איצט איז שוין שפעט... געה דיר און שטעל זיך ניט אפ אויף מיר. גאט איז מיין עדות, אז איך בין ווערט דיין פריינדשאפט, אבער איך בין ניט ווערט דיינע דאגות.

— ניין, איליא, עפעס רעדסטו און דו דעררעדסט ניט. אבער איך וועל דיך פארט אוועקפירען פון דאנען, ווייל איך פארדעכטיג... הער זיך איין, — האט ער געזאגט, — ווארף אויף זיך עפעס ארויף און קום צו מיר, זיי מיט מיר דעם אווענד. איך האב דיר א סך צו דערצעהלען, דו ווייסט ניט, וואס עס האט איצט אויפגעשטורעמט ביי אונז, דו האסט ניט געהערט?...

פרעגענדיג האט אבלאמאװ געקוקט אויף אים.

— איך האב גאר פארגעסען, אז דו זעסט זיך ניט מיט קיין מענשען: קום און איך וועל דיר אלץ דערצעהלען...

איך און אַלגאַ באַשלאָסען און אַזוי מוז עס זיין. געלויבט איז נאָט, וואָס איך האָב דיך אָנגעטראָפען אין אַזאַ און ניט אין קיין ערגערן צושטאַנד. איך האָב ניט געהאָפט... קום, לאָמיר פאָרען!... איך בין גרייט אפילו געוואָלט אָנצואָווענדען כדי דיך פון דאַנען ארויסצופירען! מען דאַרף לעבען אַנדעריש, דו פאַרשטעהסט דאָך ווי...

אַבלאָמאָוו האָט זיך מיט אומגעדולד אייננעהערט צו אָט דער טיראַדע.

— איך בעט דיך, שריי ניט, רעד שטילער! — האָט ער זיך נעבעטען. — דאָרט קאָן מען נאָך...

— וואָס דאָרט?

— דערהערען... די באַלעבאָסטע קען מיינען, אַז איך וויל אויף אַן אמת פאָרען...

— איז וואָס? זאָל זי מיינען.

— ווי איז דאָס מעגליך! — האָט אַבלאָמאָוו אים איבערגעשלאָגען. — הער זיך איין, אַנדרעי, — האָט ער מיטאַמאָל צוגעלייגט מיט אַן ענטשלאָסענעם, אומגעוועהנליכען קול, — מאַך ניט קיין אומזיסטע פאַרזוכען, פרואוו מיך ניט איינצורעדען: איך בלייב דאָ!

שטאָלץ האָט מיט פאַרוואונדערונג געקוקט אויף זיין פריינד. רואיג און אַנטשלאָסען האָט אַבלאָמאָוו געקוקט אויף אים.

— דו ביסט פאַרלאָרען, איליא! — האָט ער געזאָגט. — אָט דאָס הויז, אָט יענע פרוי... אָט די גאַנצע אומגעבונג... עס איז אוממעגליך: לאָמיר פאָרען, פאָרען!

ער האָט אים כאַפּ געטאָן פאַר'ן אַרבעל און געוואָלט שלעפּען צו דער טיר.

— פאַרוואָס ווילסטו מיך אַוועקשלעפען פון דאַנען? און וואוהין? — האָט אַבלאָמאָוו גערעדט, איינשפּאַרענדיג זיך.

—ארויס פון דעם אָפּגרונט, פון דעם דאָזיגען קויט ארויס, ארויס צום ליכט, צו רוים, וואו עס איז געזונט, וואו עס איז דאָ אַ נאָרמאַל לעבען! — איז שטאָלץ באַשטאַנען אויף דאָס

— וואָס קאָן איך דיר זאָגען, אנדרעי! דו קאָנסט דאָך מיר גוט און פרעג ניט מער! — האָט אָבלאָמאָוו מיט טרויער ארויסגערעדט.

— און ביסט נאָך אלץ דאָ, אלץ אין דער זעלבער דירה?

— האָט שטאָלץ געזאָגט, ארומקוקענדיג זיך. — און זיך אלץ ניט ארויסגעקליבען?

— יאָ, איך בין אלץ דאָ... איצט טראכט איך שוין ניט מער וועגען איבערקלייבען זיך!

— שוין באשלאָסען, אז דו פאָרסט ניט קיין אָבלאָמאָווקע?

— יאָ, אנדרעי, עס איז א באשלאָסענע זאך.

אנדרעי האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן אויף אים, האָט זיך פארטראכט און גענומען געהן הין און צוריק איבער'ן צימער.

— און אָלגא סערגעיעווגא? איז זי געזונט? וואו איז זי? געדענקט זי נאָך?...

ער האָט ניט דערערעדט.

— זי איז געזונט און געדענקט דיך, פונקט אזוי ווי איר וואָלט זיך ערשט נעכטען געזען. איך וועל דיר באלד זאָגען, וואו זי איז.

— און די קינדער?

— די קינדער זיינען געזונט... אָבער זאָג נאָר מיר, איליא, דו שפּאסט דאך, וואָס דו זאָגסט, אז דו בלייבסט שוין דאָ? און איך בין אהער געקומען כדי דיך מיטצונעמען מיט זיך צו אונז אין דאָרף אריין...

— ניין, ניין! — האָט מיט א שטילערער שטימע און קוקענדיג אויף דער טיר ארויסגערעדט אָבלאָמאָוו, ווי עס ווייזט אויס, אַן אויפגערעגטער. — ניין, איך בעט דיך, טראכט ניט וועגן דעם, רעד ניט וועגען דעם...

— פאר וואָס עפּעס? וואָס האָט מיט דיר פּאסירט? — האָט שטאָלץ אָנגעהויבען רעדען. — דו קענסט דאָך מיך: איך האָב שוין לאנג אויף זיך גענומען די אויפגאַבע און וועל נים אָפּטרעטען, ביז איך וועל זי ניט דורכפירען. ביז איצט בין איך געווען פארנומען מיט פארשידענע געשעפטען, אָבער איצט ביז איך פריי. דו מוזט לעבען מיט אונז, לעבען אונז: אזוי האָב

נענדיג און אומבאוועגליך, קוקענדיג איינער אויפ׳ן צווייטען זיי־
נען אין צימער געבליבען אבלאמאוו און שטאלץ. שטאלץ האט
אים אזוי ווי דורכגעשטאכען מיט די אויגען.

— ביסטו עס, אנדרעי? — האט אים אבלאמאוו געפרעגט
קוים הערבאר פאר אויפרעגונג, ווי עס קאן פרעגען בלויז א גע־
ליבטער זיין געליבטע נאך א לאנגער צושיידונג.

— יא, דאס בין איך, — האט שטאלץ שטיל ארויסגערעדט.

— דו לעבסט? ביסט געזונט?

אבלאמאוו האט אים ארומגענומען און פעסט זיך צוגע־
דריקט צו אים.

— אך, — האט ער אלס ענטפער ארויסגערעדט, ציענדיג
דאס ווארט, ארייגלעגענדיג אין דעם אך די גאנצע קראפט פון
דעם טרויער און פרייד, וואס איז געווען פארבארגען אין זיין
הארץ, און וואס האט זיך קיינמאל, פון דער צייט, וואס זיי האָ־
בען זיך צושיידט, ניט אויסגעגאסען אויף קיינעם און פאר
קיינעם.

זיי האבען זיך געזעצט און ווידער האבען זיי אויפמערקזאם
געקוקט איינער אויפ׳ן צווייטען.

— ביסטו געזונט? — האט אנדרעי געפרעגט.

— איצט יא, א דאנקען גאט.

— ביסטו דען געווען קראנק?

— יא, אנדרעי, געהאט א פאל פון אפאפלעקציע...

— וואס רעדסטו? גאט מיינער! — האט אנדרעי ארויס־
גערעדט מיט שרעק און מיטגעפיל. — אבער אן פאלגען?

— יא בלויז מיט דעם לינקען פוס קאן איך ניט פריי באַ־
וועגען... — האט אבלאמאוו געענטפערט.

— אך, איליא, איליא! וואס איז דאס מיט דיר געווארען?
וואס האסטו געטאן פאר דער גאנצער צייט? א קלייניגקייט
עפעס, עס איז דאך שוין דאס פינפטע יאר, ווי מיר האבען זיך
ניט געזען!

אבלאמאוו האט א זיפץ געטאן.

— פאר וואס ביסטו ניט געפארען קיין אבלאמאווקע?
פאר וואס האסטו ניט געשריבען?

און עס שטעהט פאר אים אויף א גרויסער, דונקעלער, מיט א חלב ליכטעל באלויכטענער זאל אין זיינע עלטערענס הויז. זיין פארשטארבענע מוטער און אירע געסט זיצען ארום דעם רונדען טיש און שווייגענדיג שטיקען זיי עפעס אויס; א שווייגענדיגער געהט דער פאטער ארום. דאס געגענווערטיגע און דאס פארגאנגענע האט זיך צוזאמענגעגאסען און צוזאמענגעמישט.

און עס חלומ'ט זיך אים, אז ער האט דערגרייכט דאס פארשפראכענע לאנד, וואו עס פליסט האניג און מילך, וואו מען עסט ברויט, אויף וועלכען מען האט ניט געדארפט ארבייטען, און מען איז אנגעטאן אין גאלד און אין זילבער.

און ער הערט דעם קלאנג פון טעלער, דאס קלימפעריי פון מעסער, ער טוליעט זיך צו דער אם, הערט זיך איין צו איר אלטען, ציטערדיגען קול.

— מילטריסא קירביטיעוונא! — זאגט זי אים, אנווייזענדיג אויפ'ן בילד פון דער באלעבאסטע.

און עס דאכט זיך אים, אז דאס זעלבע וואלקענדעל, וואס איז דאמאלט געשוואומען אויפ'ן בלויען הימעל, שווימט אויך איצט, אז דאס זעלבע ווינטעל בלאזט אין פענסטער און שפילט זיך מיט זיינע האר; אז דער גרויסער האן פון אבלאמאווקע געהט הינטער דעם פענסטער און קרעהט.

אט האט א הונט גענומען בילען: מסתמא איז עמיץ צו גאסט געקומען. איז ניט אפשר אנדרעי געקומען מיט זיין פאטער פון ווערכליעוו? דאס וואלט פאר אים געווען א יום טוב. עס דאכט זיך, אז דאס איז ער אויף אן אמת: טריט הערען זיך אלץ נעהענטער, נעהענטער, עס עפענט זיך די טיר... — „אנדרעי!" רעדט ער ארוים. און אין אמת'ן שטעהט פאר אים אנדרעי, אבער ניט אלס אינגעל, נאר שוין אלס דערוואקסענער מאן.

אבלאמאוו האט זיך אויפגעכאפט: פאר אים איז אויף דער וואר, ניט אין גאלוצינאציע, געשטאנען שטאלץ.

די באלעבאסטע האט אויף שנעל א כאפ געטאן דאס קינד, ארונטערגעכאפט איר ארבייט פון טיש, האט ארויסגעפירט די קינדער; עס איז פארשוואונדען געווארען אלעקסעיעוו. שוויי־

ניט אַ קלאַפּ געטאָן אין הויף דאָס טירעל פון פּלויט, דאָס הייסט, צי דער דוואָרניק איז ניט אַוועק אין שענק.

אָבלאָמאָוו איז פאַרזונקען אין אַ שווייגען און אין אַ פאַרטראַכטקייט. די דאָזיגע פאַרטראַכטקייט איז ניט געווען ניט קיין חלום און ניט קיין וואַכען: ער האָט געלאָזען די געדאַנקען זיינע בלאָנקען אַרום אויף דער פריי, ניט קאָנצענטרירענדיג זיי אויף גאָר ניט, ער האָט זיך רואיג איינגעהערט צום קלאַפּען פון זיין האַרץ און צייטענווייז האָט ער גלייכמעסיג געבלינצעלט מיט די אויגען, ווי אַ מענש וואָס האַלט אויף קיין זאַך ניט געווענדט זיין בליק. ער איז אַריינגעפאַלען אין אַן אומבאַשטימטען, געהיימניספולען צושטאַנד, אין אַ מין אַרט גאַלוצינאַציע.

עס טרעפט אָפּט, אַז אויף אַ מענשען פאַלען אָן אַזוינע זעלטענע און קורצע רגע'ס, ווען אים דאַכט זיך, אַז ער לעבט איבער אַ מאָמענט, וואָס ער האָט ערגעץ וואו און אַמאָל איבערגעלעבט. צי ער האָט אין חלום דאָס געזען אַמאָל, צי ער האָט עס אויף אַן אמת אַמאָל איבערגעלעבט און ער האָט פאַרגעסען, אָבער ער זעט: די זעלבע פּנים'ער, וואָס דאַמאָלט, זיצען איצט, די זעלבע ווערטער זיינען שוין אַמאָל גערעדט געוואָרען: די איינבילדונג איז אוממעכטיג אים ווידער אַריבערצוברענגען אַהין, דער זכרון לעבט ניט אויף דאָס פאַרגאַנגענע און שלעפּט אויף דיר אַרויף אַ פאַרטראַכטקייט.

דאָס האָט איצט פּאַסירט מיט אָבלאָמאָוו'ן. ער געפינט זיך אין עפּעס אַ שטילקייט, וואָס איז ערגעץ וואו אַמאָל געווען, עס וויגט זיך אַ באַקאַנטער אומרו, עס הערט זיך דער קנאַל פון אַן אָפּגעבּיסענעם פאָדעם; עס ווידערהאָלען זיך באַקאַנטע ווערטער און געמורמעל.

— איך קאָן עפּעס אין קיין פאַל ניט דורכציען דעם פאָדעם דורך דער נאָדעל, פּרוביר דו, מאשא, דו האָסט שאַרפערע אויגען.

און פויל, מעכאַניש, אַזוי ווי אין שלומער קוקט ער אויף דער באַלעבאָסטעס געזיכט, און פון דער טיפעניש פון זיין זכרון ערוואַכט אַ באַקאַנט בילד, וואָס ער האָט ערגעץ וואו אַמאָל געזען. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען, וואו ער האָט עס אַמאָל געהערט...

זאָגט, אויפהויבענדיג די נאָז צום באַלקען און וועלענדיג זיך דערמאָנען.

— און מיט וועמען וועט דאָס זיין מלחמה?

— מיט אַ טערקישען פּאַשאַ, דאַכט זיך מיר.

— וואָס הערט זיך נאָך עפּעס נייעס אין דער פּאָליטיק?

— האָט, שווייגענדיג אַ ווײַלע, אָבלאָמאָל ווייטער געפרעגט.

— מען שרייבט אויך, אַז דער ערד־קוגעל קילט זיך אַלץ מער אָפּ: וועט אונז אַמאָל אין גאַנצען פאַרפרירען.

— אָט האָסטו דיר! איז דאָס אויך פּאָליטיק? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

אַלעקסעיעוו איז פאַרציטערט געוואָרען.

— דמיטרי אַלעקסעיאיטש האָט אין אָנפאַנג דערמאָנט די פּאָליטיק, — האָט ער זיך פאַרטיידיגט, — און דערנאָך האָט מען אַלץ געהאַלטען אין איין לעזען און זיי האָבען ניט געזאָגט, וואו זי האָט זיך געענדיגט. איך ווייס, אַז מען האָט שוין דאָרט גע־רעדט אפילו וועגען ליטעראַטור.

— וואָס האָט ער דאָרט געלעזען וועגען ליטעראַטור? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— ער האָט געלעזען, אַז די בעסטע פּראָפעסער זיינען דמיטריעוו, קאַראַמזין, באַטיושקאָוו און זשוקאָווסקי...

— און פּושקין?

— פּושקין איז ניט דערמאָנט געוואָרען. איך האָב דאַ־מאָלט אויך אַ טראַכט געטאָן, פאַר וואָס איז ער עפּעס ניטאָ? ער איז דאָך אַ כעניע! — האָט אַלעקסעיעוו געזאָגט, ארויס־רעדענדיג דעם ג ווי אַ כ.

עס איז געוואָרען שטיל. די באַלעבאָסטע האָט געבראַכט איר הויז ארבייט און גענומען פירען מיט דער נאָדעל היין און צוריק, אַ קוק טוענדיג פון צייט צו צייט אַמאָל אויף אַלעקסעי־יעוו'ן, אַמאָל אויף איליאַ איליטש'ן און איינהערענדיג זיך מיט אירע וואַכעדיגע אויערען צי עס קומט ניט ערגעץ פאַר עפּעס אַן אומאָרדנונג, אַ טומעל, צי עס זידלען זיך ניט אין דער קיך אַגי־פיאַ מיט זאַכאַר'ן, צי אַקולינאַ וואַשט דאָס געשיר, צי ער האָט

האט צוגעפויזעט צו אים, דערגרייכט זיין פנים און אים אנ־געכאפט פאר דער נאז.

— א! וואס איז דאס אזוינס? ווער איז דאס? — האט געדעדט איליא איליטש, אויפכאפענדיג זיך.

— איר האט איינגעדרימעלט, און וואניושא איז ארויפ־געקראכען און אייך אויפגעוועקט, — האט פריינדליך ארויס־גערעדט די באלעבאסטע.

— ווען האב איך איינגעדרימעלט? — האט זיך אב־לאמאוו פארטיידיגט, ארייננעמענדיג אנדריושא'ן אין זיינע ארעמס. — איך האב געהערט ווי ער האט מיט די הענטלאך געקלעטערט צו מיר! איך הער אלץ! אך, דו יונגאטש, פאר דער נאז מיך אנגעכאפט! אט וועל איך דיר געבען! אט װארט, װארט נאך א ווײלע! — האט ער געזאגט, צערטלענ־דיג דאס קינד. דערנאך האט ער אים ארונטערגעלאזען אויפ'ן דיל און זיך צוזיפצט איבער'ן גאנצען צימער. — דערצעהלט עפעס, איוואן אלעקסעיאיטש! — האט ער געזאגט.

— שוין אלץ דערצעהלט, ניטא וואס מער צו דערצעהלען, — האט אלעקסעיעוו געענטפערט.

— וואס הייסט ניטא? איר קומט דאך צווישען מענ־שען: הערט זיך גאר קיין נייעס ניט? און איר לעזט דאך...

— יא, אמאל לעז איך, אדער אנדערע לעזען, דערצעה־לען און איך הער זיך איין. אט האט נעכטען ביי אלעקסעי ספירידאניטש'ן, דער זון, דער סטודענט, געלעזען אויפ'ן קול...

— וואס האט ער געלעזען?

— וועגען די ענגלענדער געלעזען, אז זיי האבען עמיצען ערגעץ וואו געבראכט ביקסען און קוילען. אלעקסעי ספירידא־ניטש האט געזאגט, אז עס וועט זיין מלחמה.

— וועמען האבען זיי דאס געבראכט?

— קיין שפאניען אדער אינדיען — איך געדענק ניט גע־נוי, — אבער דער געזאנדטער איז זעהר אומצופרידען געוועזען.

— וועלכער געזאנדטער? — האט אבלאמאוו געפרעגט.

— דאס איז מיר ארויס פון זינען! האט אלעקסעיעוו גע־

קיסעל, דערפאַר האָט אים געדאַרפט ליב האָבען און טרינקען אַלעקסעיעוו, וואָס איז מיט אַלין איינפאַרשטאַנען געוועזן.

נאָך דעם עסען האָט קיינער און קיין שום זאַך ניט געקאָנט אָפּרייסען אָבלאָמאָוו׳ן פון ליגען אויף דער סאָפאַ. געוועהנליך האָט ער זיך גלייך אַוועקגעלייגט אויף אַ זייט און איז אַזוי אָפּ־געלעגען אַ שעה צייט. כדי ער זאָל ניט איינשלאָפען, האָט די באַלעבאָסטע טאַקע דאָ אויף דער סאָפאַ אָנגעגאָסען די קאָ־פּע, די קינדער האָבען זיך דאָ אויפ׳ן טעפּיך געשפּילט, און איליא איליטש האָט ווילענדיג ניט־ווילענדיג געמוזט נעמען אַן אַנטייל.

— זאָל שוין זיין גענוג צו רייצען אַנדריושאַ׳ן: ער וועט זיך נאָך צואווייגען! — האָט ער פאָרגעוואָרפען וואַניאַ׳ן, ווען ער האָט זיך גערייצט מיט׳ן קינד.

— מאַשאַ, קוק, דאָס קינד וועט זיך נאָך צוקלאַפּען אָן אַ שטול! — האָט ער באַזאָרגט אַרויסגערעדט, ווען דאָס קינד איז אַרונטערגעקראָכען אונטער אַ שטול.

און מאַשאַ האָט זיך געלאָזען כאַפּען „דאָס ברודער׳ס", ווי זי האָט אים גערופען.

אַלין איז שטיל געוואָרען אויף אַ מינוט, די באַלעבאָסטע איז אַרויס אין קיך געוואָר צו ווערען, צי עס איז פאַרטיג די קאָפּע. די קינדער זיינען רואיגער געוואָרען. אין צימער האָט זיך דערהערט אַ שנאָרכען, אין אָנפאַנג שטיל, היימליך, דערנאָך שטאַרקער, און ווען אגאַפיא מאַטוועיעוונאַ איז צוריק־געקומען מיט דער דאַמפּענדער קאָפּע, איז זי איבעררא־שט גע־וואָרען פון אַ שנאָרכען, ווי עס וואָלט געווען אַ באַלעגאָלישע דירה.

מיט פאָרוואורף האָט זי אַ שאָקעל געטאָן אַלעקסעיעוו׳ן דעם קאָפּ.

— איך האָב איהם געוועקט, עס האָט אָבער ניט געהאָל־פען, — האָט אַלעקסעיעוו געזאָגט אין זיין פאַרטיידיגונג.

זי האָט שנעל אַוועקגעשטעלט דאָס קאַוועקריגעל אויפ׳ן טיש, זי האָט אַ כאַפּ געטאָן פון דיל אַנדריושאַ׳ן און אים שטיל אַוועקגעזעצט צו איליא איליטש׳ן אויף דער סאָפאַ. דאָס קינד

איז נאָך ניט פאַרטיג! — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט און פאַרקלאַפּט פאַר זיי די טיר.

און ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט אָבלאָמאָוו איבערגעצעהלט נאָך אַכט מאָל און דערנאָך זיינען זיי אריין אין הויז.

און אין דעם צימער האָט אויף דעם גרויסען רונדען טיש געלאָזען פון זיך א דאַמף די פּיש־סופּ. אָבלאָמאָוו האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט, לעבען אים צו דער רעכטער זייט איז געזעסען אַגאַפיאַ מאַטוויעוונא, צו דער לינקער זייט אויף א קליין קינדיש שטולכעל איז געזעסען עפּעס א קינד פון א יאָר דריי. נאָך דעם קינד איז געזעסען מאַשאַ, וואָס איז שוין געווען א דרייצען יעריג מיידעל, ווייטער איז געזעסען וואַניאַ און אין דעם טאָג איז אַלעקסעיעוו געזעסען קעגענאיבער אָבלאָמאָוו'ן.

— אָט וועל איך צולייגען נאָך א קניש, זעט וואָס פאַר א פיינער! — האָט אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ געזאָגט, אוועקלייגענדיג אויף אָבלאָמאָוו'ס טעלער א קניש.

— עס וואָלט גוט געווען, ווען מען זאָל דערצו האָבען א פּיראָג, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— פאַרגעסען, אין גאַנצען אָן דעם פאַרגעסען! איך האָב נאָך פון נעכטען דערפון געטראַכט, אָבער עס איז מיר אין גאַנצען ארויס פון זכרון! — האָט זיך אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ ארויסגעדרעהט. — און אייך, איוואַן אַלעקסעיאיטש, האָב איך פאַרגעסען אָנגרייטען קרויט צו די קאָטלעטען — האָט זי צוגעלייגט, ווענדענדיג זיך צו אַלעקסעיעוו'ן.

— עס מאַכט ניט, איך קאָן אַליין עסען, — האָט אַלעקסעיעוו געענטפערט.

— פאַר וואָס האָסטו אים טאַקע ניט צוגעגרייט שינקען אָדער א ביפשטעקס? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט. — ער האָט דאָך ליב...

— איך בין אליין געגאַנגען אָנקוקען, ניט געווען קיין גוט פלייש! דערפאַר האָב איך געהייסען פאַר אייך מאַכען קיסעל פון קאַרשען סיראָפּ, איך ווייס, אז איר האָט עס ליב, — האָט זי צוגעלייגט, ווענדענדיג זיך צו אַלעקסעיעוו'ן.

איליאַ איליטש'ן איז ניט געווען פאַרבאָטען צו טרינקען

באגלייט מישא אָדער וואניא, אָדער דער אלטער באקאנטער, אלעקסעיעוו, וואָס איז געווען מיט אלץ איינפארשטאנען, קיינמאָל ניט געגענגערעדט.

אָט געהט איליא איליטש איבער'ן שטעגעל, ער איז אָנגעלעהנט אויף וואניא'ס אקסעל. וואניא איז שוין כמעט א איינגלינג, אין א גימנאזיע מונדיר, ער האלט קוים איין זיין גיכען, מוטיגען טראָט, צופאסענדיג זיך צו אילא איליטש'עס גאנג. אָבלאָמאָוו געהט נאָך ניט אין גאנצען פריי מיט איין פוס — א שפור פון דעם פאל.

— קום אריין, וואניושא, אין הויז אריין! — זאָגט אָבלאָמאָוו.

ער האלט שוין אין אריינגעהן אין צימער. אגאפיא מאטוועיעוונא קומט זיי אנטקעגען.

— וואו געהט איר דאָס אזוי פרי? — האָט זי געפרעגט, ניט לאָזענדיג זיי אריינגעהן.

— וואָס הייסט פרי? מיר זיינען שוין זיכער אמאָל צוואנציג געגאנגען הין און צוריק, און פון דאנען ביז דעם פאקראָן איז דאָך א פופציג סאזשען, הייסט עס, אז מיר זיינען געגאנגען א צוויי ווערסט.

— וויפיל מאָל זייט איר דורכגעגאנגען? — האָט זי געפרעגט וואניא'ן.

ער האָט זיך געגומען דרעהען.

— דו לייג ניט, קוק אויף מיר! — האָט זי געזאָגט, דראָהענדיג אים מיט'ן פינגער, — איך וועל באלד זען. געדענק, עס קומט באלד זונטאָג און איך וועל דיך ניט ארויסלאָזען פון הויז.

— ניין, מאמעניו, אויף אן אמת, מיר זיינען אמאָל... צוועלף דורכגעגאנגען.

— אך, דו דרעה־קאָפּ איינער! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט. — דו האָסט געהאלטען אין איין רייסען אקאציען, אבער איך האָב געצעהלט.

— ניין, איהר געהט זיך נאָך א ביסעל איבער, דאָס עסען

# אָבלאָמאָוו

שלעפּט אַלע שפּירטען, אַלע רפואות — אַלין, וואָס זי איז געווען געוועהנט און זי האָט געהערט, אַז מען דאַרף באַנוצען אין אַזאַ פאַל. אפּילו זאַכאַר האָט באַוויזען אין דער צייט שוין אָנצוטאָן איין שטיוועל און אין דעם איינעם שטיוועל איז ער צוזאַמען מיט דעם דאָקטאָר, מיט דער באַלעבאָסטע און אַניסיא'ן ארומגעגאַנגען ארום דעם קראַנקען.

אילאַ איליטש'ן האָט מען געבראַכט צום באַוואוסטזיין, מען האָט געלאָזט בלוט און דערנאָך ערקלערט, אַז דאָס איז געווען אַ פאַל פון אַפּאָפּלעקסיע, און אַז ער דאַרף פירען אַן אַנדער ארט לעבען.

וואָדקאַ, ביר, וויין, קאָפּע, מיט זעלטענע אויסנאַמען, אויכער דעם, פעטע זאַכען זיינען איהם געווען פאַרבאָטען, און אָנשטאָט דעם איז אים פאַרשריבען געוואָרען, אַז ער זאָל אַלע טאָג געהן שפּאַצירען, שלאָפען מיט אַ מאָס און דאָס בלויז ביי נאַכט.

ווען אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ זאָל ניט אַכטונג געבען, וואָלט דאָס אַלין ניט אָפּגעהיט געוואָרען, אָבער זי האָט געקאָנט איינפירען די סיסטעם דערמיט, וואָס זי האָט אונטער איר אונטערגעוואָרפען דאָס גאַנצע הויז און, אַמאָל מיט כיטרעקייט, אַמאָל מיט צערטליכקייט האָט זי אָפּגעצויגען אָבלאָמאָוו'ן פון די פאַרפירערישע אָנפאַלען אויף ביר, פון דעם נאָכמיטאָגדיגען דרימעל, פון אַ פעטע קניש.

ווען ער פלעגט נאָר נעמען איינדרימלען, איז אַזוי ווי פון זיך אין דעם צווייטען צימער אומגעפאַלען אַ שטול, אָדער עס איז מיט אַ גרויסען רויש צוקלאַפּט געוואָרען אַן אַלטער טעלער, און אַז ניט דאָס, האָבען די קינדער גענומען אַזוי רוישען, אַז כאָטש אַנטלויף פון הויז. און אַז אפּילו דאָס האָט ניט נעהאָלפען, האָט זיך דערהערט איר מילדער קול: זי האָט אים נערופען און וועגען עפּעס געפרעגט.

דאָס שטעגעל, וואָס איז געווען אין גאָרטען, האָט מען דערצויגען ביז'ן סאָד און איבער אים האָט איליאַ איליטש געמאַכט אין דער פרי און אין אָוונט אַ צוויי שטונדיגען שפּאַציר. זי איז מיט איהם נעגאַנגען, און האָט זי גראָד ניט נעקאָנט, האָט אים

פערד און געלאָזט זיך מיט א שליטען אין צירק; זיי האָבען אויך אמאָל גענומען א לאָזשע און דאָס גאַנצע הויז האָט אויך ווען ניט איז באַזוכט א טעאטער.

זומער פלעגען זיי ארויספאָרען אויסער'ן שטאָדט. דאָס לעבען איז זיך געפלאָסען רוהיג, מען וואָלט געקאָנט זאגען, אָן וועלכע עס איז פיינליכע ענדערונגען, ווען די קלעפ פון לעבען וואלטען אין גאנצען ניט דערגרייכט אָט די קליינע רואיגע ווינקעלען. אָבער, צום אומגליק, דער גרויסער דונער, וואָס טרייסעלט אויף די בערג, הערט זיך אויך אין דער נאָרע פון דער מויז, אמת, פיל שוואכער, אָבער פאר אָט דער קליינער נאָרע זעהר פילבאר.

איליא איליטש האָט געגעסען מיט אפעטיט און א סך, פונקט ווי אין אָבלאָמאָווקע, איז געגאנגען און געארבייט פויל און ווייניג, אויך פונקט ווי אין אָבלאָמאָווקע. ניט קוקענדיג, וואָס ער איז געוואָרען אלץ עלטער, האָט ער אלץ ווייטער געהאַלטען אין טרינקען ביר, וואָדקא און נאָך לענגער געשלאָפען נאָכ'ן מיטאָג.

און מיט אמאָל האָט זיך דאָס אלץ איבערגעביטען.

איין מאָל, נאָך זיין געוויינליכען טעגליכען אָפרו און דריי־מעל, האָט ער זיך געוואָלט אויפהויבען פון דער סאָפּאַ און ער האָט ניט געקאָנט. ער האָט געוואָלט ארויסרעדען א וואָרט, נאָר די צונג האָט אים ניט געדינט. אין זיין גרויסען שרעק האָט ער בלויז געמאַכט מיט דער האנט, רופענדיג עמיצען צו הילף.

ווען ער וואָלט געלעבט אליין מיט זאכאר'ן, וואלט ער געקאָנט אזוי טעלעגראַפירען מיט דער האנט ביז מאָרגען פרי און, כּלֿ־כּל סוף, שטארבען, פון וואָס מען וואָלט ערשט געוואָר געוואָרען אויפ'ן צווייטען טאָג, נאָר דאָס אויג פון דער באלעבאָסטע האָט געוואַכט איבער אים ווי דאָס אויג פון דער השגחה: איר האַרץ האָט איר געזאָגט, אז איליא איליטש איז עפּעס ניט מיט אלעמען.

און ווען דאָס איז איר נאָר קלאָר געוואָרען, איז שוין אניסיא געלאָפען אויף א דראָזשקע נאָך א דאָקטאָר, און די באַלעבאָסטע האָט זיין קאָפּ ארומגעלייגט מיט אייז, האָט ארויסגע־

# אַבלאַמאָוו

ביי דעם פּלאַטאָן פֿון אָבלאָמאָווקע און זי האָט אים איינגעווינט אין דער מיט פֿון פּראַגען, שמירענגע פּאַרעדונגען פֿון הויב און באַשטימונג! און געבאָרען און דערצויגען איז ער געוואָרען ניט ווי אַ גלאַדיאַטאָר פֿאַר דער אַרענע, נאָר ווי אַ פֿרידליכער באַ־אָבאַכטער פֿון דער מלחמה, און זיין פֿוילע און ציטערדיגע נשמה וואָלט ניט איבערגעטראָגען ניט די זאָרגען פֿון דער פֿרייד און ניט די קלעפּ פֿון דעם לעבען — פֿאָלגליך, האָט ער אויסגעדריקט בלויז איין זייט פֿון לעבען, און דערשלאָגען זיך צו עפּעס אַנ־דערש, האָבען אויף עפּעס חרטה — איז ניט געווען פֿאַר זיינע כוחות.

מיט די יאָרען האָט זיך די חרטה און די אויפרעגונג גע־נומען ווייזען אין אים אַלץ זעלטענער, און שטיל און בסדר האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין אַ פּשוט'ן און ברייטען קבר פֿון זיינע איבערגעבליבענע טעג, אין אַ קבר, וואָס ער האָט געגראָבען מיט זיינע אייגענע הענט.

ער האָט שוין אויפגעהערט חלומ'ן וועגען ברייננגען אין אָרד־נונג זיין גוט און אַריבערקלייבען זיך אַהין. דער פֿאַרוואַלטער, וואָס שטאָלץ האָט באַשטימט, האָט פּינקטליך אַלע יאָר צוגע־שיקט אַ באַדייטענדע סומע.

איליאַ איליטש האָט זיך אַפֿילו פֿאַרשאַפֿט אַ פּאָר פֿערד, אָבער, אַ דאַנק זיין איינגעבאָרענער פֿאָרזיכטיגקייט, אַזוינע, וואָס ערשט נאָך דער דריטער בייטש האָבען זיי זיך אַ ריר געטאָן פֿון גאַניק; ביי דעם ערשטען און צווייטען קלאַפּ פֿלעגט זיך איין פֿערד אַ שאָקעל טאָן און אָפּרוקען זיך אָן אַ זייט, דערנאָך פֿלעגט זיך אַ שאָקעל טאָן און אָפּרוקען זיך דאָס צווייטע פֿערד, דערנאָך ערשט, ווען זיי האָבען אויסגעצויגען אָנגעשטרענקטער־היזט די העלזער, די פּלייצעס און דעם עק, האָבען זיי זיך ביידע אַ רוק געטאָן און גענומען לויפֿען שאָקלענדיג מיט די קעפּ. אויף זיי האָט מיטן וואַניאַ'ן געפֿירט אויף דער צווייטער זייט ניעוואַ אין גימנאַזיום, און די באַלעבאָסטע איז אויף זיי געפֿאָרען איינ־קויפֿען פֿאַרשידענע פּראָדוקטען.

אַמאָל האָט די גאַנצע פֿאַמיליע איינגעשפּאַנט דאָס פּאָר

אויפגעפרעסען פון זיינע גערראנקען און ליידענשאפטען, וואו דער שכל זיגט און ווערט באזיגט, וואו דער מענש פירט אַן א שטענדיגע מלחמה, און ער געהט אוועק פון מלחמה פעלד אן אויסגעמאטערטער, און נאָך אלץ א ניט צופרידענער און אן אומערזעטיגטער. ער, ניט איבערלעבענדיג קיין פארגעני־גענס, וואס מען דערוועגבט אין קאמף, האָט אין די גדאנ־קען זיך אפגעזאָגט פון זיי און זיין נשמה איז געווען רואיג אין א פאַרוואָרפען ווינקעל, וואו עס באוועגט זיך קיין שום זאך ניט, וואו עס איז ניטאָ קיין קאמף, קיין לעבען.

און אויב עס זידט נאָך אמאָל אויף אין אים די איינביל־דונג, עס וואכען אויף די פארגעסענע זכרונות, ניט פאר־ווירקליכטע פארלאנגען, אויב אין זיין געוויסען הויבט זיך אָן א פאָרוואורף דערפאַר, וואָס ער האָט אזוי און ניט אנדערש פאַרבראַכט זיין לעבען — שלאָפט ער אומרוהיג, כאפט זיך אויף פון שלאָף, שפרינגט אראָפ פון געלעגער, טיילמאָל באוויינט ער מיט קאַלטע טרערען פון האָפנונגסלאָזיגקייט דעם ליכטיגען אי־דעאַל פון לעבען, וואָס איז פארלאָשען געוואָרען אויף אייביג, ווי מען וויינט נאָך א נאָהענטען מת, האָבענדיג דאָס טרויעריגע באַ־וואוסטזיין, אז מען האָט ניט גענוג געטאָן פאר אים ביים לעבען.

דערנאָך נעמט ער קוקען אויף דעם, וואָס רינגעלט אים ארום, פארזוכט ווידער צייטווייליגע פריידען און ער בארוהיגט זיך, ער קוקט געמיטליך, ווי שטיל און רוהיג עס זינקען אין דעם אָווענט־רויט די לעצטע שטראַלען פון דער זון, און ענדליך קומט ער צום באשלוס, אז זיין לעבען האָט זיך ניט נאָר איינגעגעבען, נאָר איז פאָראויס באשאפען, באשטימט געוואָרען צו זיין אזוי פשוט, אפשר דערפאַר, כדי צו באווייזען די מעגליכקייט פון דער אידעאַל רוהיגער זייט פון דעם מענשליכען לעבען.

אנדערע מענשען, האָט ער געטראַכט, איז אויסגעפאַלען אויפ׳ן גורל אויסצודריקען די אומרוהיגע זייטען פון לעבען, באַ־וועגען מיט שאפענדע און צושטערענדע כוחות: יעדער האָט זיין באשטימונג!

אָט וואָס פאַר א פילאָזאָפיע עס האָט זיך אויסגעארבייט

וועגען זאַכאַר'ן איז ניטאָ וואָס צו ריידען אפילו: ער האָט זיין גרויען פראַק איבערגעמאַכט אויף א קורטקע, און עס איז שווער צו באַשליסען פון וואָס פאַר א קאָליר עס זיינען זיינע הויזען און פון וואָס עס איז געמאַכט זיין האַלז־טוך. ער פוצט די שיך, דערנאָך שלאָפט ער, זיצט ביים טויער, קוקענדיג מעמפ אויף די זעלטענע פאַרבייגעהער, אדער ער זיצט נאָר אין בשכנת'דיגען קרעמעל; מיט איין וואָרט, ער טוט אַלץ אזוי ווי ער האָט עס געטאָן פריער אין אָבלאָמאָווקע און שפעטער אויף דער גאָראָכאָווער גאַס.

און אָבלאָמאָוו אליין? אָבלאָמאָוו אליין איז געווען דאָס פאָלקאָמענע און נאַטירליכע אָפשפיגלונג פון אָט דער גאַנצער רו, צופרידענהייט און אומגעשטערטער שטילקייט. אריינקוקענדיג, אריינטראַכטענדיג זיך אין זיין לעבען און אלץ מער אריינלעבענדיג זיך אין אים, האָט ער ענדליך, באַשלאָסען, אז ער האָט אייגענטליך קיין אנדער ציל ניט, האָט ניט מער וואס צו זוכען, אז דער אידעאַל פון זיין לעבען איז פאַרווירקליכט געוואָרען, כאָטש עס פעלען אין אים די פּאָעזיע, יענע שטראַלען, מיט וועלכע זיין פאַנטאַזיע האָט אמאָל געמאָלען אים א פּריציש, ברייט לעבען אין זיין געבורטס ארט, צווישען פּויערים, אין דעם גרויסען גוט.

ער האָט געקוקט אויף זיין איצטיגען לעבען ווי אויף א פאָרטזעצונג פון זיין לעבען אין אָבלאָמאָווקע, בלויז מיט אַן אנדערען קאָלאָריט פון אָרט און טיילווייז, צייט. און דאָ, פּונקט אזוי ווי אין אָבלאָמאָווקע, איז אים געלונגען זער ביליג זיך אָפּצוטשעפּען פון לעבען, אויסדינגען ביי אים און זיך פאַרזיכערען אַן אומגעשטערטע רו.

ער האָט אינערליך טריאומפירט, וואס ער איז אוועק פון דעם לעבענס דערעסענדע, פּיינליכע פאָדערונגען און געוויטערס, פון אונטער יענעם האָריזאָנט וואו עס לויכטען אויף די בליצען פון גרויסע פריידען און עס הערען זיך מיטאַמאָל די קלעפּ פון גרויסע פּיינען, וואו עס לויכטען אויף פאַלשע האָפנונגען און הערליכע שאָטענס פון גליק, וואו דער מענש ווערט

דאס שלעכטס, און זיך אליין, אירע קינדער, דאס גאנצע הויז, האט זי איבערגעלאזען אויף גאט'ס באראט. דערפאר האט איר פנים שטענדיג געשטראלט מיט דעם זעלבען גליק, זי איז געווע: באפרידיגט און ניט געהאט מער קיינע פארלאנגען, א זאך, וואס האט ניט געקענט פאסירען מיט קיין שום אנדערער נאטור.

זי איז געווארען פולער; אירע פלייצעס און איר בוזעם האבען געלויכטען מיט'ן זעלבען צופרידענעם גליק, מילדקייט האט ארויסגעלויכטען פון אירע אויגען און אז שוין יא אמאל דאגות, זיינען דאס געווען דאגות וועגען באלעבאטישקייט. צו איר האט זיך אומגעקערט יענע ווירדע און רואיגקייט, מיט וועלכער זי האט פריער געהערשט אין הויז איבער די געהארכזאמע אניסיא, אקולינא און דעם דווארניק. פונקט ווי אמאל, געהט זי ניט, נאר אזוי ווי זי וואלט שווימען פון דער קיך צו די שרענק, צו דעם בופעט, און ניט איילענדיג גיט זי די באפעלען מיט דער פולער באוואוסטזיין פון איר טאט.

אניסיא איז געווארען נאך לעבעדיגער ווי אמאל, ווייל עס איז צוגעקומען מער ארבייט. זי האלט זיך אין איין באוועגען, האלט אין איין לויפען, ארבייטען, טומלען זיך. אירע אויגען זיינע געווארען שארפער און איר נאז, אט איר בארימטער נאז, שטעלט זיך נאך אלץ ארויס פריער פון איר גאנצער פערזאן, און זי פלאמט מיט דאגות, געדאנקען, אבזיכטען, און זי רעדט, נאר איר צונג שווייגט.

יעדע פון זיי איז אנגעטאן לויט איר שטאנד און שטעלונג. ביי דער באלעבאסטע האט זיך אנגעקליבען א גרויסער שראנק מיט א ריי זיידענע קליידער, מאנטילען און סאלאפען; אירע הויבען, היט און שיך קומען פון די כמעט רייכסטע געשעפטען פון פעטערבורג! און אניסיא, ווען זי ווערט פארטיג מיט איר הויזארבייט, און באזונדערס אין א זונטאג, טוט זי אן א וואלען קלייד.

בלויז אקולינע געהט נאך אלץ מיט'ן זוים פונ'ם קלייד פארקאטשעט אונטער'ן גארטעל, און דער דווארניק קען זיך אפילו אין די זומערדיגע מאנאטען ניט צושיידען מיט זיין פוטערל.

לויכטען די זון, א האלבען טאָג פון איין זייט און דעם צווייטען האלבען טאָג פון דער צווייטער זייט. א דאנק דעם, וואָס פוןביידע זייטען זיינען געווען סעדער איז די זון ניט געשטערט געוואָרען אריינצודרינגען אירע שטראלען אין דעם הויז.

פרעהליך האָבען די קאנארייען געטרעלט; געראניום און טיילמאָל היאצינטען, וואָס זיינען דורך די קינדער געבראכט געוואָרען פון גראפ'ס גאָרטען, האָבען אָנגעפילט דאָס קליינע צימערל מיט א שטארקען ריח, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט'ן רויך פון דער ריינער האוואנא סיגאר, מיט'ן ריח פון צימערינג, וואנילע, וואָס די באלעבאָסטע האָט געשטויסען, ענערגיש באַוועגענדיג מיט די עלענבויגענס.

איליא איליטש האָט אזוי ווי געלעבט אין א גאָלדענעם לעבען, אין וועלכען, פונקט ווי אין א דיאָראם, האָבען זיך בלויז געענדערט די געוועהנליכע פאזיסען פון טאָג און נאכט און די צייטען פון יאָר; קיין אנדערע ענדערונגען, און באזונדערס אזוינע צופאלען, וואָס טרייסלען אויף אין גאנצען דאָס לעבען, האָבען מיט אים ניט פאסירט.

פון יענער צייט אָן, ווען שטאָלץ האָט אָבלאָמאָוו'ן באַפרייט פון די בלומרישטדיגע חובות צו דער באלעבאָסטעס ברודער, פון דער צייט ווען ער מיט טאראנטיעוו'ן זיינען אין גאנצען פארשוואונדען, זיינען פון אָבלאָמאָוו'ס לעבען פארשוואונדען אלע שלעכטע כוחות. ער איז ארומגערינגעלט געוואָרען פון אזוינע פשוט'ע, גוטע, ליבענדע פנים'ער, וואָס זיינען איינגעגאנגען מיט זייער עקזיסטענץ אונטערצוהאלטען זיין לעבען, העלפען אים, אז ער זאָל דאָס לעבען ניט באמערקען, ניט פילען.

אגאפיא מאטוועיעוונא איז געווען אין דער בליאונג פון איר לעבען; זי האָט געלעבט און געפילט, אז אזוי לעבען ווי איצט האָט זי פריער קיינמאָל ניט געלעבט, בלויז ארויסצוזאָגען דאָס האָט זי ניט געקענט, אדער, ריכטיגער, עס איז איהר אויפ'ן זינען ניט געקומען. זי האָט בלויז געבעטען גאָט, אז ער זאָל געבען איליא איליטש'ן לאנגע יאָר, אז ער זאָל אים אָפּהיטען פון אל

זיינען געוועזן פארהאנגען מיט גרינע פּאַרטיערען און אויסגע־
חעפּטע מושלינענע פּאַרהאנגען. דאָס אַלץ איז געוועזן די אר־
בייט פון אגאפיא מאַטוועיעווגאַ'ס הענט.

ווייס ווי שניי זיינען געוועזן די קישענס און זיינען געוועזן אָנ־
געלייגט כמעט ביז'ן באלקאָן; די קאָלדרעס זיינען געוועזן זיידע־
נע, אויסגעשטעפּטע.

פאר א פּאָר וואָכען צייט איז דער באלעבאָסטעס צימער
געוועזן פול מיט טישען און טישלאך, אויף וועלכע עס זיינען
געלעגען אָט די אלע דעקען און אויך אָבלאָמאָוו'ס שלאָף־ראָק.

מיט אירע אייגענע הענט האָט אגאפיא מאַטוועיעווגאַ גע־
שניטען, אונטערגעבעט מיט וואַטע, פארזוימט זיי; צופריקענ־
דיג די ארבייט צו איר געזונטער ברוסט, האָט זי זיך איינגעגע־
סען אין דעם מיט אירע אויגען, זי האָט באנוצט דאָס מויל, ווען
מען האָט געדאַרפט אָפּרייסען א פאָדעם, און זי האָט איר אר־
בייט געטאָן מיט ליבע, מיט אומערמידליכער פלייסיגקייט, בא־
לוינענדיג זיך בלויז דערמיט, וואס די קאָלדרעס, דער שלאָף־ראָק
וועלען וואַרעמען, צערטלען דעם ערליכען איליאַ איליטש.

און ער האָט גאַנצע טעג, ליגענדיג ביי זיך אויף דער סאָפע,
באוואונדערט אירע אנטבלויזטע עלענבויגענס, ווי זיי באוועגען
זיך הין און צוריק צוזאַמען מיט דער נאָדעל און פאָדעם. ניט
איין מאָל איז ער איינגעשלאָפען אונטער דעם רויש פון דעם
ציען דעם פאָדעם און דעם אָפּבייסען אים, ווי אין זיין קינד־
הייט, אין אָבלאָמאָווקע.

— גענוג שוין, גענוג, איר וועט זיך פארמאַטערען! —
האָט ער זי ניט איין מאָל אָפּגעהאַלטען פון דער ארבייט.

— גאָט האָט ליב דעם, וואָס ארבייט! — האָט זי געענט־
פערט, ניט אוועקנעמענדיג די אויגען פון דער ארבייט.

קאָפע האָט זי אים דערלאַנגט פונקט אזוי זאָרגפעלטיג,
זויבער און געשמאַק, ווי אין אָנהויב, ווען ער האָט מיט א פּאָר
יאָר צוריק זיך איבערגעקליבען אויף אָט דער דירה.

פון דער פרי ביז'ן אָוועגט האָט אין דער דירה אריינגע־

א פינסטערע נאָרע. אויב זאכאר האָט אמאָל דאָרט געטראָפען די באַלעבאַסטע מיט געווויסע פּלענער פון אויסבעסערען און אויסרייניגען זיין ווינקעל, האָט ער אנטשלאָסען ערקלערט, אז עס איז ניט פאר ווייבער אן ענין, וואו עס דארפען ליגען די שטיוועל, די בארשטען און די שו־וואקס, און עס איז קיינעמס דאגה ניט, וואָס זיינע קליידער ליגען צוזאמענגעקנוילט אויפ'ן דיל, און וואָס זיין געלעגער געפינט זיך אין א ווינקעל, אונ־טער'ן אויוועז, אין שטויב, אז ע ר און ניט זי טראָגט די קליידער, שלאָפט אויף דעם געלעגער. און וואָס אנבאַלאַנגט די בייטש, בלעטער, צוויי ציגעל, די דנאָ פון א פאס און די צוויי שייטלאך האָלץ, וואָס ער האַלט ביי זיך אין צימער, קאָן ער זיך אָהן ז י י ניט באגעהן, און די אורזאך דערפון — האָט ער ניט ערקלערט; ווייטער האָט ער ערקלערט, אז שטויב און שפּינוועבס שטערען אים ניט און, מיט איין וואָרט, אז ער שטופּט ניט זיין נאָז צו זיי אין קיך, וויל ער, פאַלגליך, אז זיי זאָלען אים ניט שטערען.

אויף אניסיא'ן, וועלכע ער האָט אמאָל באגעגענט ביי זיך, האָ טער א קוק געטאָן מיט אזוי פיל פאראכטונג, און אזוי ערנסט זיך פארמאָסטען מיט'ן עלענבויגען אויף איר ברוסט, אַז זי האָט מורא געקראָגען שוין א קוק צו טאָן צו אים. ווען די זאך איז אָבער איבערגעגאנגען אין א העכערער אינסטאַנץ, צו איליא איליטש'ן, האָט דער פּריץ שוין געהאַט באשלאָסען אריינצוגעהן און האנדלען ווי עס פאָדערט זיך, אָבער אריינשטעקענדיג בלויז דעם קאָפּ אין זאכאר'ס טיר און זעענדיג, וואָס דאָרט טוט זיך, האָט ער בלויז א שפּיי געטאָן און קיין וואָרט ניט געזאָגט. זא־כאר, זעענדיג דאָס, האָט בלויז א שמייכעל געטאָן, ווי זיין שטיינער איז געוועזן, מיט'ן גאנצען פּנים, אזוי, אז זיינע ברעמען און זיינע באקענבערד האָבען זיך אויך פאַנאַנדערגערוקט.

אין אַלע איבעריגע צימערען איז געוועזן ריין, ציכטיג און ליכטיג. די אַלטע, אָפּגעקראָכענע פּאַרהאַנגען זיינען פאר־שוואונדען, און די טירען און פענסטער פון זאל און קאבינעט

בערוואַרג און אויך דאָס אייגענע, וואָס איז שוין פון לאַנג אויס־געקויפט און מער קיינמאָל ניט פאַרזעצט געוואָרען.

עס זיינען געשטאַנען גאַנצע רייען גרויסע, דיקבויכיגע מיניאַטורנע טשאַיניקעס און איניגע רייען פאָרצעלייענע טאַסען, פשוט'ע און מיט געמעלען, באַגילדטע, מיט דעוויזען, מיט פלאַטערענדיגע הערצער, מיט כינעזער. גרויסע סלויעס מיט קאַפע, צימערינג, וואַנילע, קרישטאָלע טיי־קעסלען, פלאַטכמע־נאַזשען מיט אויל, עסיג.

גאַנצע פלאַכען זיינען געווען פאַרנומען מיט פעקלאַך, גלעז־לאַך, פלעשלאַך מיט פאַרשידענע היימישע רפואות, מיט קריי־טיכער, פלאַסטערען, שפּירט, קאַמפאַר, פּילען; דאָ האָבען זיך אויך געפונען פאַרשידענע זייפען, פאַרשידענע זאַכען צו רייניגען שפּיצען, ארויסצונעמען פלעקען און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער — מיט איין וואָרט, אַלץ, וואָס מען קאָן געפינען אין יעדען פראָווינציעלען הויז, ביי יעדער גוטער באַלעבאָסטע.

ווען אגאפיא מאַטוועיעוונא עפענט אמאָל צופעליג אויף די טיר פון א שראַנק, וואָס איז אָנגעפילט מיט אַט די אַלע גוטע זאַכען, קען זי אליין ניט ביישטעהן געגען אַט די אַלע נאַרקאָטישע ריחות, און אין די ערשטע צייטען פלעגט זי אויף א ווײַלע אָפּקערען דאָס פנים אָן א זייט.

און די קיך איז געווען אן אמת'ער פּאַלאַדיום פון טעטיגקייט פון דער גרויסער באַלעבאָסטע און איר ווירדיגער העלפערין, אני־סיא. קיין שום זאַך האָט ניט געפעלט אין הויז און אַלץ האָט גע־האַט זיין פּלאַץ; אומעטום און איבעראַל איז אָרדנונג או זויבער־קייט, וואָלט מען געקאָנט זאָגען, ווען עס זאָל זיך ניט געפינען אין הויז א ווינקעל, וואו עס האָט קיינמאָל ניט אריינגעדרונגען קיין שטראַל פון ליכט, קיין שטראָם פון פרישער לופט, ניט דער בליק פון דער באַלעבאָסטע און ניט אַניסיא'ס שנעלע האַנט. דאָס איז זאַכאַר'ס ווינקעל, אָדער נעסט.

זיין צימער איז געווען אָהן פענסטער און אן אייביגע פינ־סטערניש האָט מיטגעווירקט צו מאַכען פון א מענשליכע דיי־ה

## 9

רו און פרידען הערשט איבער דעם וויבורגער קווארטאל און שטיל איז אין פשעניצינא'ס הויז. קומסט אריין אין הויף און ווערסט פארכאפּט פון אן אידיליע: די הינער און די הענער נעמען זיך באוועגען און צולויפען זיך אין די ווינקלען; דער הונט הויבט זיך אן רייסען פון דער קייט און פארגעהט זיך אין א בילען; אקולינא הערט אויף צו מעלקען די קו; דער דוואר־ניק הערט אויף צו האקען האלץ, און זיי ביידע קוקען מיט נייגערינקייט אויפ'ן באזוכער.

— וועמען דארפט איהר? — וועט ער א פרעג טאן און, דערהערענדיג דער באלעבאסטעס אדער איליא איליטש'עס נאמען, שווייגענדיג אנווייזען אויף די טרעפען, און דער באזוכער וועט איבער א ריין, מיט זאמד באשאטען שטעגעל צוגעהן צום פליגעל, אויף וועמעס טרעפען עס ליגט א פּשוט'ער, אבער ריי־נער טעפּיך, וועט א צי טאן פאר דעם קופערנעם, בלאנקענד־ג־אויסגעפוצטען הענטעל פון גלאק, און די טיר וועט עפענען אני־סיא, די קינדער, אמאל די באלעבאסטע אליין, אדער זאכאר, זאכאר זעלטענער פון אלע אנדערע.

אלץ האט אין פשעניצינא'ס הויז געאטעמט מיט אזא ברייטקייט, מיט אזא באלעבאטישקייט, וואס איז דא ניט געווען אפילו דאמאלט, ווען אגאפיא מאטוועיעוונא האט געוואוינט צו־זאמען מיט איר ברודער און געפירט איין באלעבאטישקייט.

די קיך, דער בופעט — אלץ איז געווען אנגעשטעלט מיט געשיר, מיט גרויסע, קליינע, רונדע, אוואלע טעלער, שיסלען, טאסען, און מיט טעפּ פון ליים, קופּער און גוס־אייזען.

אין די שרענס איז געווען אויסגעליינט אבלאמאוו'ס זיל־

— סאַ געדענק עס, — האָט זי געזאָגט, ווענדנדיק זיך צוריק אויף איר פּלאַץ, — אַז דו וועסט אָפּטרעטן פון איס בלויז דאָמאָלט, ווען „עס וועט זיך פּלוצים עפענען אַ תהום, אָדער עס וועט אויסוואַקסן אַ וואַנט צווישן איס און דיר". איך וועל די דאָזיקע ווערטער ניט פאַרגעסן.

איר איז געוואָרען אזוי שווער, און עס איז איר געוואָרען אים אזוי א שאָד...

— דו וועסט אים ניט איבערלאָזען, וועסט אים ניט אַוועק־ווארפען? — האָט זי געזאָגט, ניט ארונטערנעמענדיג די הענט פון איר מאַנ׳ס האלז.

— קיינמאָל ניט! אויסער ווען עס זאָל זיך פּלוצים עפע־נען צווישען אונז א תהום, עס זאָל פּלוצים אויסוואקסען א וואנט...

זי האָט א קוש געטאָן איר מאַן.

— ווען מיר וועלען זיין אין פּעטערסבורג וועסטו מיך נע־מען צו אים?

ער האָט אומאנטשלאָסען געשוויגען.

— יאָ? יאָ? — האָט זי געהאלטען אין פאָדערען אן ענטפער.

— הער זיך איין, אָלגא, — האָט ער געזאָגט, מיענדיג זיך צו באפרייען זיין האלז פון דעם רונג פון אירע הענט, — צו אלעם ערשטען דארף מען...

— ניין, דו זאָג: יאָ, זאָג מיר צו, ווארים איך וועל דיך ניט אָפּלאָזען...

— גוט, איך וועל דיך נעמען, — האָט ער געענטפערט, — אָבער נאָר ניט אין דעם ערשטען מאָל, נאָר צום צווייטען מאָל: איך וויים, וואָס עס וועט מיט דיר ווערען, אויב ער וועט...

—רעד ניט, רעד ניט, — האָט זי אים איבערגעשלאָגען.

יאָ, דו וועסט מיך נעמען! אין צווייען וועלען מיר אלץ איינאָרדנען. אליין וועסטו ניט קענען, ניט וועלען...

— זאָל זיין אזוי, אָבער דו וועסט צורודערט ווערען, און גאנץ מעגליך, אז אויף א גאנץ לאנגער צייט, — האָט ער ארויסגערעדט, ניט אינגאנצען א צופרידענער, וואָס אָלגא האָט ארויסגעקראָגען זיין צושטימונג.

וועט אבלאמאוו ניט בויגען זיין קאפ צום אפגאט פון ליגען, אין זיין נשמה וועט שטענדיג זיין ריין, ליכטיג, קלאר... זיין נשמה איז דורכזיכטיג ווי קרישטאל. אזוינע מענשען ווי ער איז ניטא קיין סך; זיי זיינען זעלטען; דאס זיינען פערל צווישען דעם המון! זיין הארץ וועט מען מיט קיין שום זאך ניט אונטער־קויפען; שטענדיג און אומעטום קאן מען זיך אויף אים פאר־לאזען. דאס איז עס, וואס דו ביסט אזוי טריי ביז'ן היינטיגען טאג. און אט פארוואס מיר וועט קיינמאל ניט פאלען שווע־די דאגות וועגען אים. איך האב געקענט א סך מענשען מיט גוטע אייגענשאפטען, אבער איך האב קיינמאל ניט באגעגענט קיין הארץ וואס זאל זיין ריינער, ליכטיגער, פשוט'ער. איך האב א סך מענשען ליב געהאט, אבער איך האב קיינעם ניט ליב געהאט אזוי שטארק און היים, ווי אבלאמאוו'ן. דער וואס דערקענט אים איינמאל, קען אים מער ניט אויפהערען צו לי־בען. איז דאס אזוי? האב איך געטראפען?

זי האט געשוויגען, פארגראבענדיג די אויגען אין דער אר־בייט. אנדרעי האט זיך פארטראכט.

— איז דען דאס ניט אלץ? וואס נאך דען? אך!...

— האט ער אויפוואכענדיג פון זיין פארשלאפענקייט פרעהליך צוגעלייגט. — איך האב גאר אינגאנצען פארגעסען זיין „צערט־ליכקייט פון א טויב"...

אלגא האט זיך פאנאנדערגעלאכט, זי האט שנעל איבער־געלאזען דאס שטיקעריי, צוגעלאפען צו אנדרעי'ן, ארומגעווי־קעלט ארום זיין האלז אירע הענט, א פאר מינוט האט זי גע־קוקט מיט שטראלענדיגע בליקען אים גלייך אין די אויגען, דערנאך האט זי זיך פארטראכט און אוועקגעלייגט איר קאפ אויף איר מאנ'ס אקסעל. אין איר זכרון האט אויפגעוואכט אבלאמאוו'ס מילדר און פארטראכט געזיכט, זיין צערטליכער בליק, זיין איבערגעבענהייט, דערנאך האט זי זיך דערמאנט זיין נעבעכדיגען, פארשעמטען שמייכעל, מיט וועלכען ער האט, ווען זיי האבען זיך צושיידט, געענטפערט אויף איר פארוואורף... און

א רגע באוויזען — און ער האָט זיך אויפגעכאפּט, פארשעמט זיך...

— ביסטו אפשר אין אים פארליבט ווי אמאָל? — האָט אנדרעי אין שפּאַס געפרעגט.

— ניין! — האָט זי אָן שפּאַס, אַ פארטראכטע ארויסגע־רעדט. — איך האָב אים ניט ליב ווי אמאָל, נאָר עס איז עפּעס דאָ אין אים, וואָס איך האָב ליב, וואָס איך בין דערצו געבליבען טריי און וועל עס ניט פארראַטען, ווי אנדערע...

— ווער זיינען דאָס די אנדערע? רעד, דו גיפטיגע שלאַנג, דו מיינסט עס דאָך מיך, ניין? אָ דו האָסט אַ טעות. און אויב דו ווילסט וויסען דעם אמת, האָב איך דאָס דיר אויסגעלערענט אים צו ליבען. ווען ניט איך וואָלסט אים פארבייגעגאַנגען און אים אפילו ניט באמערקט. דאָס האָב איך דיר געגעבען צו פארשטעהן, אז אין אים איז פארהאַן שכל ניט וועניגער ווי אין אימיצען אנדערש, נאָר ער איז פארדעקט, פאר־שלאָפען פון גאָרניט טאָן. ווילסטו, וועל איך דיר זאָגען וואָרום ער איז דיר נאָך אַזוי טייער, פארוואָס דו האָסט אים נאָך ליב?

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ אויף יאָ.

— דאָס איז דערפאר, וואָס ער האָט אַן ערליך און אַ טריי האַרץ! דאָס איז אַן איינגעבאָרענער אוצר און ער האָט אים דורכגעטראָגען דורכ'ן לעבען אַזוי ריין, ווי ער האָט אים באַקומען. ער איז געפאַלען פון די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען אין לעבען, ער איז קאַלט געוואָרען, איז ענדליך אינגאַנצען איינ־געשלאָפען, אַ דערשלאָגענער, אַ פארצווייפעלטער, פארלירענדיג יעדען כוח צום לעבען, אָבער ער האָט ניט פארלאָרען זיין ערליכקייט און זיין טרייהאַפט. זיין האַרץ האָט ניט ארויס־געבראַכט קיין איין פאַלשען קלאַנג עס האָט זיך צו אים ניט צוגעקלעפּט קיין שמוץ. קיין ליגען קען אים ניט פארפירען, און קיין שום זאַך קען אים ניט פארשלעפּען אויף אַ פאַלשען וועג; זאָל ארום אים רוישען אַ גאַנצער ים פון אומריינקייטען, שלעכטס, מעג די גאַנצע וועלט פארסאַמט זיין — קיינמאָל

שפּאַנענדיג איבער׳ן צימער הין און צוריק. — און מען זעט קיין סוף ניט דערצו!

— דיר פאַלט עס שווער? — האָט אָלגא געזאָגט. — דאָס איז גאָר עפּעס נייס! איך הער דאָס ערשטע מאָל, אַז דיר פאַלט די ארבייט שווער.

— איך קלאָג זיך ניט, — האָט אנדרעי געענטפערט, — איך טראַכט בלויז וועגען דעם.

— און פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט דאָס איבער־טראַכטען, איבערקלערען? דו האָסט זיך אַליין מודה געווען, אַז עס איז לאַנגווייליג, אַז עס באַאומרואיגט — יאָ?

זי האָט פאַרשענד א קוק געטאָן אויף אים. ער האָט א שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

—ניין, ניט עס באַאומרואיגט, נאָר עס איז אומזיסט, דאַכט זיך מיר אמאָל.

— רעד ניט! רעד ניט! — האָט זי אים אָפּגעשטעלט. — איך וועל ווידער ווי אין יענער וואָך טראַכטען וועגען דעם און בענקען. אויב אין דיר איז אָפּגעשטאָרבען דיין פריינד־שאַפט צו אים, דאַרפסטו אָבער ניט אראָפּוואַרפען פון זיך די אַלע דאגות צוליב דיין ליבע צו מיר. אויב דו וועסט מיר ווערען וועל איך אַליין געהן און ניט אוועק אָן אים. מיין געבעט וועט אים רירען; איך פיל, אז איך וועל זיך ביטער צואווינען, ווען איך וועל אים דערזען א דער׳הרג׳עטען, א טויטען! עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די טרערען...

— ווילען אים צוריקברענגען צום לעבען, מיינסטו? — האָט אנדרעי זי איבערגעשלאָגען.

— ניין, זיי ווילען אים ניט אויפלעבען צו טעטיגקייט, אָבער זיי ווילען אים אַלענפאַלס צווינגען ארומצוקוקען זיך און איבערבייטען זיין לעבען אויף עפּעס בעסערס. ער וועט זיך מער ניט געפינען אין שמוץ, נאָר ארום מענשען, וואָס זיינען גלייך צו אים, ארום אונז. איך האָב זיך בלויז דאַמאָלט אויף

— אפשר וואָלסטו ווידער אמאָל געשריבען צו איינעם פון דיינע באַקאַנטע, וואָלטען זיי שוין ווי ניט איז אויסגעפונען...

— זיי וואָלטען מער ניט געקענט געוואָר ווערען, ווי דאָס וואָס מיר ווייסען שוין אליין, אז ער לעבט, איז געזונט, וואוינט נאָך אַלץ אויף דער זעלבער דירה — און דאָס ווייס איך אליין, אָן דער הילף פון מיינע פריינד. אָבער וואָס עס הערט זיך מיט אים, ווי ער טראָגט איבער זיין לעבען, צי איז ער שוין גייסטיג געשטאָרבען אָדער עס פלימערט נאָך אין אים א פונק לעבען — דאָס קאָן קיין פרעמדער ניט אויסגעפינען...

— אך, רעד ניט אזוי, אנדרעי: מיר טוט וועה און עס ווערט מיר שרעקליך ווען איך הער דאָס! מיר וואָלט זיך וועלען וויסען, אָבער איך האָב מורא...

זי איז געוועזן גרייט זיך פאַנאַנדערוויינען.

— פרילינג וועלען מיר זיין אין פעטערסבורג, — וועלען מיר אליין אלץ אויסגעפינען.

— עס איז ווייניג, וואָס מיר וועלען אויסגעפינען, מען דאַרף אלץ טאָן...

— האָב איך דען ניט געטאָן? האָב איך דען ניט גענוג אים צוגערעדט, האָב איך דען ווייניג געזאָרגט פאַר אים, ניט געבראַכט אין אָרדנונג זיינע געשעפטען — און ער לאָזט אפילו ניט הערען וועגען זיך. ווען איך זע זיך מיט אים איז ער גרייט אויף אלץ, אָבער ווי נאָר איך גיי אוועק — שלאָפט ער שוין ווידער געשמאַק. שלעפּ זיך מיט אים ארום ווי מיט א שכור!

— פאַרוואָס עפּעס אוועקגעהן פון אים? — האָט אָלגא געענטפערט מיט אומגעדולד. — מיט אים דאַרף מען האנדלען אנטשלאָסען: ארייננעמען אים צו זיך אין דער קאַרעטע און אוועקפירען. איצט געהען מיר דאָך זיך איבערקלייבען אין גוט אריין; ער וועט זיין נאָענט פון אונז... מיר וועלען אים נעמען מיט זיך.

— אָט איז דאָס אַן אומגליק! — האָט אנדרעי געערדט,

גרויסער ראַם פון וויזיטען, געסט, מיטאָגען און אַוועגדען און פוסטע פּלוידערייען...

ווי אזוי וואָלט זי געקאָנט אויסהאַלטען אזא לעבען? אין אָנפאַנג קעמפט זי, שטויסט עס פון זיך אָפּ, ווײנט, מאַטערט זיך, אָבער מיט דער צייט געוועהנט זי זיך דערצו צו, ווערט פעטער, עסט, שלאָפט, ווערט טעמפּ...

ניין, מיט איר וואָלט אזוי ניט געווען: זי ווײנט, פּייניגט זיך, געהט אויס און שטאַרבט אין די אָרעמס פון איר ליבען, גוטען אָבער אוממעכטיגען מאַן... אָרעמע אָלגא!

און אויב דאָס פייער וועט ניט אויסגעהן, דאָס לעבען וועט ניט שטאַרבען, די כוחות וועלען בלייבען און נעמען פאַר־דערען פרייהייט, אויב זי וועט פאַנאַנדערשפּרייטען די פליגעל ווי אַ שטאַרקע אָדלערין און אַ טראָג זיך טאָן צו דעם הויכען פעלז, וואו זי זעט דעם אָדלער, וואָס איז נאָך שטאַרקער און דורכדרינגענדיגער פון איר?... אָרעמער איליא!

— אָרעמער איליא! — האָט שטאָלץ אמאָל ארויסגערעדט אויפ'ן קול, ווען עס איז אים געקומען אויפ'ן זינען די פאַרגאַנ־גענהייט.

אָלגא, דערהערענדיג אָט דעם נאָמען, האָט מיטאמאָל אַרונטערגעלאָזען די הענט אויף די קני, האָט פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אויף צוריק. דער דאָזיגער אויסרוף האָט ארויסגערופען אין איר ערינערונגען.

— וואָס איז מיט אים? — האָט זי אַ ווײלע שפּעטער געפרעגט. — מען קען עס ניט אויסגעפינען?

אנדרעי האָט אַ ציי געטאָן מיט די פּלייצעס.

— עס מאַכט דעם איינדרוק, — האָט ער געזאָגט, — אז מיר לעבען אין דער צייט ווען עס איז נאָך קיין פּאָסט ניט געווען, ווען מענשען, ווען זיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעפאָרען אין פאַרשידענע לענדער, האָבען געהאַלטען איינער דעם צווייטען פאַר פאַרלאָרען, און זיינען אויף אַן אמת פאַרלאָרען געגאַנגען, ניט לאָזענדיג נאָך זיך קיין שפּור.

פארקלענערונג פון די אייגענשאפטען, וואס זי האט אנערקענט אין אים; יעדער פאלשער שטריך אין זיין כאראקטער, אין זיין שכל, וואלט פאראורזאכט אן ערשיטערענדען דיסאנאנס. די צושמעטערטע געביידע פון גליק וואלט אונטער אירע רואינען זי באגראבען, און אויב זי וואלט געראטעוועט אירע כוחות, וואלט זי גענומען זוכען.

אבער ניין. אזוינע פרויען מאכען ניט קיין טעות קיין צוויי מאל... נאכ'ן פאלען פון אזא גלויבען, פון אזא ליבע, וואלט א ווידערגעבורט געווען אוממעגליך.

שטאלץ איז געווען זער גליקליך מיט זיין פולען, ברוי־זענדען לעבען, אין וועלכען עס האט נעבליט א קיינמאל ניט וועלקענדער פרילינג. און א וואכזאמער, פול מיט אייפער האט ער זיין פרילינג געהיט, געפלעגט. פון דער טיפעניש פון זיין הארצען האט זיך אויפגעהויבען א שרעק בלויז דאמאלט, ווען עס איז אים געקומען אויפ'ן זינען, אז אלגא איז געווען אויף א האר פונ'ם אפגרונד, און אז דער וועג אויף וועלכען זיי געהען איצט ביידע, האט זיך געקאנט פאנאנדערשיידען; אז דאס ניט פארשטעהן פונ'ם לעבען האט געקאנט זיין די אורזאך פון א טעות, וואס וואלט געקענט פירען צו אן אומגליק, אז אבלאמאוו...

ער האט א ציטער געטאן. ווי איז דאס מעגליך! אלגא, אין דעם לעבען, וואס אבלאמאוו האט אנגעגרייט פאר איר! זי — אין א ספערע, וואו איין טאג האלט אין קריכען נאכ'ן צווייטען, אן אם פון אירע קינדער, א דארפישע פריצ'ע, א ווירטין — און מער גאר ניט!

אלע פראבלעמען, צווייפלען, דער גאנצער לעבענס פיבער וואלט פארשוואונדען געווארען אויף די דאגות וועגען באלעבא־טישקייט, אויפ'ן ווארטען אויף יום טובים, געסט, אויף פאמיל־יען צוזאמענקונפטען, אויף דער אפאטיע און פארשלעפערטקייט פון מאן.

די חתונה וואלט געווען בלויז א פארם און ניט קיין אינ־האלט, א מיטעל און ניט קיין ציל; עס וואלט געדינט פאר א

ווען אפילו דער מאַן שטייגט אַריבער מיט זיין שכל דעם חמון, שטאָלצירען אזוינע פרויען מיט אַ דער באַצויבערענדער קראַפט פון זייער מאַן בלויז ווי מיט אַ שטיקעל צירונג און דאָס בלויז דאַמאָלט, ווען אַט דער גרויסער שכל בלייבט בלינד צו זייערע קליינליכע ווייבערשע שטיק. און אויב ער וועט זיך דערוועגען אַריינצוקוקען אין דער קליינליכער קאָמעדיע פון זייער פאַלשען, נישטיגען, אָפטמאָל זינדיגען לעבען, וועט זיי שווער און ענג פון אַט דעם גרויסען שכל.

אָלגאַ'ן איז געווען פרעמד דאָס געפיל פון בלינדער אונטערטעניגקייט און זי האָט ניט פאַרשטאַנען די ווייבערשע שטיק. איינמאָל אַנערקענענדיג אין דעם מענשען, וואָס זי האָט אויסדערוועהלט זיין רעכט אויף איר, האָט זי אין אים געגלויבט און דערפאַר אים ליב געהאַט, און וואָלט זי אויפגעהערט גלויבען אין אים, וואָלט זי אים אויפגעהערט ליבען, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט אָבלאָמאָוו'ן.

אָבער מיט אָבלאָמאָוו'ן זיינען אירע טריט נאָך ניט געווען זיכערע, איר ווילען — ניט פעסט; זי האָט זיך נאָר וואָס געהאַט פאַרטראַכט אין דעם לעבען, אַריינגעקוקט אין אים, געהאַלטען אין ברענגען אין אָרדנונג איהר שכל און כאַראַקטער און האָט געקליבען מאַטעריאַל. די אַרבייט פון שאַפען האָט נאָך ניט געהאַט זיך אָנגעהויבען, די צילען פון איר לעבען זיינען נאָך ניט געווען באַשטימט.

אבער איצט האָט זי געגלויבט אין אַנדרעי'ן ניט בלינד, נאָר באַוואוסטזיניג, אין אים האָט זיך פאַרקערפערט איר אידעאַל פון מענליכער פולקאָמענהייט. וואָס זי האָט מער, וואָס זי האָט באַוואוסטזיניגער געגלויבט אין אים, אַלץ שווערער איז אים געווען צו האַלטען זיך אויף דער זעלבער הויך, ער האָט געדאַרפט זיין ניט נאָר דער העלד פון איר פאַרשטאַנד און האַרץ, נאָר אויך פון איר פאַנטאַזיע. און זי האָט אין אים געגלויבט אזוי, אַז זי האָט ניט אַנערקענט צווישען אים און זיך קיין שום פאַרמיטלער, קיין שום אינסטאַנץ אויסער גאָט.

דערפאַר וואָלט זי ניט פאַרטראָגען אפילו אויף אַ האָר די

טריינגנע׳גנב׳עט, דערווייל נאָך ווייטע, אָבער קלאָרע, באַשטימ־טע און גרויזאַמע חלומות.

נאָך אָט דעם „נעבעל" איז געקומען אַ ליכטיגער פרי־מאָרגען, די דאגות פון אַ מוטער, ווירטין; אָט האָט איר גע־צויגען צו זיך דאָס פעלד און דער בלומען־בייט, און ווידער אַמאָל דעם מאַנס קאַבינעט. אָבער ניט מיט קיין זאָרגלאָזער זעלבסטצופרידענהייט האָט זי זיך געשפּילט מיט דעם לעבען, נאָר מיט אַ געהיימען און מוטיגען געדאַנק האָט זי געלעבט, גע־גרייט זיך, געוואַרט...

זי איז געוואַקסען אַלץ העכער, העכער... אַנדרעי האָט געזען, אַז זיין פריערדיגער אידעאַל פון אַ פרוי און אַ ווייב איז ניט דערגרייכבאַר, אָבער ער איז געווען גליקליך מיט זיין בליי־בען אָפּשפּיגלונג, וואָס ער האָט געפונען פון אים אין אָלגאַ׳ן; ער האָט קיינמאָל אפילו דאָס ניט ערוואַרט.

און אין דער זעלבער צייט איז אים כמעט דאָס גאַנצע לע־בען אויסגעקומען אַנצוהאַלטען אויף דער זעלבער הויך זיין ווירדע פון אַ מאַן אין די אויגען פון דער זעלבסטזיכטיגער אָלגאַ; אָבער דאָס האָט ער געטאָן ניט אויס נידעריגער אייפער־זיכטיגקייט, נאָר דערפאַר, אַז עס זאָל ניט פאַרנעבעלט ווערען אָט דאָס קלאָרע לעבען; און דאָס וואָלט געקאָנט לייכט פּאַסי־רען ווען עס זאָל זיך אויף אַ האָר נעמען וואַקלען איר גלויבען אין אים.

פילע אַנדערע פרויען דאַרפען דאָס גאָר ניט האָבען: האָבען זיי חתונה געהאַט, נעמען זיי רואיג צו די גוטע ווי די שלעכטע אייגענשאַפטען פון זייערע מענער, זיי מאַכען פאַר־אויס שוין שלום מיט דער אומגעבונג און לאַגע, וואָס ערוואַרט זיי, אָדער זיי פאַלען פונקט אַזוי לייכט אונטער דעם ערש־טען בעסטען, וואָס קומט זיי אין וועג, קענען ניט ביישטעהן דעם קלענסטען נסיון, אָדער פּרובירען עס אפילו ניט, פאַרטיי־דיגענדיג זיך: „דער שיקזאַל, די ליידענשאַפט, די פרוי איז אַ שוואַך באַשעפעניש", א. א. וו.

דיין מורמלען, — האָט ער פאַרענדיגט מיט אַן אַבערגלויבע־רישער באַמערקונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך זיין צערטליכער פאַרזיכטיגקייט, — און ער זאָל עס ניט אָנ־גענומען פאַר אַן אומדאַנקבאַרקייט! ער איז ניט צופרידען, ווען מען שעצט ניט גענוג אָפּ זיינע מתנות.

זי האָט געשוויגען, ווערענדיג איבעראַשט פון דעם טרויעריגען קלאַנג פון זיין שטימע. זי האָט אים אומבאַגרע־נעצט געגלויבט, זי האָט אויך געגלויבט זיין קול. זי האָט זיך אָנגעשטעקט מיט זיין פאַרדאַכטקייט, קאָנצענטרירט אַלע אירע געדאַנקען און פאַרטראַכט זיך.

אָנלענענדיג זיך אָן אים, איז זי מעכאַניש און לאַנגזאַם נעגאַנגען איבער דער אַליי, פאַרזונקען אין אַן איינגעשפּאַרט שווייגען. איר האָט זיך גענומען חלומ׳ן אַן אַנדער חלום, ניט קיין בלויע נאַכט, עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר איר אַן אַנדער זייט פון לעבען, ניט קיין דורכזיכטיגע און יום־טוב׳דיגע, אין דער איינזאַמקייט, צווישען אומענדליכען רייכטום, צוזאַמען מיט אים...

ניין, דאָרט האָט זי געזען אַ ריי פאַרלוסטען, באַוויינטע קרבנות, אַ לעבען אָן יענע קאַפּריזען, וואָס ווערען געבאָרען פון גאָרניט ניט טאָן, יאָמערען און קרעכצען; עס האָבען זיך איר גע׳חלומ׳ט קראַנקהייטען, שלעכטע געשעפטען, דער טויט פון מאַן...

זי איז געבליבען אָן כוחות, געציטערט, אָבער מיט אַ מו־טיגער נייגעריגקייט האָט זי אַריינגעקוקט אין דעם נייעם בילד פון לעבען, מיט שרעק האָט זי אים באַטראַכט און גענומען אירע כוחות... בלויז די ליבע האָט איר אין דעם חלום ניט פאַרראַטען, זי איז געווען אַ טרייער וועכטער אויך פון דעם נייעם לעבען; אָבער אפילו זי איז אויך שוין ניט געווען די זעלבע, וואָס אַמאָל!

אין דעם פאַרנעבעלטען טרויער און אומקלאָרע פראַגען, וואָס האָבען פון צייט צו צייט באַזוכט אָלגאַ׳ן, האָבען זיך

אײַנשטימענדיג זי, — מיר װעלען ניט ארויס צוזאמען מיט די װאַנדערער'ס און די פּאוסט'ס אויף א מלחמה מיט די רעבע־לירענדע פראגען, מיר װעלען ניט אננעמען זייער ארויסרוף, נאָר מיר װעלען איינבויגען די קעפּ און איבערוואַרטען די שווערע צייט, און דערנאָך וועט ווידער צו אונז א שמייכעל טאָן דאָס לעבען, דאָס גליק און . . .

— און אויב זיי װעלען קיינמאָל ניט אָפּטרעטען, דער טרויער וועט נעמען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער באַאומרו־אינגען? — האָט זי געפרעגט.

— איז וואָס? װעלען מיר עס אננעמען... ניין, ניין, דאָס קאָן ניט און וועט ניט פּאסירען מיט אונז! דאָס איז ניט דיין פערזענליכער טרויער; דאָס איז א קראנקהייט אויף װעלכער עס ליידט די גאַנצע מענשהייט. אויף דיר האָט א שפּריץ געטאָן איין טראָפּען... עס איז זער שלעכט, ווען דאָס פּאסירט מיט א מענשען, וואָס האָט ניט אָן וואָס זיך אָנצו־שפּאַרען אין לעבען. אָבער ביי אונז... זאָל גאָט געבען, אַז דיין אומעט זאָל זיין דאָס, וואָס דאכט זיך מיר אויס, און ניט קיין סימפּטאָם פון עפּעס א קראנקהייט... דאָס וואָלט גע־ווען ערגער... דאָס וואָלט געווען אַן אומגליק, נעגען װעלכען איך וואָלט ניט געקאָנט מיר העלפען... און ווידער דאָס, וואָס עפּעס א טרויער, א צווייפעל, געוויסע פראגען קאָנען צונעמען, צושטערען אונזער גליק, אונזער . . .

ער האָט ניט דערעדט, און זי ווי א פּארריקטע, האָט זיך געוואָרפען אין זיינע אָרעמס און איז אין א ליידענשאפטליכער פארגעסענהייט פארגליווערט געוואָרען אויף א רגע, ארומוויק־לענדיג מיט די הענט זיין האַלז.

— ניט קיין טרויער, ניט קיין קראנקהייט, אפילו ניט... דער טויט! — האָט זי געפּליסטערט א באגייסערטע, אויף ס'ניי א גליקליכע, א בארואיגטע, א פרעהליכע. איר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי האָט אים קיינמאָל אזוי ליידענשאפטליך ניט ליב געהאַט ווי אין דער מינוט.

— גיב אכט, אז דער יעחזקאל זאָל ניט אונטערהערען

פאַר אַנדערע, ווידער, זעען זיי אויס, ווי אומאַנשטענדיגע ווי־זיאַגנען, ווי די פיבער פאַנטאַזיעס פון דעם שכל...

— דאָס גליק שטראָמט אריבער דעם ברעג, עס ווילט זיך אזוי לעבען... און מיט אמאָל נאַ דיר גאָר אזא אומגליק!

— דאָס באַצאָלט מען פאַר פּראָמעטייאוס'עס פייער! און ניט נאָר, וואָס מען ליידט, נאָר האָב נאָך ליב דיין טרויער און באַצי זיך מיט אכטונג צו דיינע פראגען און צווייפלען: — זיי זיינען דער אריבערשטראָמענדער איבערפלוס, דער גלאַנץ פון לעבען און זיי באַווייזען זיך מערסטענס אויף די שפּיצען פון גליק, ווען מען האָט שוין מער ניט קיין גראָבע, עגאָאיס־טישע פארלאַנגען; זיי ווערען ניט געבאָרען אין דער סביבה פון געוועהנליכען לעבען: עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי דאָרט, וואו עס הערשט נויט און פּיין; דעם המון איז אומ־באַקאַנט דער נעבעל פון צווייפעל, דער טרויער פון פראַגען... אָבער דער, וואָס וועט זיך באַגעגענען מיט זיי אין דער רעכ־טער צייט, פאַר אים זיינען זיי ניט קיין משא, נאָר ליבע געסט.

— עס איז אָבער שווער מיט זיי אויסצוקומען; זיי וועקען אויף בענקשאַפט און אין דער זעלבער צייט גלייכגיל־טינקייט... כמעט צו אַלעס... — האָט זי ארויסגערעדט אומ־אנטשלאָסען.

— אויף אַ לאַנגע צייט דען? אָבער דערנאָך פרישען זיי דאָך אויף דאָס לעבען, — האָט ער געזאָגט.

— אַלץ ארום איז ליכטיג, העל, — האָט זי זיך גע־קלאָגט, — און מיטאמאָל לייגט זיך אזא אומגליקליכער שאָ־טען! איז דען ניטאָ קיין מיטלען געגען דעם?

— וואָס הייסט ניטאָ! אַ שטיצע אין לעבען! און האָט מען זי ניט, איז אפילו אָן די פראַגען שווער צו לעבען!

— וואָס בלייבט צו טאָן? אונטערגעבען זיך?

— אָ, ניין, — האָט ער געזאָגט, — באַוואָפנען זיך מיט שטאַנדהאַפטיגקייט און אויסדויער, און איינגעשפּאַרטערהייט געהן אויף דעם וועג, וואָס דו האָסט אויסגעקליבען. איך און דו זיינען קיין טיטאַנען ניט, — האָט ער ווייטער גערעדט,

# אבלאמאוו

— דו ווילסט, ראכט זיך, זאָגען, אז איך בין אלט געוואָרען? — האָט זי אים לעבהאַפט איבערגעשלאָגען. — וואָס נים! — זי האָט אים א מאך געטאָן מיט׳ן פינגער. — איך בין יונג, פול מיט כוחות... — האָט זי צוגעלעגט, אויסגלייכענדיג זיך.

ער האָט זיך צולאכט.

— שרעק זיך ניט, — האָט ער געזאָגט, — עס זעט גאָרניט ניט אויס, אַז דו זאָלסט זיך קלייבען אמאָל אלט צו ווערען! ניין, איך האָב דאָס ניט געמיינט... אז מען ווערט אלט, געהען אוים די כוחות, און מען הערט אויף צו קעמפפען מיט׳ן לעבען. ניין, דיין טרויער, דיינע ליידען, אויב עס איז נאָר דאָס, פאר וואָס איך נעם עס אָן, איז מער א סימן פון כוח... די זוכונגען פון דעם לעבעדיגען, צורייצטען מוח גרייכען אמאָל איבער די גרענעצען פון דעם ערדישען לעבען און, פארשטעהט זיך, אַז זיי קריגען ניט קיין ענטפער אויף זייערע פראַגען, באַפאַלט זיי א טרויער... א צייטווייליגע אומצופרידענהייט מיט׳ן לעבען... דאָס איז דער טרויער פון דער נשמה, וואָס פרעגט אָן דאָס לעבען וועגען זיינע געהיימניסען... עס איז מעגליך, אַז מיט דיר האָט דאָס זעלבע פאַסירט... אויב דאָס איז דער פאַל — איז ניט ווערט וועגען דעם צו רעדען.

זי האָט אָפגעזיפצט, אָבער דער זיפץ איז געקומען פון פרייד איבער דעם, וואָס עס איז פאַראיבער איר מורא, אַז זי וועט פאַלען אין איר׳ס מאַן אויגען, אים געגענטייל...

— אָבער איך בין דאָך גליקליך; מיין קאָפּ איז פארנומען מיט ערנבסטע פראַגען; איך פאַנטאַזיר ניט; מיין לעבען איז פארשידענטאַרטיג — וואָס נאָך קאָן מען וועלען? וואָס ווילען אָט די אַלע פראַגען? — האָט זי געזאָגט. — דאָס איז א חולאת, א משא...

— יאָ, א משא פאר׳ן שוואכען שכל, וואָס איז ניט צוגעגרייט דערצו. דער דאָזיגער טרויער און די דאָזיגע פראַגען, איז גאַנץ מעגליך, האָבען שוין א סך מענשען משוגע געמאכט;

זאָר מיר. מען דאַרף מאָרגען שיקען... און אויב עס איז ניט דאָס... — האָט ער אָנגעהויבען און פאַרטראַכט זיך...

— זאָג, וואָס איז אויב „עס איז ניט דאָס"! — איז זי אַן אומגערולדיגע צוגעשטאַנען צו אים.

— זאָג שוין, זאָג שוין, — האָט זי גערעדט, טרייסלענדיג אים פאַר דער האַנט.

— עס איז מעגליך, אַז דאָס קומט פון אַן איבערפלוס פון פאַנטאַזיע, דו ביסט זער אַ לעבעדיגע... און עס איז גאַנץ מעגליך, אַז האָסט באַוויזען ביז דער צייט אינגאַנצען רייף צו ווערען... — האָט ער פאַרענדיגט, אונטערברומענדיג צו זיך.

— ווער, אַנדרעי, אויפ'ן קול, איך בעט דיך זער! איך קאָן ניט פאַרטראָגען, ווען דו ברומסט אונטער דער נאָז! — האָט זי זיך געקלאָגט. — איך האָב אָנגערעדט נאַרישקייטען, לאָזט ער אַרינטער דעם קאָפּ און ברומט פאַר זיך עפּעס! מיך באַפאַלט פּשוט אַ מורא צו בלייבען מיט דיר דאָ אין דער פינסטערניש...

— וואָס דיר צו זאָגען ווייס איך ניט... „עס באַפאַלט מיך אַ טרויער, עס מאַטערען מיך פראַגען..." מען קאָן דערפון ניט קלאָר ווערען. מיר וועלען וועגען דעם נאָך רעדען און זען, וואָס דאָס איז. מיר דאַכט זיך, אַז דו וועסט זיך ווייטער דאַרפען באָדען אין ים...

— דו האָסט געברומט אונטער דער נאָז: „און עס איז גאַנץ מעגליך... רייף געוואָרען..." וואָס האָסטו דערמיט געמיינט? — האָט זי אים געפרעגט.

— איך האָב דערמיט געמיינט... — האָט ער גערעדט לאַנגזאַם, איבערגעלעגטערהייט, ניט געטרויענדיג זיין געדאַנק, און אַזוי ווי שעמענדיג זיך פאַר זיינע רייד, — אַז עס זיינען פאַראַן מינוטען... דאָס הייסט, איך וויל זאָגען, אַז אויב דאָס איז ניט קיין רעזולטאַט פון עפּעס אַ קראַנקהייט, אויב דו ביסט פולשטענדיג געזונט, איז עס מעגליך אַז דו ביסט רייף געוואָרען, ביסט צוגעקומען צו דעם פעריאָד אין לעבען, ווען מען שטעלט זיך אָפּ... ווען דאָס לעבען האָט פאַר דיר מער קיין סודות ניט, איז אינגאַנצען אָפען פאַר דיר...

## אבלאמאוו

**חאָט פאַר אים געמאָלען דעם אומרו, וואָס באַפאַלט איר נשמה** און דערנאָך — ווי אַזוי אַט דער מיראַזש פאַרשווינדט, — אַלץ, אַלץ, וואָס זי האָט באַמערקט, וואָס זי האָט זיך געקאָנט דער־מאָנען.

שווייגענדיג איז שטאָלץ ווידער געגאַנגען איבער דער אַליי, אַרונטערלאָזענדיג דעם קאָפּ אויף דער ברוסט; מיט אומרו און אַ שטוינענדער האָט ער זיך מיט זיין גאַנצען שכל פאַרטיפט אין דער אומקלאָרער ווידוי פון זיין פרוי.

זי האָט אַלעמאָל אים אַ קוקט געטאָן אין די אויגען, אָבער זי האָט גאָרניט אין זיי ניט געזען, און ווען זיי זיינען צום דריי־טען מאָל דערגאַנגען צום סוף פון דער אַליי, האָט זי אים ניט געלאָזען אומקערען זיך און האָט אים אַרויסגעפירט צום שיין פון דער לבנה, און פרעגענדיג אַריינגעקוקט אים אין די אויגען.

— נו, וואָס? — האָט זי, ניט פילענדיג זיך פריי, אים געפרעגט. — לאַכסט פון מיינע נאַרישקייטען? ניט אמת, עס איז זער נאַריש, אַט דער טרויער מיינער?

ער האָט געשוויגען.

— וואָרום שווייגסטו? — האָט זי אים געפרעגט אומ־געדולדיג.

— דו האָסט לאַנג געשוויגען כאָטש דו האָסט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך האָב עס שוין לאַנג אין דיר באַמערקט; טאָ לאָז אויך מיר אַביסעל שווייגען און איבערטראַכטען עס. דו האָסט מיר אויפגעגעבען ניט קיין לייכטע אויפגאַבע!

— דו געהסט איצט זיך נעמען טראַכטען און איך וועל זיך דערווייל פייניגען, וואָס דו וועסט אַליין דאָרט אויסטראַכטען וועגען מיר. עס איז געווען נאַריש פון מיר, וואָס איך האָב עס דיר דערצעהלט! — האָט זי צוגעלייגט. — רעד בעסער עפּעס...

— וואָס קאָן איך דיר זאָגען? — האָט ער געזאָגט פאַר־זונקען אין געדאַנקען. — עס איז גאַנץ מעגליך, אַז פון דיר רעדט אַרויס די צורייצטקייט פון די נערווען, אויב אַזוי, איז עס פאַר אַ דאָקטאָר צו באַשטימען, וואָס עס איז מיט דיר און ניט

ארום, מוז עס זיין אין דיר אליין. אמאל איז אזא טרויער אן אנפאנג פון א קראנקהייט... ביסטו באטש געזונט?

— עס איז גאנץ מעגליך, — האט זי ערנסט ארויסגערעדט, — עפעס ענליכעס דערצו מוז עס זיין, כאטש איך פיל דערוויל גארניט. דו זעעסט דאך אליין, ווי איך עס, שפאציר, שלאף. מיטאמאל ווער איך אזוי ווי באפאלען פון א שווערמוט... מיר זעט דאמאלט אויס דאס לעבען מיינס ווי עס וואלט ניט אלץ פארמאגט... אבער ניין, דו הער זיך ניט איין צו מיינע ווערטער; איך פלאפל בלויז...

— רעד, רעד! — איז ער צוגעשטאנען צו איר. — וואס פעלט דיר אין לעבען?

— צייטענווייז האב איך אזוי ווי מורא, — האט זי ווייטער גערעדט, — אז עס זאל ניט אננעמען אן אנדער פארם, אז עס זאל איינגאנצען ניט נעמען א סוף דערצו... איך ווייס אליין ניט קלאר! אדער מיך מאטערט א נארישער געדאנק: וואס וועט ווייטער זיין?... און דאס גאנצע גליק... דאס גאנצע לעבען... — האט זי גערעדט אלץ שטילער און שטילער, שעמענדיג זיך פאר די דאזיגע פראגען, — אלע מיינע פריידען, ליידען... די גאנצע נאטור... — האט זי געפליסטערט, — דאס אלץ ציט מיך ערגעץ ווייט אוועק; איך בין מיט קיין שום זאך ניט צופרידען... גאט מיינער! איך שעם זיך אפילו פאר די אלע נארישקייטען... פאר די אלע פאנטאזיעס... דו קוק ניט, באמערק ניט... — האט זי צוגעלייגט מיט א בעטענדער שטימע, צוטוליענדיג זיך צו אים. — דער דאזיגער טרויער וועט אין גיכען פאראיבער און מיר וועט ווידער ווערען ליכטיג, פרעהליך, ווי עס איז מיר איצט געווארען!

א ציטערנדיגע און א צערטליכע האט זי זיך געטוליעט צו אים, שעמענדיג זיך אויף אן אמת מיט אירע „נארישקייטען" און בעטענדיג ביי אים פארגעבונג פאר זיי.

לאנג האט דער מאן זי אויסגעפרעגט, לאנג האט זי אים איבערגעגעבען, ווי א קראנקע דעם דאקטאר, די סימפטאמען פון איר טרויער, די אלע אומקלארע פראגען, וואס מאטערען זי; זי

— גיב אַ קוק אויף מיר! — האָט ער געזאָגט און אויס־מערקזאַם אַריינגעקוקט אין אירע אויגען.

— מען קאָן מיינען, אַז דו ביסט... אומגליקליך! עפּעס האָסטו היינט אַזוינע מאָדנע אויגען, און ניט בלויז היינט אַליין... וואָס איז מיט דיר, אָלגאַ?

און אָננעמענדיק זי פאַר דער טאַליע, האָט ער זי צוריק־געפירט אין דער אַליי.

— ווייסט וואָס מיט מיר איז? איך בין הונגעריג! — האָט זי געזאָגט און געמיטליך זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ליג ניט! ליג ניט! איך האָב דאָס ניט ליב! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ בלומרשט'ער שטרענגקייט.

— איך בין אומגליקליך! — האָט זי געזאָגט מיט פאַר־וואורף, אָפּשטעלענדיג אים אין דער אַליי. — יאָ, מסתמא אומ־גליקליך דערפאַר, וואָס איך בין צופיל... גליקליך! — האָט זי פאַרענדיגט מיט אַזאַ צערטליכען, ווייכען קלאַנג, אַז ער האָט זי אַ קוש געטאָן.

זי איז געוואָרען געוואַגטער. דער געדאַנק אַז עס איז מעגליך, אַז זי איז אומגליקליך, האָט אומערוואַרטעט אַרויסגערופען אין איר אָפּענהערציגקייט.

— עס איז מיר ניט לאַנגווייליג, און עס קאָן מיר לאַנג־ווייליג ניט זיין. דו אַליין ווייסט עס זער גוט און, עס פאַר־שטעהט זיך, אַז דו גלויבסט ניט דיינע רייד; איך בין ניט קראַנק, נאָר מיר איז... טרויעריג... עס פּאַסירט אַמאָל... אָט האָבטו דעם גאַנצען אַמת, דו אומערטרעגליכער מענש, אויב דיר איז אוממעגליך זיך אויסצובאַהאַלטען פון דיר! יאָ, עס טרעפט, אַז מיר ווערט טרויעריג און איך ווייס ניט פאַרוואָס!

זי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע.

— אַזוי נאָר! פון וואַנען קומט עס? — האָט ער זי שטיל געפרעגט, איינבויגענדיג זיך צו איר.

— איך ווייס ניט, — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט.

— עס דאַרף אָבער פאָרט זיין אַן אורזאַך; אויב די אור־זאַך איז ניט אין מיר, ניט אין דער סביבה, וואָס רינגעלט דיך

מאָרגען וועל איך זי גיט ארויסלאָזען פון הויז, לאָמיר איבער־וואַרטען! — האָט זי געענטפערט איינטאָניג.

שווייגענדיג זיינען זיי דערגאַנגען ביז צו דער ענד פון דער אַליי.

— פאַרוואָס האָסטו ניט געענטפערט אויפ'ן בריף פון דיין פריינדין, מאָנישקאַ? — האָט ער געפרעגט. — דאָס איז שוין איר דריטער בריף, אויף וועלכען דו ענטפערסט ניט.

— מיר ווילט זיך וואָס שנעלער פאַרגעסען אָן איר, — האָט זי געזאָגט און איז אַנטשוויגען געוואָרען.

— איך האָב אין דיין נאָמען געשיקט ביטשורינ'ען אַ גרוס, — האָט אַנדרעי ווייטער גערעדט, — ער איז דאָך אויף אָן אמת פאַרליבט אין דיר.

זי האָט טרוקען אַ שמייכעל געטאָן.

—יאָ, דו האָסט מיר שוין וועגען דעם געזאָגט, — האָט זי געזאָגט גלייכגילטיג.

— דיר ווילט זיך שלאָפען? — האָט ער געפרעגט.

איר האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן, און דאָס ניט צום ערש־טען מאָל; עס פלעגט אָנהויבען צו ציטערען, ווען עס האָבען זיך נאָר אָנגעהויבען געשפּרעכען, וואָס האָבען געהאַט צו טאָן מיט'ן ענין.

—ניין, איך וויל נאָך ניט, — האָט זי מיט אַ קינסטליכער וואַכזאַמקייט געזאָגט. — וואָס איז דען?

— דו ביסט ניט געזונט? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— ניין. פאַרוואָס דאַכט זיך דיר אַזוי?

— לאַנגווייליגסט זיך גלאַט אַזוי!

—זי האָט מיט ביידע הענט אַ דריק געטאָן זיין פּלייצע.

— ניין, ניין! — האָט זי געלייקענט מיט אַ פאַלשער, געבראָכענער שטימע, פון וועלכער עס האָט אויף אָן אמת אַזוי ווי אַרויסגעקלונגען דער אומעט.

ער האָט זי אַרויסגעפירט פון דער אַליי און אומגעקערט איר פּנים צום לבנה שיין.

גילטיג האָט זי זיך אײַנגעהערט צו די ברענענדסטע גײַסען פון דער פּאָליטישער וועלט, צו די אינטערעסאַנטע ערקלערונגען וועגען אַ נײַעם טראָט אין דער וויסענשאַפט, אין דער קונסט.

און אין דער זעלבער צײַט, האָט זיך איר ניט געוואָלט ווײַנען, זי האָט ניט געפילט קיין פּלוצליכען אַנגסט, ווי אין יענער צײַט, ווען עס האָבען זיך פאַנאַנדערגעשפּילט אירע נערווען, ווען עס האָבען אױפגעוואַכט און זיך אַרויסגעוויזען אירע מיידעלשע כוחות. ניין, דאָס איז ניט דאָס!

„וואָס דען איז עס?” האָט זי זיך אַ פאַרצווייפעלטע געפרעגט, ווען איר איז אַמאָל אין אַ אָווענט, אָדער בײַם ווינעל, אָדער נאָר צווישען די צערטליכקייטען פון איר מאַן געוואָרען לאַנגווײַליג, און זי איז געוואָרען גלייכגילטיג צו אַלץ אין דער וועלט.

זי פלעגט מיטאַמאָל אַזוי ווי פאַרגליווערט ווערען, האָט אויפגעהערט צו רעדען, דערנאָך האָט זי מיט אַ געמאַכטער לעבעדיגקייט גענומען זיך טומלען, כדי צו פאַרדעקען איר מאָדנע אויפפירונג, אָדער זי פלעגט זיך באַקלאָגען אויף קאָפּוועהטאָג און זיך לייגען שלאָפען.

אָבער עס איז איר ניט געווען לײַכט זיך אויסצובאַהאַלטען פון אַנדרעי׳ס שאַרפען בליק. זי האָט עס געוואוסט, און מיט אַן אינערליכער אומרואיגקייט האָט זי זיך געגרייט צום געשפּרעך, וואָס זי האָט פאָראויסגעזען, ווי זי האָט זיך געגרייט אַמאָל צו איר ודוי. דער געשפּרעך איז פאַרגעקומען.

אַמאָל אין אַן אָווענד האָבען זיי ביידע שפּאַצירט איז אַן אַליי. זי האָט כמעט ווי געהאַנגען אויף זיין פּלייצע און געשוויגען. עס האָט זי געמאַטערט אַן אָנפאַל, וואָס זי האָט ניט געוואוסט ווי אים צו ערקלערען; און וועגען וואָס ער האָט ניט אַנגעהויבען, האָט זי אין קורצען אים געענטפערט.

— די אַם זאָגט, אַז אָלא הוסט ביי נאַכט, זאָל מען אפשר שיקען מאָרגען נאָך אַ דאָקטאָר? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב איר געגעבען צו טרינקען הייסען טיי און

געפאָרערט נאָך נייערע, אומגעוועהנליכע ערשיינונגען, איר בליק איז געלאָפען פאָראויס.

„וואָס זאָל דאָס באַדייטען?“ — האָט זי מיט שרעק געטראַכט. — קאָן מען דען, דאַרף מען דען פאָדערען נאָך עפּעס? וואו נאָך קאָן מען שטרעבען? שוין ערגעץ ניט! ווייטער איז שוין קיין וועג ניטאָ... איז שוין ניטאָ? האָסטו שוין פאַרענדיגט דיין לעבענס וועג? איז שוין דאָס אַלץ... אַלץ?“... האָט איר נשמה גערעדט און עפּעס ניט דערעדט... און מיט אומרו האָט זיך אַלגאַ אַרומגעקוקט, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוויסען, אַז קיינער זאָל ניט אונטערהערען דאָס פליסטערען פון איר נשמה... זי האָט מיט די אויגען געפרעגט דעם הימעל, דעם ים, דעם וואַלד... זי זעט אין ערגעץ קיין באַשייד ניט: דאָרט איז ווייט, טיף און פינסטער.

די נאַטור האָט גערעדט איינס און דאָס זעלבע; זי האָט אין דער נאַטור געזען אַן אומאונטערגעבראָכען, איינפאָרמיג שטראָמען, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף.

זי האָט ניט געוואוסט ביי וועמען צו פרעגען וועגען איר אומרואיגקייט, וואו צו געפינען אַן ענטפער. און אויב דאָס איז בלויז אַ פליסטערען פון אַן אומפּרוכטבאַרען פאַרשטאַנד, אָדער, וואָס נאָך ערגער, דאָס פליסטערען פון אַ פרויען האַרץ, וואָס איז ניט באַשאַפען געוואָרען פאַר ליבע! גאָט מיינער! זי — זיין אָפגאָט, האָט קיין האַרץ ניט, האָט אַ טרוקענעם שכל, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט צופרידען! וואָס וועט פון איר ווערען? ווי וועט זי פאַלען, ווען עס וועלען זיך אַנטפּלעקען פאַר אים די נייע, ביז אַהער ניט געוועזענע, אָבער, פאַרשטעהט זיך, באַקאַנטע ליידען!

זי האָט זיך באַהאַלטען פון אים, אָדער זי האָט אויסגעטראַכט אַ קראַנקהייט, ווען אירע אויגען האָבען, געגען איר ווילען, אָנגעוואָרען די סאַמעטענע ווייכקייט, האָבען געקוקט טרוקען און היים, ווען אויף איר פנים איז געלעגען אַ שווערער וואָלקען, און ניט קוקענדיג אויף אַלע אירע באַמיאונגען, האָט זי ניט געקאָנט זיך צווינגען אַ שמייכעל צו טאָן, רעדען; גלייכ-

גימט די לעבענס טריט, זי האט פיבערהאפט געזוכט טומעל, רייש, באוועגונג, זארגען, זי האט געבעטען דעם מאן צופארען אין שטאדט אריין, זי האט געפרואווט אריינגעהן אין דער געזעלשאפט, זען זיך מיט מענשען, אבער דאס האט לאנג ניט אנגעהאלטען.

דער טומעל פון דער שטאדט האט כמעט זי ניט אנגערירט, און זי האט גלייך געאיילט זיך צוריק אין איר ווינקעל כדי ארונטערצוטרייסלען פון איר נשמה עפעס א שווערען, אומגעוועהנליכען איינדרוק. און ווידער איז זי דערטרונקען געווארען אין די קליינע דאגות פון דעם פאמיליען לעבען, האט גאנצע טעג ניט פארלאזען די קינדער, געטראגען די פליכטען פון א מוטער־אם, האט זיך פארטיפט מיט אנדרע׳ען אין לעזען, אין געשפרעכען וועגען ערנסטע פראגען, אדער האט געלעזען פאעטען, גערעדט וועגען א רייזע קיין איטאליען.

זי האט געציטערט אריינצופאלען אין אזא צושטאנד, וואס זאל זיין ענליך אויף דער אבלאמאווישער אפאטיע. אבער ווי זי האט זיך ניט באמיט ארונטערצואווארפען פון איר נשמה די פעריאדישע מאמענטען פון פארגליווערונג, פון פארשלאפענקייט, האט זיך צו איר אין אנפאנג אונטערגע׳גנב׳עט דער חלום פון גליק, עס האט זי ארומגערינגעלט א טיפע נאכט, עס פלעגט זי שמידען דער שלאף, דערנאך פלעגט ווידער קומען א פארחלומ׳טע אומגעבונג, עפעס א טעמפער טרויער, עס האבען זיך גענומען הערען אין דעם אומרואיגען קאפ אזוינע טרויעריגע, נעבעלהאפטע פראגען.

אלגא האט וואכיג זיך צוגעהערט צו זיך, אויסגעפרואווט זיך, אבער זי איז גארניט ניט דערגאנגען, זי איז ניט קלאר געווארען, וואס עס זוכט און עס בעט צייטענווייז איר נשמה; זי האט בלויז געוואוסט, אז עס בעט און זוכט וואס איר נשמה, און אזוי ווי — עס איז שווער ארויסצורעדען — זי וואלט געבענקט נאך עפעס, ווי דאס גליק פון איר לעבען וואלט איר ניט גענוגענט, אזוי ווי זי וואלט מיד געווארען פון איר לעבען אין

קאַמף מיט׳ן לעבען שוין איצט, ווען זיי זיינען נאָך יונג און שטאַרק, ווען דאָס לעבען האָט זיי נאָך געשוינט, אָדער זיינע קלעפּ האָבען ניט אויסגעזוכט צו זיין שטאַרק, ווען יעדער אומ־גליק איז נאָך פאַרשוואונדען געוואָרען אין דער ליבע.

זיי האָבען געהאַט אומאַנגענעמע טעג, אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. מיסערפאָלגען אין געשעפט, דאָס אָנווערען א באַדייטענדע סומע געלט — אָבער דאָס אַלץ האָט זיי זער ווייניג געאַרט. עס האָט זיי בלויז פאַרשאַפט איבריגע דאגות, איבריגע רייזעס, אָבער באַלד דערנאָך האָבען זיי אָן דעם אַלעם פאַרגע־סען.

דער טויט פון דער טאַנטע האָט ביי אָלגאַ׳ן ארויסגערופען ביטערע, אמת׳ע טרערען און א האַלב יאָר צייט איז א שאָטען געלעגען אויף איר לעבען.

אָבער די גרעסטע שרעק און אייביגע זאָרגען האָבען ארויס־גערופען די קראַנקהייטען פון די קינדער, אָבער ווי נאָר די גע־פאַר איז פאַראיבער, האָט זיך גלייך אומגעקעהרט דאָס גליק.

מער פון אַלץ האָט אים באַאומרואיגט אָלגאַ׳ס געזונט: איר האָט גענומען א לאַנגע צייט ביז זי איז געקומען צו זיך נאָך א קימפּעט, און כאָטש זי איז סוף כל סוף צוריקגעקומען צו אירע כחות, אָבער אים האָט דאָס באַאומרואיגט. פון קיין גרעסערע אומגליקען האָט ער ניט געוואוסט.

„אָ, ווי גליקליך איך בין!״ פלעגט אָלגאַ זאָגען אין דער שטיל, באַוואונדערענדיג איר לעבען, און אין מינוטען פון אָט דעם באַוואוסטזיין איז זי אָפטמאָל ארייגגעפאַלען אין חלומות... באַ־זונדערס פון א געווימער צייט אָן, א דריי פיר יאָר נאָך דער חתונה.

מאָדנע איז די מענשליכע נאַטור! וואָס פולשטענדיגער איר גליק איז געווען, איז זי אַלץ געוואָרען פאַרטראַכטער און אפילו... שרעקענדיגער. זי האָט גענומען ערנסט נאָכקוקען נאָך זיך און זי האָט באַמערקט, אז עס האָט זי באַאומרואיגט אָט דאָס שטילקייט פון לעבען. זי האָט איבערגעוואַלט אָפּגעטריי־סעלט פון איר נשמה אָט די פאַרטראַכטקייט און זי האָט פאַר־

קלינגט אין אירע רייד, ווי אַזוי אַט דער געדאַנק איז אריין אין איר, איבערגעאַרבייט זיך אין איר קאָפּ און לייכט אַרויס פון אירע אויגען ניט ווי עפּעס טרויעריקעס, נאָר מיט'ן גלאַנץ פון פרייען גראציע, און באַזונדערס, ווען עפּעס א פּרוכטבארער טראָפּען פון דעם וואָס ער האָט איר געזאָגט, פאַרגעלעזען, איינגעצייכענט האָט זיך ווי א פּערל אַרונטערגעלאָזען אויפ'ן ליכטיגען גרונט פון איר לעבען.

ווי א דענקער און קינסטלער האָט ער געשטריקט איר גייסטיג לעבען, און קיינמאָל פריער, ניט אין דער צייט, ווען ער האָט זיך נאָך געלערענט, ניט אין דער שווערער צייט, ווען ער האָט געקעמפּט מיט'ן לעבען, ווען ער האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון זיינע פאַרדרעהעגישען און שטאַרק געוואָרען, ניט אין דער צייט, ווען ער האָט זיך פאַרפאַנצערט אין די ערפאַרונגען פון א מאַן, איז ער ניט געווען אזוי פאַרכאַפּט, ווי ער איז עס געווען איצט, ווען ער האָט זיך פאַרנומען מיט אָט דער אייביג וואַכענדיגער, וואולקאַנישער אַרבייט פון אַרומגעהן אַרום דעם גייסט פון זיין פריינדין.

„אָ, ווי איך בין גליקליך!“ האָט שטאָלץ צו זיך גערעדט, און זיין געדאַנק איז פאַרלאָפען פאָראויס, נאָך די האָניג־יאָרען.

און פון דאָרט האָט צו אים אַרויסגעשמייכעלט א ניי בילד, ניט פון אָלגאַ דער עגאָאיסטין, ניט פון דער ליידענשאַפטליך ליבענדער פרוי, ניט פון דער מוטער־אַם„ וואָס ווערט שפּעטער פאַרוועלקט אין דעם פאַרבלאָזען, קיינעם ניט נויטיגען לעבען, נאָר פון עפּעס אַנדערש, פון עפּעס הויכעס, כמעט אומגעוועהנליכעס...

אים האָט זיך גע'חלומ'ט א מוטער — א באַשאַפערין און אַן אַנטייל נעמערין אין דעם גייסטיגען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון א גאַנצען גליקליכען דור.

ער האָט מיט שרעק געטראַכט צי איר וועט קלעקען גענוג ווילען און כוחות... און ער האָט איר ווייטער געהאָלפען וואָס גיכער צו באַהערשען דאָס לעבען, אָנצוזאַמלען כוחות פאַר'ן

זי נאָך מער אַריינגעבראַכט אין כעס; און שלום איז זי מיט אים געוואָרען ערשט דאַמאָלט, ווען ער האָט אויפגעהערט צו טרייבען שפּאַס און האָט זיך מיט איר געטיילט מיט זיין געדאַנק, מיט זיין וויסען. עס האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז אַלץ, וואָס עס איז געווען נויטיג פאַר אים און עס האָט זיך אים געוואָלט וויסען ,לעזען, איז אויך געווען אומבאַדינגט נויטיג פאַר איר.

ער האָט ניט אַרויפגעצוואונגען אויף איר קיין וויסענשאַפטען בלויז דערפאַר, כדי ער זאָל זיך קאָנען באַרימען מיט דער נאַרישסטער פון אַלע באַרימערייען — מיט אַ געלערנט ווייב. ווען עס וואָלט זיך ביי איר אַרויסגעריסען אַן איינציג וואָרט אָדער אפילו באַמערקונג וועגען דעם, וואָלט ער רויט געוואָרען פיל מער, ווי ווען זי וואָלט געענטפערט מיט אַ טעמפּען בליק פון אומוויסענהייט אויף אַ וויסענשאַפטליכער פראַגע, וואָס איז נאָך דערווייל ניט אָנגענומען, אַז פרויען זאָלען זיך מיט דעם פאַרנעמען. אים האָט זיך בלויז געוואָלט, און איר דאָפּעלט אַזוי שטאַרק, אַז עס זאָל זיך קיין זאַך ניט געפינען, וואָס זאָל ניט זיין צוגענגליך און פאַרשטענדליך פאַר איר.

ער האָט ניט געצייכענט פאַר איר קיינע טאַבעלען מיט ציפערען, אָבער גערעדט האָט ער מיט איר וועגען אַלץ, ער האָט ניט אויסגעמידען קיינע עקאָנאָמישע טעאָריען, קיין סאָציאַלע אָדער פילאָזאָפישע פראַגען; גערעדט האָט ער ליידענשאַפטליך: ער האָט אַזוי ווי געמאָלען פאַר איר אַן אומענדליך לעבעדיג בילד פון וויסען. מיט דער צייט זיינען פון איר זכרון פאַרשוואונדען די איינצעלהייטען, אָבער קיין מאָל איז ניט אָפּגעווישט געוואָרען פון איר אויפנעמענדען קאָפּ דאָס בילד, עס זיינען ניט בלייך געוואָרען די פאַרבען, עס איז ניט פאַרלאָשען געוואָרען דאָס פייער, מיט וועלכען ער האָט באַלויכטען דעם פאַר איר געשאַפענעם קאָסמאָס.

ער האָט געציטערט פאַר פרייד און שטאָלץ, ווען ער האָט באַמערקט, אַז אַ פונק פון דעם פייער לויכט אין אירע אויגען, ווי אַן עכאָ פון אַ געדאַנק, וואָס ער האָט איר איבערגעגעבען,

געקומען זי אריינצונעמען אפילו אין זיין שווערען געשעפטלי־בען לעבען, וואָרים אין א לעבען אָן באוועגונג האָט איר גע־שטיקט, ווי זי וואָלט געווען אָן לופט.

א גייע געביידע, אלץ וואָס עס האָט זיך געפאָדערט מיט זייער אָדער מיט אָבלאָמאָוו׳ס גוט, געשעפטליכע אנגעלעגענ־הייטען — קיין שום זאך איז ניט געטאָן געוואָרען אָן איר וויסען און אָן איר מיטהילף. קיין איין בריף איז ניט אוועק־געשיקט געוואָרען, אז זי זאָל אים ניט האָבען דורכגעלעזען, קיין איינציגער פלאן, ניט רעדענדיג שוין פון קיין באשלוס, איז ניט געטאָן געוואָרען אָהן איר; זי האָט אלץ געוואוסט, אלץ האָט זי פארנומען, ווייל עס האָט אים פארנומען.

אין אָנפאנג האָט ער עס געטאָן, ווייל מען האָט זיך ניט געקאָנט באהאלטען פון איר: איז געשריבען געוואָרען א בריף, האָט ער גערעדט מיט זיין פארוואלטער — אלץ איז געטאָן געוואָרען אין איר געגענווארט. שפעטער האָט ער עס געטאָן פון געוועהנהייט און מיט דער צייט איז עס געוואָרען פאר אים א נויטווענדיגקייט.

אירע באמערקונגען, איר׳ס אן עצה, איר׳ס אן ערמוטי־גונגס וואָרט, איר׳ס א ווארנונג זיינען פאר אים געוואָרען א נויטווענדיגע פראָבע. ער האָט זיך איבערצייגט, אז זי פאר־שטעהט, באגרייפט ניט ערגער פון אים... זאכאר האָט זיך געפילט באליידיגט פון זיין ווייב׳ס פעהיגקייט, און א סך אנדערע באליידיגען זיך — אָבער שטאָלץ איז געווען גליקליך דערמיט.

אָלגא איז געווען אייפערזיכטיג צו יעדען בוך, וואָס ער האָט איר ניט געוויזען, צו יעדען ארטיקעל אין א זשורנאל. זי איז געווען אויף אן אמת אין כעס, ווען ער האָט איר עפּעס ניט באוויזען, ווייל לויט זיין מיינונג, איז דאָס געווען צופיל ערנסט, צו לאנגווייליג פאר איר, זי האָט אזא האנדלונג אָנ־גערופען אָפּגעשטאנענקייט, פעדאנטיזם. דאָס איז געווען אן אורזאך פאר פילע אויפגערעגטע סצענען.

זי האָט זיך געבייזערט, און ער האָט געלאכט, דאָס האָט

אין דער שטיל איבערגעגעבען איינער פאַר'ן אנדערען די ליי־
גיעס פון זייערע חלומות, די ערשטע באוועגונגען, וואָס דער
צונג קאָן נאָך ניט דערכאַפּען, דעם קוים הערבאַרען געפּליס־
טער פון דער נשמה...

און זייער שווייגען איז געווען — אָדער פאַר'חלומ'ט
גליק, וועגען וועלכען עס האָט גע'חלומ'ט אָבלאָמאָוו, אָדער
אַן אָנשטרענגונג פון מוח אויף ניט פאָרענטפערטע פראַגען,
וואָס איינער האָט געשטעלט דעם צווייטען.

צייטענווייז זיינען זיי פאַרזונקען געוואָרען אין א שטור־
מער באוואונדערונג פאַר דער אייביג נייער, און מיט שעהנ־
הייט שטראַלענדער נאַטור. זייערע דינע נשמות האָבען ניט
געקאָנט צוגעוועהנט ווערען צו אָט דער שעהנהייט: די ערד,
דער הימעל, דער ים — דאָס אַלץ האָט אויפגעוועקט זייער
געפיל, און שווייגענדיג זיינען זיי געזעסען צוזאַמען, מיט די
זעלבע אויגען און מיט איין נשמה געקוקט אויף אָט דעם שע־
פערישען גלאַנץ און האָבען אָן ווערטער פאַרשטאַנען איינער
דעם צווייטען.

זיי האָבען ניט באַגעגענט גלייכגילטיג דעם פרימאָרגען:
זיי האָבען ניט געקאָנט טעמפּ פאַרזונקען ווערען אין דער
וואַרעמער, באַשטערענדער דרום־נאַכט. עס האָט זיי געהאַל־
טען דער שטענדיג באַוועגענדער זיך געדאַנק, דאָס שטענדיגע
אויפרעגונג פון הארץ און די נויטווענדיגקייט צו טראַכטען,
פילען, רעדען זאַלבעצווייט.

וואָס האָט געבראַכט צו די אַלע הייסע דיספּוטען, שטילע
געשפּרעכען, לעזען, ווייטע שפּאַצירונגען?

אַלץ. נאָך אין אויסלאַנד האָט זיך שטאָלץ אָפּגעוועהנט
צו לעזען, אַרבייטען איינער אַליין: דאָ, אויג אויף אויג מיט
אָלגאַ'ן, האָט ער אפילו געטראַכט זאַלבעצווייט. אים איז קוים
וואָס געלונגען צו באַווייזען נאָכצוגעהן די ביכקייט פון איר
שכל.

די פראַגע, ווי אַזוי ער וועט איינאָרדנען זיין פאַרהייראַט
לעבען, האָט זיך איינגעשטעלט פון זיך אַליין. אים איז אויס־

מען זיי איבערגעטראָגען, אָבער דאָס לעבען איז ביי זיי נאָך אַלץ גים געוואָרען עפּעס אומבאוועגליכעס.

אַלגאַ האָט זיך שוין דערצויגען ביז צו אַ שטרענגען פאַר־שטעהן פון לעבען: צוויי לעבענס, אירס און אַנדרעי׳ס האָ־בען זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איין שטראָם; עס האָט שוין ביי זיי נים געקאָנט זיין קיין פריי פאַנאַנדערשפּילען זיך פון ווילדע ליידענשאַפּטען: ביי זיי האָט געהערשט הארמאָניע און רו.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי דאַרפען איינשלאָפען אין זייער פאַרדינטער רו און גליקזעליג זיין, ווי עס זיינען גליק־זעליג די באוואוינער פון פאַרוואָרפענע ווינקלען, וואָס קומען זיך צוזאַמען דריי מאָל אַ טאָג, גענעצען ביי זייערע געשפּרע־כען, פאַלען אריין אין אַ טעמפּער פאַרדרימעלטקייט, קוועלען זיך פון דער פרי ביז׳ן אָוועגט, אַז אַלץ איז שוין איבערגע־טראַכט געוואָרען, איבערגערעדט און איבערגעמאַכט געוואָרען, און אַז עס איז ניטאָ מער וועגען וואָס צו רעדען און וואָס צו טאָן, און אַז „אַזוי איז שוין דאָס לעבען אויף דער וועלט".

אויסערליך איז ביי זיי פאָרגעקומען אַלץ פּונקט אַזוי ווי ביי אַלע אַנדערע מענשען. זיי האָבען זיך אויפגעהויבען, אמת, ניט מיט׳ן מאָרגענשטערען, אָבער דאָך גאַנץ פרי; זיי האָבען ליב געהאַט לאַנג צוזיצען ביים טיי, טיילמאָל האָבען זיי אַזוי ווי פויל געשוויגען, דערנאָך איז זיך יעדער נעגאַנגען אין זיין ווינקעל, אָדער זיי האָבען געאַרבייט צוזאַמען, געמיטאָגט, גע־פּגרען אין פעלד אריין, פאַרנומען זיך מיט מוזיק... פּונקט ווי אַלע, פּונקט ווי עס האָט אייך גע׳חלום׳ט אָבלאָמאָוו.

עס איז בלויז ביי זיי ניט געווען קיין פאַרשלאָפענקייט, קיין דערשלאָגענהייט; אָהן לאַנגווייליגקייט און אַפּאַטיע האָ־בען זיי פאַרבראַכט די טעג; זייערע ווערטער און בליקען זיינען ניט געווען וועלק; זייער געשפּרעך האָט זיך קיינמאָל ניט געענדיגט, אָפטמאָל געווען זעהר הייס.

איבער די צימערען האָבען געקלונגען זייערע קלינגענדיגע שטימען, האָבען דערגרייכט ביז׳ן גאָרטען, אָדער זיי האָבען

אויסברוכען אינטער א געוויסען געזעץ, געבען איר לעבען א מעגליכקייט רואיג צו פליסען, אָבער דאָס אַלץ איז אים גע־לונגען בלויז אויף א צייט, וואָרים ווי גאָר ער האָט מיט צו־טרויען פאַרמאַכט די אויגען, האָט זיך אויפגעהויבען א ליאַרם, דאָס לעבען האָט אָנגעהויבען שלאָגען ווי א קוואַל, עס האָבען זיך אָנגעהויבען הערען נייע פראַגען פון דעם אומרואיגען שכל, פון דעם אויפגערעגטען האַרץ; אַט האָט מען געדאַרפט באַ־רואיגען די צורייצטע פאַרשטעלונגס־קראַפט, אַט האָט מען געדאַרפט איינגעמען אָדער אויפוועקען איר זעלבסט־ליבע. האָט זי זיך פאַרטראַכט וועגען געוויסע ערשיינונגען פון לעבען — האָט ער שוין געאיילט איר צו געבען דעם שליסעל צו זיי.

דאָס גלויבען איז צופאַלען, דער נעבעל פון גאַליצונאַציעס איז פאַרשוואונדען. קלאָר און אָפען האָט זיך פאַר איר אויס־געשפרייט די ווייט, און זי האָט אין איר, ווי אין א דורכזיכטיג וואַסער, געזען איטלאַך שטיינדעל, איטלאַך גריבעל און דעם קלאָרען גרונט.

„איך בין גליקליך!" האָט זי געפליסטערט, אַרומנעמענ־דיג מיט א בליק פון דאַנקבאַרקייט אירע פאַרגאַנגענע טעג און, פאַרשענדיג איר צוקונפט, האָט זי זיך דערמאָנט איר חלום פון גליק, וואָס עס האָט זיך איר גע'חלום'ט מיידעלווייז אין דער שווייץ, אַט יענע פאַר'חלומ'טע בלויע נאַכט, און זי האָט דערזען, אַז אַט דער חלום טראָגט זיך אַרום אין לעבען ווי א שאָטען.

„פאַר וואָס איז דאָס אַלץ אויסגעפאַלען אויף מיין מזל?" האָט זי געטראַכט.

זי האָט זיך פאַרטראַכט, צייטענווייז האָט זי אפילו מורא געהאַט, אַז דאָס דאָזיגע גליק זאָל זיך מיט אמאָל ניט איבער־רייסען.

עס זיינען פאַרפלאָסען יאָרען, און זיי זיינען ניט מיד געוואָרען צו לעבען. עס איז אָנגעקומען די רו, עס האָבען זיך איינגעשטילט די אויסברוכען: די אומגלייכקייטען פון לע־בען זיינען געוואָרען פאַרשטענדליך, מוטיג און געדולדיג האָט

גרייפען פון וואנען האט זיך דאס אלץ גענומען צו איר, און ער האט ניט דערקענט זיינע שנעלע באמערקונגען און לעקציעס.

ווען ער וואלט זיך דאמאלט לענגער פארטראכט אויף איר, וואלט ער געזען, אז זי געהט כמעט אליין איר אייגענעם וועג, אז דער טאנטע'ס אויפזיכט היט זי נאר אפ אויבערפלעכ־ליך, אז זי ווערט ניט אונטערגעיאכט פון דעם אויטאריטעט פון באנעס, באבעס, מומעס, פון דער טראדיציע פון איר פאמיליע, שטאנד, פארעלטערטע זיטען, געוועהנהייטען, פאר־אורטיילען; אז מען פירט זי ניט איבערגעוואלט אויף דעם אויסגעטראטענעם וועג, אז זי געהט מיט א נייעם שטעג, אויף וועלכען זי האט זיך געמוזט דורכשלאגען מיט איר אייגענעם שכל, געפיל און קוק אויף זאכען.

און די נאטור האט זי מיט קיין זאך ניט פארזען; די טאנטע הערשט ניט דעספאטיש אויף איר ווילען און איר שכל, און אלגא שטויסט זיך אן אן א סך זאכען, באגרייפט אליין, קוקט זיך פארזיכטיג צו צום לעבען, הערט זיך איין... צווישען אנדערע, אויך צו די רייד און עצות פון איר פריינט.

ער האט זיך דאס אלץ ניט פארגעשטעלט און האט בלויז געוואוסט פון איר זעהר פיל אין דער צוקונפט, אבער בלויז אין דער וויטער צוקונפט.

און א דאנק איר שעמעוודיגקייט האט זי זיך א לאנגע צייט ניט געלאזט דערקענען, און ערשט נאך דעם פיינליכען קאמף אין אויסלאנד, האט ער מיט ערשטוינונג דערזען, צו וואס פאר א מוסטער פון פשוט'קייט, קראפט און נאטירליכ־קייט איז אויסגעוואקסען דאס פיל פארשפרעכענדע און פון אים פארגעסענע קינד. דא האט זיך צוביסלאכווייז אנטפלעקט פאר אים די טיפעניש פון איר נשמה, וואס אים איז אויס־געקומען אנצופילען, אבער וועלכע ער האט קיינמאל ניט אנ־געפילט.

אין אנפאנג איז אים אויסגעקומען צו קעמפען מיט דער לעבעדיגקייט פון איר כאראקטער, עס איז אים אויסגעקומען איבערצורייסען איר יוגענד פיבער, אונטערברעכען איהרע

ניט שפילענדיג זיך מיט דער פראגע פון ליבע און חיי־ראס, ניט אריינמישענדיג אין איר קיינע אנדערע אויסרעכע־נונגען, ווי געלט, שטעלע, פארבינדונגען, האט זיך שטאלץ דאך פארטראכט וועגען דעם, ווי אזוי ער וועט קאנען שלום מאכען צווישען זיין אויסערליכער אומאויפהערליכער טעטיגקייט מיט דער אינערליכער, מיט דער פאמיליען סביבה, ווי אזוי ער וועט זיך פארוואנדלען פון א טוריסט אין א הויז־זיצער? אויב ער וועט זיך באפרייען פון אט דעם אויסערליכען טומעל און יאגעניש, מיט וואס וועט זיך אנפילען זיין פאמיליען לעבען? אמת, דאס אויפהאדעווען, דאס ערציען פון די קינדער, זיי ארויספירען אויפ׳ן וועג פון לעבען איז ניט קיין לייכטע אויפ־גאבע, אבער צו דעם איז נאך זעהר וויט; וואס וועט ער אבער טאן ביז יענער צייט?

די דאזיגע פראגען האבען אים שוין פון לאנג באאומרו־היגט, און עס איז אים ניט געפאלען שווער דאס בחור׳שע לעבען; עס איז אים קיינמאל ניט איינגעפאלען אנצוטאן אויף זיך די קייטען פון פארהייראטען לעבען, ווען זיין הארץ האט אנגעהויבען צו קלאפען, דערפילענדיג לעבען זיך א שעהנע פרוי. דערפאר האט ער אזוי ווי ניט באמערקט אלגא׳ן אלס מיידעל, ער האט זי באוואונדערט, ווי מען באוואונדערט א ליב קינד, וואס גיט גרויסע האפנונגען; שפאסענדיג, פון דער זייט, האט ער אריינגעווארפען אין איר הונגעריגען, אויפנע־מענדען שכל א ניי געוואגטען געדאנק, א טרעפענדע באמער־קונג, אבער באלד האט ער פארגעסען אי אלגא׳ן, אי זיינע אויבענאויפיגע לעקציעס.

און טיילמאל, ווען ער האט געזען, אז אין איר פינקלען אמאל דורך אומגעוועהנליכע שטריכען פון פארשטאנד, אנשווי־אונגען, אז אין איר איז ניטא קיין ליגען, אז זי זוכט ניט גע־פעלען צו ווערען אנדערע, אז געפילען לעבען אין איר אויף און פארלאזען זי אזוי פשוט און פריי, אז אלץ אין איר איז איי־גענס, ניט קיין פרעמדס; און אלץ, וואס עס איז איר איי־גענס, איז מוטיג, פריש, פעסט — האט ער ניט געקאנט בא־

וועהנט זיך דערצו גלייך צו און שפּעטער באמערקט ער עס מער קיינמאָל נים.

— וואָס, אַלזאָ, איז עס פאַרט? איז עס אַן איינגע־באָרענע אומפעהיגקייט, וואָס קומט אַ דאַנק די געזעצען פון דער נאַטור, — האָט ער געזאָגט צו זיך, — אָדער עס קומט פון מאַנגעל אין ערציאונג?... וואו זשע איז דאָס געפיל, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אָן זיין נאַטירליכע שעהנהייט, וואָס קליידט זיך ניט אין דעם טראַכט פון אַ ליגן, וואָס בייט דעם אויסזען, אָבער פאַרלעשט זיך קיינמאָל ניט? וואָס איז דער נאַטירליכער קאָליר און פאַרב פון אָט דעם לעבענס זאַפט, פון אָט דעם פרייד, וואָס איז פאַרשפּרייט איבעראַל און פילט אַליז אָן מיט זיך?

ווי אַ נביא האָט ער אַריינגעקוקט אין דער צוקונפט און דאָרט האָט זיך פאַר אים באַוויזען, אין אַ נעבעל, אַ געפיל, אַ פּשוט געפיל, אָבער אַזאַ ריין, אַזאַ ליכטיג...

— חלומות, חלומות! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכעל, אויסניכטערענדיג זיך פון די אומזיסט אויפגערייצטע געדאַנקען.

אָבער אַ בילד פון אָט דעם געפיל האָט נאָגען זיין ווילען נעלעבט אין זיין זכרון.

אין אָנפאַנג האָט ער אין זיינע פאַנטאַזיעס געזען אין אָט דעם בילד די צוקונפט פון אַלע פרויען; אָבער ווען ער האָט שפּעטער דערזען אין דער דערוואַקסענער און צייטיג נעוואָרענער אָלגאַ, ניט בלויז די פּראַכט פון פאַנאַנדערבליהענ־דער שעהנהייט, נאָר אויך אַ קראַפט, וואָס איז גרייט געווען צו דעם לעבען און וואָס האָט געגאַרט צו באַנעמען און אַריין אין קאַמף מיט'ן לעבען, האָט אין אים אויפגעוואַכט דאָס אַלטע, כמעט פאַרגעסענע בילד פון ליבע און אין דעם דאָזיגען בילד האָט זיך אים געגומען חלום'ען אָלגאַ, און אים האָט זיך אויס־געוויזען, אַז עס איז מעגליך, אַז זייער געפיל זאָל זיין דורכ־געדרונגען פון'ם אמת — אָהן יענעם לצ'אָנישען מיצעל און אָהן מיסבריך.

אזא גרויסען בוים, וואָס וואָלט זיין א גליק אויף זייער גאַנץ לעבען".

ער האָט פאַר זיך געזען די הייראַט, ער האָט געזען פאַר זיך די מענער און אין זייער באַציאונג צו זייערע פרויען האָט ער שטענדיג געזען א רעטזעלהאַפטען ספינקס, דאָס אַלץ איז אַזוי ווי אומפאַרשטענדליך, ווי עס וואָלט עפּעס ניט דערזאָגט געוואָרען; אָבער אין דער זעלבער צייט פאַרטראַכטען זיך גאָר ניט אָט די דאָזיגע מענער וועגען אָט די אַלע קלוגע פראַגען, געהען זיך אויפ'ן וועג פון פאַרהייראַטען לעבען מיט אַזוינע זיכערע און גלייכע טריט, אַזוי ווי אַלע פראַגען וואָל־טען געווען פאַרענטפערט.

„אפשר זיינען זיי גערעכט? אפשר דאַרף מען אויף אַן אמת מער ניט ווי דאָס?, האָט ער מיט אומצוטרויען צו זיך געטראַכט, קוקענדיג, ווי גיך זיי געהען דורך די ליבע, ווי עס וואָלט געווען דער אלף־בית פון דער הייראַט, אָדער א פאָרם פון העפליכקייט, פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך באַגריסט, אריינגעהענדיג אין א הויז, און — א סוף!

זיי וואַרפען מיט אומגעדולד ארונטער פון זייערע פּליי־צעס דעם פרילינג פון זייער לעבען; אַנדערע, דאַכט זיך, זיינען שפּעטער דאָס גאַנצע לעבען בייז אויף זייערע פרויען, ווי עס וואָלט געווען זייער שולד, וואָס די מענער זיינען אַמאָל געווען אַזוי נאַריש און זיי ליב געהאַט.

אַנדערע ווערען ניט פאַרלאָזען פון דער ליבע א לאַנגע צייט, טיילמאָל ביז דער טיפער עלטער, דערפאַר, אָבער, פאַר־לאָזט אויך זיי קיינמאָל ניט דער שפּאָט־שמייכעל...

די גרעסטע טייל, ווידער, טרעט אריין אין פאַרהייראַטען לעבען, ווייל מען זעט אויבען אויף די נוצען דערפון: א ווייב ברענגט אריין מער אָרדנונג אין א הויז — זי איז די באַלע־באָסטע, מוטער, גיט אכטונג אויף די קינדער; און אויף דער ליבע קוקען זיי, ווי א פּראַקטישער באַלעבאָס קוקט אויף דעם געגענט וואו עס געפינט זיך זיין גוט, דאָס הייסט, ער גע־

זייער גענגענזייטיגער פופציג יעריגער טריישאפט, ניט קוקענדיג וואס זיי זיינען געווען צושיידט; אויף די הירטינס מיט די רויטע געזיכטער און אפענהערציגע אויגען.

עס האבען זיך באוויזען פאר אים אנגעפודערטע מאר־קיזען, אין שפיצען, מיט אויגען, וואס האבען געלויכטען מיט חכמה און מיט פארדארבענע שמייכלען; דערנאך האבען זיך פאר אים באוויזען די, וואס האבען זיך דערשאסען, געהאנגען און דערווארגען; שפעטער האט ער פאר זיך געזען פאר־וועלקטע יונג־פרויען מיט די אייביגע טרערען פון ליבע, מיט זייערע קלויסטערס, און די באוואנסטע געזיכטער פון די העל־דען פון דער נאענטער פארגאנגענהייט, מיט דעם אומרואיגען פייער אין די אויגען, נאאיווע און באוואוסטזיניגע דאן־זשו־אנען... אלע, אלע!...

אויף דער פראגע: וואו איז דער אמת? האט ער גע־זוכט אין דער ווייט און אין דער נאענט, אין דער פאנטאזיע זיינער און מיט זיינע אויגען ביישפילען פון פישוט׳ן, ערליכען, אבער טיפען און אומצושיידבארען צוזאמענלעבען מיט א פרוי, און ער האט עס ניט געפונען; אויב עס האט זיך אים אויס־געוויזען, אז ער האט עס שוין יא געפונען, האט עס זיך אים נאר אזוי אויסגעדאכט, באלד איז געקומען די אנטוישונג, און ער איז געווארען באהערשט פון א טרויער און איז אריינ־געפאלען אין א פארצווייפלונג.

„ווי עס זעט אויס, קאן מען דאס דאזיגע גליק ניט געני־סען אין זיין פולער מאס", האט ער ביי זיך געטראכט: „אדער די דאזיגע הערצער, וואס זיינען באשאנקען מיט אזא ליבע זיינען ניט געוואגט: זיי ציטערען, באהאלטען זיך, ווי־לען ניט ארוים אין קאמף מיט די ביטרע לייט; און עס איז נאך גאנץ מעגליך, אז זיי באדויערען זיי, פארגיבען זיי אין נאמען פון זייער גליק, וואס יענע שטויסען אין קויט די שפראצונג, ווייל זיי פעלט א באדע, וואו די דאזיגע פלאנצונג וואלט געקאנט לאזען טיפעווארצלען און אויסוואקסען אין

אַרומגעטומעלט, האָט ער זיך אונטער דעם פּאַטערס אויפזיכט מיט עפּעס פאַרנומען. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט פאַנאַנ־דערצעשווימען אין חלומות. זיין איינבילדונג איז ניט פאַר־דאָרבען געוואָרען, זיין הארץ איז ניט קאַלט געוואָרען: אויף דער ריינקייט און פרישקייט פון זיי ביידען האָט אכטונג נעגעבען די מוטער.

נאָך אלס איננעל האָט ער אינסטינקטיוו אָפּגעהיט די פרישקייט פון זיינע כוחות: עס איז אים אין גיכען קלאָר געוואָרען, אז די דאָזיגע פרישקייט געבירט מוט און פרעה־ליכקייט, בויט אויף יענע מענליכקייט, אין וועלכער עס דארף זיין איינגעראַמט דאָס הארץ, כדי עס זאָל ניט בלייך ווערען אין אָנגעזיכט פון לעבען, ניט קוקענדיג, ווי שווער דאָס לעבען זאָל ניט זיין, עס זאָל קוקען אויפ'ן לעבען ניט ווי אויף א יאָך, נאָר ווי אויף א פליכט, און אז עס איז ווירדיג איבערצוטראָגען א קאמף מיט'ן לעבען.

ער האָט אויך אָפּגעגעבען א סך מארך צו דער נשמה און אירע געזעצען. באַאָבאַכטענדיג באוואוסטזיניג און אומבאַ־וואוסטזיניג די ווירקונג פון דאָס שעהנע אויף דער איינביל־דונג, און דעם איבערגאַנג פון איינדרוק אין געפיל, זיינע סימפּטאָמען, זיין אויסגאַנג, איז ער געקומען צו דער איבער־צייגונג, אז די וועלט ווערט רעגירט דורך דער ליבע. און אז אין דער ליבע איז דאָ פונקט אזוי פיל גליק און אמת, וויפיל עס איז דאָ אין איר מיאוס'קייט און שלעכטס. וואו זשע איז דאָס גליק? וואו איז דאָס שלעכטס? וואו איז דער גרענעץ צווישען זיי?

אויף דער פראַגע: וואו איז דער ליגען? האָט זיך אין זיינע געדאַנקען געגומען ציען א בונטע קייט פון מאַסקען פון דער געגענוואַרטיגער און פאַרגאַנגענער צייט. אַמאָל מיט א שמייכעל, אַמאָל ווערענדיג רויט, אַמאָל אָנבלאָזענדיג זיך, האָט ער געקוקט אויף דער אומענדליכער קייט פון די אַלע העלדען און העלדינען פון דער ליבע: אויף די דאָן־קיכאָטען אין די שטאָלענע האַנט־שו, אויף די דאַמען פון זייערע הערצער, אויף

מענליך, געווען אָריגינעל, איבערגעטריבען, אָבער אין יעדען פאַל, זעלבסטשטענדיג. אויך דאָ איז ער געגאַנגען מיט א פרייען און, ווי אים האָט זיך געדאַכט, מיט א נאַטירליכען וועג. אָבער וואָס פאַר א שווערע שולע פון באַאָבאַכטען, אויסדויער, מי האָט ער געדאַרפט דורכגעהן ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכען אָט די נאַטירליכע טריט.

פון זיין פאָטער האָט ער גע'ירש'ענט די טבע צו קוקען אויף אַלץ אין לעבען, אפילו אויף די אומבאַדייטענדסטע זאַ־כען, מיט ערנסט; מענליך, אז ער וואָלט איבערגענומען פון פאָטער די פעדאַנטישע שטרענגקייט, מיט וועלכער די דייט־שען באַגלייטען זייער יעדען בליק, זייער יעדען טראָט אין לעבען, און, פאַרשטעהט זיך, די חתונה.

ווי אויף שטיינערנע טאָוולען איז געווען אויסגעקריצט און פאַר אַלעם אָפען דאָס לעבען פון דעם אַלטען שטאָלץ און עס איז ניט געווען וואָס זיך אָנצושטויסען. אָבער די מוטער מיט אירע לידער און איר צערטליך פליסטערען, שפּעטער דאָס פירשטליכע הויז, און נאָך שפּעטער דער אוניווערסיטעט, ביי־כער, די וועלט — דאָס אַלץ האָט אנדרעי'ן אראָפּגעפירט פון דעם גלייכען וועג, וואָס דער פאָטער האָט פאַר אים אָנגע־צייכענט. דאָס רוסישע לעבען האָט געצייכענט אירע אומ־זעבאַרע שטריכען און פון די פאַרבלאָזע טאָוולען האָט עס גע־מאַכט א העל און ברייט בילד.

אנדרעי האָט ניט געשמידט אין פעדאַנטישע קייטען זיינע געפילען, ער האָט זיי געגעבען אפילו פרייהייט, ער האָט בלויז געזען, אז ער זאָל ניט פאַרלירען דעם „באָדען פון אונטער די פיס”. און דאָך, ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיי א דאַנק זיין דייטשער נאַטור, אָדער צוליב אַן אַנדער אורזאַך, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען פון צו מאַכען אַן אויס־פיר און דרינגען דערפון עפּעס א לעבענס וויזהייט.

ער איז געווען פיזיש געוואַגט, ווייל ער איז געווען א גייסטיג מוטיגער מענש. אין זיינע אינגעל־יאָרען האָט ער ליב געהאַט אַרומצושפּרינגען, אַרומלויפען, און ווען ער האָט ניט

נעלט געווארען פאר אַלטקייט, אויף אַלטען פאַרצעליין, ערעל־שטיינער, אָדער מטבעות.

אָבער פון צווישען די פארשידענסטיליגע מעבעל, בילדער, פון צווישען קליינינקייטען, וואָס האָבען פאר קיינעם קיין שום באדייטונג ניט געהאט, וואָס האָבען בלויז זיי עראינערט אָן זייערס אַ גליקליכער שעה, אָן אַן אומפארגעסליכען מאָמענט, פון דעם ים ביכער, נאָטען, האָט געוועהט מיט ווארעמען לעבען, מיט עפּעס וואָס רעגט דעם שכל און דאָס עסטעטישע געפיל; אומעטום איז אנוועזענט געווען אָדער דער קיינמאָל ניט דרעמלענדער געדאנק, אָדער עס האָט ארויסגעלויכטען די שעהנהייט פון דעם מענשליכען קערפּער, פּונקט ווי ארום האָט געלויכטען די אייביגע שעהנהייט פון דער נאטור.

דאָ האָט זיך געפונען אי דער הויכער פּולט, וואָס אנדרעי האָט געהאט פון זיין פאָטער, די זאמשענע האַנט־שו; אין ווינקעל, לעבען דער שראַנק מיט מינעראַלען, מושלען, אויס־געשטאָפּטע פויגעל, מוסטערען פון פארשידענע ליימען, סחורות איז געהאנגען דער צעראַטענער מאַנטעל.

אַ נעץ פון וויינריב, עפּיי און מירטען האָט באדעקט זייער הויז פון אויבען ביז ארונטער. פון איין זייט פון זייער גאַניק האָט זיך געזען דער ים און פון דער צווייטער זייט — דער וועג אין שטאָדט אריין.

דאָרט האָט אָלגאַ סערגעיעוונאַ געווארט, ווען אנדרעי איז אוועקגעפאָרען פון דער היים צוליב זיינע געשעפטען און, ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך ארונטערגעלאָזען, דורכגע־לאָפען דעם פראַכטפולען בלומען־בייט, די לאַנגע אַליי פון טאָפּאָלען און זיך געוואָרפען אויף איר מאַנ'ס ברוסט; שטענדיג מיט באַקען, וואָס האָבען געפלאַמט פאר פרייד, מיט גלאַנצענדיגע אויגען, שטענדיג מיט דער זעלבער אומגעדול־דינקייט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז שוין פאַר־איבער ניט נאָר דער ערשטער און דער צווייטער יאָר פון זייער חתונה.

שטאָלצ'עס קוק אויף דער ליבע, אויף דער חתונה, איז,

## 8

שטאָלץ איז אַ פּאָר יאָהר ניט געווען אין פּעטערבורג. ער האָט בלויז איין מאָל אָפּגעטראָטען אין אָלגאַ'ס גוט און אין אָבלאָמאָווקע. איליאַ איליטש האָט באַקומען פון אים אַ בריף, אין וועלכען אַנדרעי האָט אים צוגערעדט צו פאָרען אליין אין דאָרף אריין און איבערנעמען אין זיינע הענט די פאַרוואַלטונג, און אַליין איז ער מיט אָלגאַ סערגעיעוונאַ'ן אַוועקגעפאָרען נאָך דעם זידליכען ברעג פון קרים צוליב צוויי צוועקען: ער האָט געהאַט געשעפטען אין אדעס און צוליב זיין פרוי'ס געזונט; זי איז געוואָרען שוואַך נאָך איר קימפּעט.

זיי האָבען זיך באַזעצט אין אַ שטיל ווינקעל ביים ברעג פון ים. באַשיידען און ניט גרויס איז געווען זייער הויז. די אינוויינינגסטע איינריכטונג פון הויז האָט געהאַט איר סטיל, ווי עס האָט געהאַט די דרויסענדיגע ארכיטעקטור, ווי די גאַנצע אויסשטאַטונג האָט אויף זיך געטראָגען דעם זיגעל פון די באַלעבאַטים'ס פּערזענליכען געשמאַק. פילעס האָבען זיי מיטגעבראַכט מיט זיך, פילעס האָט מען זיי צוגעשיקט פון רוסלאַנד און פון אוסלאַנד.

אַ ליבהאָבער פון קאָמפאָרט וואָלט, מעגליך, געקנייטשט מיט די פּלייצעס, ווען ער זאָל אַ קוק טאָן אויף די, אויפ'ן קוק אומהאַרמאָנישע, מעבעל, אַלטע בילדער, סטאַטועז מיט אָפּגעבראָכענע הענט און פיס, גראַווירען, וואָס האָבען אויסגעזען אומבאַדייטענד, אָבער וועלכע זיינען געווען עכטע אַנטיקען. בלויז די אויגען פון אַ מבין וואָלטען זיך אָנגעצונדען מיט אַ פייערעל פון קנאה, ווען ער וואָלט אַ קוק געטאָן אויף דעם אָדער אויף אַן אַנדער בילד, אויף אַ בוך, וואָס איז פאַר־

— מען הרג'עט! העלפט! — האָט טאַראַנטיעוו גע־שריען.

— זאַכאַר! וואַרף אַרויס אָט דעם לומפּ און זאָל ער ניט וואַגן מער דאָ אַריינצושטעלן אַ פוס! — האָט אָבלאָ־מאָוו אַ געשריי געטאָן.

— אָט איז די טיר! — האָט געזאָגט זאַכאַר און אים אָנגעוויזן אויף דער טיר.

— איך בין ניט צו דיר געקומען, נאָר צו אַגאַפיאַ מאַט־וועייעוונאַ'ן, — האָט טאַראַנטיעוו געליאַרעמט.

— איך דאַרף אייך ניט האָבן דאָ, מיכעי אַנדרעיאַיטש, — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט. — איר פלעגט קומען צו מיין ברודער און ניט צו מיר! איר זייט מיר אַזוי ליב ווי אַ זויערער רעטאַך! איר טרינקט זיך אָן, פרעסט זיך אָן און בילט נאָך דערצו.

— אַזוי גאָר! נו, נו, אייער ברודער וועט אייך שוין געבען! און דו וועסט מיר באַצאָלען פאַר דער באַליידיגונג! וואו איז מיין הוט? באַנדיטען, מערדער! — האָט ער גע־שריען, געהענדיג איבער'ן הויף. — דו וועסט מיר באַצאָלען פאַר דער באַליידיגונג!

דער הונט האָט זיך געריסען פון דער קייט און פאַרגאַנגען זיך אין אַ בילען.

נאָך דעם האָבען זיך טאַראַנטיעוו און אָבלאָמאָוו מער ניט באַגעגענט.

ביסט ביי דיין פארשטאנד, גיב, זאג איך דיר, איך וועל אה
דעם נים אוועקגעהן...

— וואס שרייט איר אזוי, מיכעי אנדרעיאיטש? — האָ־
בען געזאגט די באלעבאָסטע און אניסיא, ארויסקוקענדיג פון
אונטער דער טיר. — צוויי פארבייגעהער האָבען זיך אָפּגע־
שטעלט, הערען זיך איין, וואָס איר שרייט...

— איך וועל שרייען, — האט טאראנטיעוו געליארעמט,
— זאל ער זיך שעמען אָט דער נאר! זאל ער דיך ווייטער
גענארען אָט דער מאשעניק, דער דייטש, מיט דיין ליובאָווניצע
זיך אודאי צוזאמענגערעדט...

אין צימער האט זיך דערהערט א שטארקער פאטש. באַ־
קומענדיג פון אָבלאָמאָוו'ן אין באק אריין, איז טאראנטיעוו
מאמענטאל אנטשווינען געוואָרען, ארונטערגעלאָזען זיך אויף
א שטול און, אין גרויס פארוואונדערונג, האט ער געדרעהט
אויף אלע זייטען זיינע צוטומעלטע אויגען.

— וואס איז דאס אזוינס? וואס איז דאס אזוינס,
הא? וואס איז דאס אזוינס? — האט ער גערעדט, א בליי־
כער, שטיקענדיג זיך און האלטענדיג מיט א האנט די באק. —
באליידיגט מיך? דו וועסט מיר דערפאר באצאלען! איך
וועל גלייך אנגעבען אויף דיר צום גענעראל־גובערנאטאר:
איר האט געזען?

— מיר האבען גארניט ניט געזען! — האבען ביידע
פרויען ארויסגערעדט מיט אמאל.

— אהא! דא קומט פאר א פארשווערונג, דא איז א
נעסט פון גזלנים! א באנדע גנבים! מען רויבט, מען
הרג'עט...

— ארויס פון דאנען, לומפ! — האט א געשריי געטאָן
אָבלאָמאָוו, א בלייכער און ציטערענדיג פון צאָרן. — די מינוט
זאלסטו ארויס פון דאנען, אז ניט דער'הרג'ע איך דיך, ווי
א הונט.

ער האט געזוכט מיט די אויגען א שטעקען.

**בלויז, אַז אירביידע זייט עקעלהאַפט. מיין פריינט האָט מיך** ארויסגעראַטעוועט פון אָט דער נאַרישער געשיכטע...

— אַ טייערער פריינט! — האָט טאַראַנטיעוו אַרויס־געריעדט. — איך האָב געהערט, אַז ער האָט ביי דיר צוגעצויגען אַ כלה, מען קאָן ניט זאָגען, זעהר אַ טייערער פריינט! אַי, ביסטו אַ בהמה, לאַנדסמאַן!

— זיי אַזוי פריינדליך און לאָז צורו! — האָט אָבלאָמאָוו אים אָפּגעשטעלט.

— ניין, איך וועל דיך ניט לאָזען צורו! דו האָסט מיך ניט געוואָלט קענען, דו ביסט אומדאַנקבאַר! איך האָב דיך דאָ איינגעאָרדענט, געפונען פאַר דיר אַ פרוי אַן אוצר. איך האָב דיך באַזאָרגט מיט רו, מיט פאַרשידענע באַקוועמליכקיי־טען, געהאַלטען דיר אין איין טאָן טובות, און דו האָסט זיך נאָך אָפּגעקערט פון מיר. און געפונען האָט ער זיך אַ בעל־טובה אַ דייטש! גענומען דעם גוט אויף אַרענדע; וואַרט צו: ער וועט דיך נאָך שיקען אין די הייזער! געדענק מיין וואָרט! אידיאָט, זאָג איך דיר, עס איז נאָך ווייניג פאַר דיר אידיאָט, דו ביסט אַ בהמה, און אַן אומדאַנקבאַרע דערצו.

— טאַראַנטיעוו! — האָט אָבלאָמאָוו מיט כעס אַ גע־שריי געטאָן.

— וואָס האָסטו זיך צושריען? איך וועל באַלד נעמען שרייען אויף דער גאַנצער וועלט, אַז דו ביסט אַן אידיאָט, אַ בהמה! — האָט טאַראַנטיעוו געשריען. — איך און איוואַן מאַטוועיעוויטש זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום דיר, אָפּגעהיט דיך, באַדינט דיך, ווי מיר וואָלטען געווען דיין לייב־אייגענטום, אויף די שפּיץ פינגער געגאַנגען פאַר דיר, געקוקט דיר אין די אויגען, און דו ביסט געגאַנגען און אים גע'מסר'ט פאַר דער נאַטשאַלסטוואָ: איצט איז ער אָהן אַ שטעל און אָהן אַ שטיקעל ברויט! דאָס איז געמיין, נידעריג! דו דאַרפסט אים איצט געבען אַ העלפט פון דיין פאַרמעגען! גיב מיר אַ וועקסעל אויף זיין נאָמען: איצט ביסט דאָך ניט שכור.

טונגען איז פארבימטען געוואָרען אויף א געפיל פון עקעל. דאָס וואָלט שוין אנטפלעקט געוואָרען, און צו ביסלאך האָט עס זיך שוין ארויסגעוויזען דאמאָלט אויף דער זומער־וואוינונג, אָבער פון יענער צייט האָט אים טאראנטיעוו זעהר זעלטען באזוכט, און איז ער געווען, איז עס געווען אין דער אנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען און עס איז צו זיי צו קיין צוזאמענשטויסען ניט געקומען.

— גוט אָוועגט, לאנדסמאן! — האָט מיט כעס טאראנטיעוו בעזאָגט, ניט דערלאנגענדיג אים די האנט.

— גוט אָוועגט! — האָט אים אָבלאָמאָוו קאלט געענטפערט, קוקענדיג אין פענסטער אריין.

— האָסטו שוין באגלייט דיין וואוילטעטער?

— באגלייט. וואָס איז דען?

— א פיינער מענש! — האָט ניפטיג טאראנטיעוו ווייטער גערעדט.

— ער געפעלט דיר ניט?

— איך וואָלט אים אויפגעהאנגען! — האָט טאראנטיעוו ארויסגעברומט מיט שנאה.

— טאקע?

— און דיך אויפ׳ן זעלבען בוים.

— פאר וואָס עפעס?

— מען דארף זיך פירען ערליך: מען צאָלט, אויב מען איז שולדיג, מען דרעהט זיך ניט אויס. וואָס האָסטו דאָ אנגעמאכט?

— הער זיך איין, מיכײ אנדרעאיטש, זיי אזוי גוט און באפריי מיך פון דיינע געשיכטעס; א לאנגע צייט, א דאנק מיין פוילקייט, מיין נאכלעסיגקייט, האָב איך זיך איינגעהערט צו דיר, ווייל איך האָב געמיינט, אז עס איז אין דיר דאָ כאָטש א פונק פון געוויסען, אָבער איך האָב געהאט א טעות. דו מיט אָט דעם זשוליק האָבען מיך געוואָלט באשווינדלען. איך וויים ניט, ווער עס איז פון אייך ביידען ערגער, איך וויים

— דו האסט געערדט ווענגען איר מיט אזא ווארעמקייט, אז איך הויב אן צו מיינען, אז דו האסט זי...

— ווילסטו ניט זאגען אפשר ליב? באזין זיך ,אנדרעי!

— האט אים אבלאמאוו איבערגעשלאגען מיט א געמאכט געלעכטערעל.

— איז נאך טויזענט מאל ערגער, אויב דא איז ניט פא־ראן קיין גייסטיגער פונק, אויב דאס איז בלויז...

— אנדרעי! קענסטו מיך פאר אן אוממאראלען מענ־שען?

— אבער פאר וואס ביסטו רויט געווארדען?

— דערפאר, וואס דיר האט געקאנט קומען אויפ'ן זינען אזא געדאנק.

שטאלץ האט מיט צווייפעל א שאקעל געטאן דעם קאפ.

— גיב אכט, איליא, פאל אין קיין גרוב ניט אריין. עס איז א פשוט'ע פרוי: אן אומזויבערקייט, א שטיקענדע, טעמ־פע אומגעבונג, רויקייט — פוי!...

אבלאמאוו האט געשוויגען.

— נו, זייט געזונט, — האט שטאלץ פארענדיגט, — וועל איך זאגען אלגא'ן, אז זומער וועלען מיר זיך זען, אויב ניט ביי אונז, איז אין אבלאמאווקע. געדענק, זי וועט בא־שטעהן אויף איר פארלאנג!

— זיכער, זיכער, — האט אבלאמאוו געענטפערט מיט זיכערקייט, — קאנסט נאך צוגעבען, אז אויב זי וועט ער־לויבען, וועל איך דעם ווינטער פארברענגען ביי אייך.

— דו וואלסט אונז דערמיט זעהר דערפרעהט!

שטאלץ איז אוועקגעפארען נאך אין דעם זעלבען טאג און אין אווענט איז צו אים געקומען טאראנטיעוו. ער האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען און ער האט אים גוט אויסגעזידעלט פאר זיין גוטען־ברודער. ער האט בלויז ניט גענומען אין אכט, אז אין דער געזעלשאפט פון די איליִנסקים האט זיך אבלאמאוו אפגעוועהנט פון אזעלכע ערשיינונגען, און אז זיין פריערדיגע אפאטיע און גלייכגילטיגקייט צו טאראנטיעוו'ס ארויסטרע־

זאגט. — און דערנאך וועל איך דאס אנזידלען מיין לאנדס־מאן!

שטאלץ האט אנגעווענדעט אלע זיינע כחות אוועקצופירען פון דאנען אבלאמאוו'ן, אבער ער האט געבעטען שטאלצ'ען, אז ער זאל אים לאזען זיין דא נאך א חודש. ער האט אזוי גע־בעטען, אז שטאלץ האט ניט געקאנט ניט צושטימען דערצו. דער דאזיגער מאנאט איז אים, לויט זיינע ווערטער, נויטיג געווען צו פארענדיגען אלע זיינע רעבענונגען, איבערגעבען די דירה, און איינארדנען זיינע געשעפטען אזוי, אז ער זאל זיך שוין ניט דארפען מער אומקערען קיין פעטערבורג. דערצו האט ער געוואלט איינקויפען וואס ער האט נויטיג געהאט פאר דער איינארדנונג פון זיין הויז אין אבלאמאווקע; און ענדליך האט ער געוואלט דא אויסזוכען א גוטע הויזהאלטערין, אן ענליכע צו אגאפיא מאטוועייעונא'ן. ער האט זיך אפילו ניט אפגעהאלטען צו צורעדען זי, אז זי זאל פארקויפען דאס הויז און איבערקלייבען זיך אין דארף אריין, וואו זי וועט האבען פאר זיך א גרויס און ווירדיג טעטיגקייטס־פעלד: א גרויסע און א פארצווייגטע באלעבאטישקייט.

— גוט, וואס דו האסט מיך דערמאנט וועגען דער באַ־לעבאסטע, — האט שטאלץ אים איבערגעשלאגען, — איך האב דיך געוואלט פרעגען, איליא, אין וועלכע באציאונגען ביסטו מיט איר...

אבלאמאוו איז מיט אמאל רויט געווארען.

— וואס ווילסטו דערמיט זאגען? — האט ער אים גיך געפרעגט.

— דו ווייסט אליין גאנץ גוט, — האט שטאלץ בא־מערקט, — אז ניט וואלסטו ניט געהאט פאר וואס רויט צו ווערען. הער זיך איין, איליא, אויב א ווארנונג קאן דא עפעס העלפען, בעט איך דיך אין נאמען פון אונזער פריינדשאפט, אז דו זאלסט זיין פארזיכטיג...

— וואס רעדסטו? — האט זיך אבלאמאוו פארטיידיגט.

— וואָס? — האָט טאראנטיעוו געפרעגט, ווידער פאַר־לירענדיג דעם מוט.

— אז איך זאָל ארויסטרעטען פון דינסט.

— וואָס רעדסטו, ברודער לעבען! — האָט ער אויף אים ארויסגעגלאָצט א פאָר אויגען. — אוי, וועל איך דאָס איצט, — האָט ער מיט כעס פארענדיגט, — אָנזידלען מיין לאנדס־מאַן, אז ער וועט עס האָבען מיך צו געדענקען!

— דו ווייסט בלויז פון זידלען!

— איך וועל שוין אים אָנזידלען! — האָט געזאָגט טאראנטיעוו. — און ווייסט וואָס, איך וועל זיך דערווייל אָפּ־האלטען. הער זיך נאָר איין, וואָס מיר איז איינגעפאלען.

— וואָס נאָך? — האָט איוואן מאטוועיאיטש אים גע־פרעגט, א פארזונקענער אין געדאנקען.

— מען וואָלט געקאָנט עפּעס אויספירען, א שאָד נאָר וואָס דו האָסט זיך איבערגעקליבען אין א נייער דירה.

— וואָס אזוינס?

— אָט וואָס! — האָט ער געזאָגט, קוקענדיג אויף איוואן מאטוועיאיטש'ען. — מען דארף נאָכקוקען נאָך אָבלאָ־מאָוו'ן און נאָך דיין שוועסטער און זען, וואָס פאר א פּיראָגען זיי באַקען דאָרט... דער עיקר עדות! דאמאָלט וועט שוין דער דייטש אויך גאָר ניט קאָנען מאכען. וועסט זען דעם דייטש וועט אויך פארפעלען מוט און ער וועט איינגעהן, אז מען זאָל זיך אזוי אויסגלייכען.

— יאָ, דאָס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן! — האָט איוואן מאטוועיאיטש געענטפערט, איבערטראכטענדיג עס. — דו האָסט ניט קיין שלעכטע פלענער, אָבער דורכצופירען זיי, טויגסטו ניט, און זאטערטי טויג ניט. ווארט צו, איך האָב א פּלאַן. איך וועל זיי שוין געבען! — האָט ער גערעדט. — איך וועל מיין קעכין אריבערשיקען אין מיין שוועסטער'ס קיך, זי וועט זיך באפריינדען מיט אניסיא'ן, וועט אַלץ אויס־פאָרשען, און דערנאָך... לאָמיר אויסטרינקען, ברודער לעבען!

— לאָמיר אויסטרינקען! — האָט טאראנטיעוו נאָכגע־

— דו ביסט נאָך ניט פּוליערט, הא? איך הויב פון קיין שום זאך ניט אָן צו וויסען.

— דאָס איז שוין ניט ערליך, ברודער לעבען! איך האָב אין גאַנצען געקראָגען דערפאר דריי הונדערט רובל.

— דו ווילסט, אז איך זאָל אלץ נעמען אויף זיך? סאר אַ קלוגער דו ביסט! ניין, איך וויים פון גאָר ניט, — האָט ער גערעדט, — איך האָב בלויז ארויסגעהאָלפען דער שוועס־טער. ענטפערען דארפסט דו און זאטערטי, ווייל איר זייט געווען די עדות!

— דו מעגסט גוט אָנלערנען דיין שוועסטער: ווי וואגט זי געהן געגען איר ברודער? — האָט טאראנטיעוו געזאָגט.

— די שוועסטער איז א בהמה: וואָס קאָן איך מיט איר מאכען?

— וואָס זאָגט זי?

— וואָס? זי וויינט און טענה'ט זיך דאָס איריגע: „ער איז ניט שולדיג, איליא איליטש איז ניט שולדיג, אז קיין שום געלט האָט זי אים ניט געליען".

— הייסט עס, אז עס וועט זיך אָנהויבען א פּראָצעס?

— האָט, ציטערענדיג, געפרעגט טאראנטיעוו.

— וואָס פאר א פּראָצעס? עס וועט ניט זיין קיין אונ־טערזוכונג, עס וועט ניט זיין קיין פּראָצעס! דער גענעראל האָט געוואלט מיך פארטרייבען פון דער שטאָדט, אָבער דער דייטש האָט זיך ארייַנגעמישט, ער וויל ניט, אז מען זאָל באַרעדען אָבלאָמאָוו'ן.

— וואָס זאָגסטו, ברודער לעבען! לאָמיר אויסטרינקען! וואָס פאר א גליק! — האָט געזאָגט טאראנטיעוו.

— אויסטרינקען? אויף וועמעס רעכענונג? אויף דיינעם אודאי...

— און אויף דיינעם?

— איך מעג זיך שוין געזעגענען מיט מיינע איינקונפ־טען: איך האָב דיר ניט דערצעהלט, וואָס דער גענעראל האָט געזאָגט.

איוואן מאטוועיאיטש האָט אים אַ קוק געטאָן אין פּנים אריין.

— אזוי, דו ווייסט גאָר גיט? — האָט מיט גיפט ארויס־געדעדט איוואן מאטוועיאיטש. — גיב נאָר אַ טראכט: ביסטו עס ניט אליין?

— וואָס האָט מען מיך דאָ ארייננגעשלעפּט?

— דערפאר קומסטו אַ דאנק דעם דייטש און דיין לאנדס־מאן. דער דייטש האָט אלץ נאָכגעזוכט, נאָכגעפרעגט.

— דו, ברודער לעב, האָסט געדארפט אָנגעבען אַ צוויי־טען, און אויף מיר האָסטו געדארפט זאָגען, אז איך בין גאָר דערביי ניט געווען.

— אזוי? אזא הייליגער ביסטו? — האָט אים איוואן מאטוועיאיטש געענטפערט.

— וואָס האָסטו אים געענטפערט, ווען דער גענעראל האָט דיך געפרעגט: „אז איהר מיט נאָך עפּעס אַ לומפּ...‟ דאמאָלט איז געווען אַ גוטע געלעגענהייט אים צו פארדרעדען.

— פארדרעדען? דו ווילסט שוין אים פארדרעדען! אוי־נען האָט עס גרינע! איך האָב זיך געשטארקט און געשטארקט און געוואָלט ארויסרעדען: „עס איז ניט אמת, אייער עקסע־לענץ, איך האָב קיין שום אָבלאָמאָוו'ן ניט געקענט און איך קען אים ניט, דאָס אלץ האָט אָט דער טאראנטיעוו!...‟ נאָר עס איז ניט ארונטער פון דער צונג און איך בין אים געפאלען צו די פיס.

— ווילען זיי פארפירען אַ פראָצעס? — האָט טאראנ־טיעוו געפרעגט מיט אַ דומפּען קול. — איך בין דאָך אַ זייי־טיגער מענש, דאָס האָסטו דאָך, ברודער לעבען...

— אַ זייטיגער! דו ביסט אַ זייטיגער? ניין, ברודער לעבען, אויב מען וועט דארפען באצאָלען דערפאר, וועסטו עס דער ערשטער: ווער האָט איינגערעדט אָבלאָמאָוו'ן צו טרינ־קען? ווער האָט אים געדראָהט?

— דו האָסט עס דאָך מיך אויסגעלערענט, — האָט טאראנטיעוו געענטפערט.

— וואס? — האט איינטאניג ארויסגערעדט איוואן מאטוועיאיטש. — און וואס מיינסטו איז געשען?

— מען האט דיך אנגעזידעלט?

— אנגעזידעלט! — האט אים איוואן מאטוועיאיטש נאכגעקרימט. — עס וואלט שוין בעסער געווען, ווען זיי וואלטען מיך אנגעשלאגען! און דו, ברודער לעב, ביסט א פיינער מענש! — האט ער אים פארגעווארפען. — פאר וואס האסטו ניט געזאגט, וואס פאר א מענש דיין דייטש איז?

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז דאס איז א דורכגע־טריבענער יונג! — האט טאראנטיעוו געענטפערט.

— א דורכגעטריבענער! מיר האבען שוין געזען אזוינע לייט! אבער פאר וואס האסטו ניט געזאגט, אז ער איז אן איינפלוסרייכער מענש? ער האט מיט דעם גענעראל גערעדט פער דו, אזוי ווי איך מיט דיר. וואלט איך זיך אנגעהויבען, ווען איך זאל וויסען, וואס פאר א פויגעל דאס איז?

— דו האנדעלסט דאך אבער לויט דעם געזעץ! — האט אים געענטפערט טאראנטיעוו.

— לויט דעם געזעץ! — האט ער אים ווידער איבער־געקרימט. — פרואוו נאר דארט אזוי צו רעדען: דער צונג וועט זיך דיר צוקלעפען צום גומען. ווייסטו וואס דער גע־נעראל האט מיך געפרעגט?

— וואס? — האט טאראנטיעוו מיט ניינעריגקייט גע־פרעגט.

— „איז דאס אמת, אז איר צוזאמען מיט נאך עפעס א לומפ האט אנגע'שכור'ט דעם פריץ אבלאמאוו און געמאכט אים אונטערשרייבען זיך, אז ער איז אייער שוועסטער שול־דיג געלט?"

— האט ער טאקע געזאגט: „מיט עפעס א לומפ"? — האט אים טאראנטיעוו געפרעגט.

— יא, ער האט אזוי געזאגט.

— ווער איז דאס דער דאזיגער לומפ? — האט טאראנ־טיעוו ווידער אמאל געפרעגט.

## .7

צומאָרגענס האָט אַגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ אונטערגעשריי־
בען שטאָלצ'ען אַ בּאַפּיר, אַז איר קומט קיין שום געלט ניט
פון אָבלאָמאָוו'ן. מיט אָט דער צייגניס האָט זיך שטאָלץ
באַוויזען פאַר איר ברודער.

עס איז געווען ווי אַ דונער וואָלט געפאַלען אויף אים.
ער האָט אַרויסגענומען דעם דאָקומענט, אָנגעוויזען מיט'ן מי־
טעלסטען פינגער פון דער רעכטער זייט אויף אָבלאָמאָוו'ס
אונטערשריפט און אויף דער באַשטעטיגונג פון די עדות.

— עס איז אַ געזעצליכע זאַך, — האָט ער געזאָגט, —
עס האָט גאָרניט צו טאָן מיט מיר, איך האָב בלויז אַכטונג
געגעבען אויף די אינטערעסען פון מיין שוועסטער, און וואָס
פאַר אַ געלט איליאַ איליטש האָט ביי איר גענומען, ווייס
איך ניט.

— מיט דעם ענדיגט עס זיך נאָך ניט, — האָט שטאָלץ
איהם געדראָהט, אוועקפאָרענדיג.

— אַזוי איז דאָס געזעץ, מיט מיר האָט עס ניט צו טאָן!
— האָט זיך פאַרטיידיגט איוואַן מאַטוועיאַיטש.

צומאָרגענס, ווי נאָר ער איז געקומען אין דער קאַנצע־
לאַריע, איז געקומען אַ קוריער פון גענעראַל, וואָס האָט געפאָ־
דערט, אַז ער זאָל גלייך קומען צום גענעראַל.

— צום גענעראַל! — האָט נאָכגעזאָגט די גאַנצע קאַנ־
צעלאַריע. — פאַר וואָס? וואָס זאָל דאָס באַדייטען?

ביי נאַכט איז איוואַן מאַטוועיאַיטש געקומען אין דער
קרעטשמע אַ דערשלאָגענער. טאַראַנטיעוו האָט שוין געהאַט
געוואַרט אויף אים.

— וואָס איז געשען? — האָט ער מיט אומגעדולד
געפרעגט.

— אויסגעצייכענט! — האָט שטאָלץ זי איבערגעשלאָגען. מאָרגען וועל איך ביי אייך זיין מיט צוויי מיינע באַקאַנטע, וועט איר זיך ניט אָפּזאָגען ערקלערען דאָס זעלבע אין זייער אנוועזענהייט?

— רעדט שוין וועגען דעם בעסער איבער מיט מיין ברודער, -- האָט זי איבערגע'חזר'ט איר ביטע, — וואָרים איך בין ניט אָנגעטאָן ווי מען דאַרף... איך בין שטענדיג אין דער קיך, עס איז ניט גוט, אז פרעמדע זאָלען מיך אזוי זען, וועלען האָבען א שלעכטע מיינונג...

— עס מאַכט ניט! דאָס איז קליינינקייטען! און מיט אייער ברודער וועל איך זיך זען מאָרגען, נאָכדעם ווי איר וועט אונטערשרייבען א געווים פּאַפּיר.

— איך האָב זיך שוין אינגאַנצען אָפּגעוועהנט פון שרייבען.

— מען דאַרף ניט פיל שרייבען, אינגאַנצען א צוויי שורות.

— ניין, דאָס ניט; זאָל שוין בעסער וואַנושא שרייבען: ער האָט אזא שעהנע האַנטשריפט.

— ניין, איר טאָרט זיך ניט אָפּזאָגען, — איז ער ניט אָפּגעטראָטען, — אויב איר וועט דאָס פּאַפּיר ניט אונטערשרייבען, וועט עס הייסען, אז איליאַ איליטש איז אייך שולדיג צען טויזענט רובל.

— ניין, זיי זיינען מיר גאָרניט ניט שולדיג, אפילו קיין קאָפּיקע ניט, — האָט זי געזאָגט, — איך בין גרייט צו שווערען פאַר גאָט!

— אויב אזוי מוזט איר מאָרגען אונטערשרייבען דאָס פּאַפּיר. צום ווידערזעהן ביז מאָרגען.

— פּאַרגעהט מאָרגען בעסער צום ברודער... — האָט זי נערעדט, באַגלייטענדיג אים. — אָטאָ וואוינט ער דאָ...

— ניין, און איך בעט אייך ניט צו זאָגען אייער ברודער גאָרניט וועגען מיר, אז ניט וועט איליאַ איליטש'ען זיין זעהר אומאַנגענעם...

— וועל איך אים טאַקע קיין וואָרט ניט זאָגען! — האָט זי געהאָרכזאַם געזאָגט.

— זיי זיינען מיר גאָרניט ניט שולדיג, — האָט זי גע־ענטפערט, — און דאָס, וואָס איך פאַרזעץ דאָס זילבער, די פּערל און דאָס פוטער, פאַרזעץ איך זיי דאָס פאַר זיך. איך האָב זיך און מאַשאַ'ן געקויפט שיך און וואַניאַ'ן האָב איך געקויפט אויף העמדלעך. אויף איליאַ איליטש'ען האָב איך קיין גראָשען ניט אויסגעגעבען.

ער האָט געקוקט אויף איר, איינגעהערט זיך און אריינגע־דרונגען אין דעם מיין פון אירע ווערטער. ער איז, דאַכט זיך, געווען נאָענט צו דער לעזונג פון אגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ'ס גע־היימנים, און דער כמעט פאַראַכטליכער בליק, וואָס ער האָט גע־וואָרפען אויף איר, ווען ער האָט גערעדט מיט איר, האָט ניט ווילענדיג זיך פאַרביטען אויף אַ נייגעריגען, אפילו מיטפילענ־דיגען בליק.

ער האָט ניט געוואוסט צי ער זאָל זיך פרעהען, אָדער ער זאָל טרויערען אויף אָבלאָמאָוו'ן. עס איז געווען קלאָר, אַז ער איז איר ניט געווען שולדיג קיין געלט, און אַז דער דאָזיגער חוב איז געווען עפּעס אַ שווינדעל פון איר ברודער'ס זייט, אָבער דערפאַר איז אים געוואָרען קלאָר פיל אַנדערע זאַכען... וואָס זאָל באַדייטען דאָס פאַרזעצען פון די פּערל, פון דעם זילבער?

— האָט איר גאָרניט וואָס איינצומאָנען פון איליאַ אי־ליטש? — האָט ער געפרעגט.

— זייט אַזוי פריינדליך און רעדט עם דורך מיט'ן ברודער, — האָט זי איינטאָניג געענטפערט, — איצט איז ער אין דער היים.

— איר זאָגט, אַז אייך קומט איליאַ איליטש גאָרניט?

— איך שווער אייך ביי גאָט, אַז ער קומט מיר אפילו ניט קיין גראָשען! — האָט זי זיך געשוואָרען, קוקענדיג אויף דער איקאָנע און צלמ'ענדיג זיך.

—וועט איר דאָס באַשטעטיגען פאַר עדות?

— פאַר אַלעמען, אפילו פאַר'ן גלח! און דאָס וואָס איך האָב פאַרזעצט די פּערל און דאָס זילבער, איז דאָס געווען פאַר מיינע איינענע אויסגאַבען.

האָט זיך אויף איר פּנים געגומען באַווייזען אַ געדאַנק, עס האָט אָנגעהויבען אויסצודריקען שרעק. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די פאַרזעצטע פּעלץ, זילבערוואַרג און איר האָט זיך גענומען אויסדאַכטען, אַז שטאָלץ מיינט דאָס אָט דעם חוב; זי האָט בלויז ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אַזוי מען איז דערפון געוואָר געװאָרען, וואָרים זי האָט ניט נאָר ניט אָבלאָמאָוו׳ן, נאָר אפילו אַניסיאַ׳ן, וועמען זי האָט שטענדיג אָפּגעגעבען אַ רעכענונג וועגען יעדער אויסגעגעבענער קאָפּיקע, ניט געזאָגט דערפון.

— וויפיל איז ער אייך שולדיג? — האָט שטאָלץ געפרעגט אַן אומרואיגער.

— זיי זיינען מיר גאָרנישט ניט שולדיג, אפילו קיין קאָפּיקע ניט!

„זי שעמט זיך פאַר מיר, אָט דער אויסוואורף, אָט די וואָרכערניצע! — האָט ער ביי זיך געטראַכט. — אָבער איך וועל אַלץ אויסגעפינען!"

— און די צען טויזענט? — האָט ער געפרעגט.

— וואָסערע צען טויזענט? — האָט זי געפרעגט מיט אַן אומרואיגער פאַרוואונדערונג.

— ענטפערט: איז אייך יאָ אָדער ניט איליאַ איליטש שולדיג צען טויזענט רובל? — האָט ער געפרעגט.

— זיי זיינען מיר גאָרנישט ניט שולדיג. זיי זיינען שולדיג געווען דעם קצב צוועלף און אַ האַלבען רובל, אָבער זיי האָבען עס שוין מיט דריי וואָכען צוריק באַצאָלט; פאַר דער שמאַנד האָבען זיי שוין אויך באַצאָלט — זיי זיינען גאָרנישט ניט שולדיג.

— האָט איר גאָרניט קיין דאָקומענט אויף אים?

זי האָט טעמפּ אַ קוק געטאָן אויף אים.

— רעדט עס בעסער איבער מיט מיין ברודער, — האָט זי געענטפערט, — ער וואוינט דאָ ניט ווייט.

—ניין, איך וויל מיט אייך איבעררעדען, — האָט שטאָלץ אַנטשלאָסען אַרויסגערעדט, — איליאַ איליטש האַלט, אַז ער איז אייך שולדיג און ניט אייער ברודער.

אָבער אָבלאָמאָוו האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפ'ן טיש און האָט איינגעדרימעלט.

„זי באַגאַזעלט אים, נעמט ביי אים אַלץ צו... זאָגען, וואָס פּאַסירען אָפּט, און מיר איז עס ביז איצט ניט געקומען אויפ'ן זינען!" האָט ער געטראַכט.

שטאָלץ איז אויפגעשטאַנען און אויף שנעל אַן עפּען געטאָן די טיר, וואָס האָט געפירט צו דער באַלעבאָסטע; פאַר שרעק האָט די באַלעבאָסטע, ווען זי האָט אים דערזען, אַרויסגעלאָזען פון האַנט אַ לעפעלע מיט וועלכער זי האָט געטרונקען קאַפע.

— איך דאַרף מיט אייך עפּעס איבעררעדען, — האָט ער העפליך איר געזאָגט.

— גענהט אַריין, ביטע, אין זאַל, איך קום גלייך, — האָט זי אויף שנעל געענטפערט.

און, פאַרוואַרפענדיג אַרום האַלז איר טיכעל, איז זי גלייך נאָך אים אַריין אין זאַל און געזעצט זיך ביים סוף פון דער סאָפע. זי האָט ניט געהאַט אויף זיך קיין שאַל, און דערפאַר האָט זי גע־זען באַהאַלטען די הענט אונטער איר האַלזטיכעל.

— איליאַ איליטש האָט אייך געגעבען אַ וועקסעל? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, האָט זי מיט אַ טעמפען אויסדרוק פון פאַרוואונ־דערונג געענטפערט, — זיי האָבען מיר קיין שום פּאַפּירען ניט געגעבען.

— קיין שום פּאַפּיר ניט?

— איך האָב קיין שום פּאַפּיר ניט געזען פאַר די אויגען, — האָט זי געענטפערט מיט דער זעלבער פאַרוואונדערונג.

— אַ וועקסעל! — האָט שטאָלץ ווידערהאָלט.

זי האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע.

— רעדט זיך בעסער דורך מיט מיין ברודער, — האָט זי געזאָגט, — וואָרים איך האָב קיין שום פּאַפּירען ניט געזען.

—„וואָס איז זי, אַ בהמה אָדער אַ שווינדלערין?" האָט שטאָלץ אַ טראַכט געטאָן.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן טעמפּ, אָבער מיטאַמאָל

# אבלאמאוו

— וועמען ביסטו שולדיג? — האָט ער געפרעגט.
אָבלאָמאָוו איז אביסעל ניכטערער געוואָרען און דערמאָנט זיך, וואָס ער האָט אָנגערעדט.
— איך בין קיינעם ניט שולדיג, דאָס האָב איך געליינט, — האָט ער געזאָגט.
— ניין, דאָס ליגסטו איצט, און דערצו זער ניט קלוג. וואָס קומט מיט דיר פאָר, איליאַ? אהא! אָט וואָס עס באַדייט שאָפּענפּלייש, זויערער וויין! דו האָסט קיין געלט ניט! וואו האָסטו עס אהינגעטאָן?
— איך בין שולדיג אבימעל געלט... דער באַלעבאָסטע בין איך שולדיג פאַר פּראָוויאַנט... — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.
— פאַר שאָפּענפּלייש און פאַר'ן צונג! איליאַ, זאָג, וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס איז דאָס פאַר אַ געשיכטע: דער ברודער האָט זיך איבערגעקליבען, די באַלעבאָטישקייט איז אוועק שלעכט... עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. וויפיל ביסטו שולדיג?
— צען טויזענט, — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגעשעפּטשעט.
שטאָלץ איז אויפגעשפּרונגען און זיך ווידער צוריקגעזעצט.
— צען טויזענט? דער באַלעבאָסטע? פאַר שפּייז־פּראָ־ווקטען? — האָט שטאָלץ מיט שרעק ווידערהאָלט.
— יאָ, מיר האָבען זער ברייט געלעבט, דו ווייסט דאָך, — האָט אָבלאָמאָוו אונטער דער נאָז ארויסגערעדט. — וואָס לוינט זיך צו רעדען דערפון?
שטאָלץ האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט זיך גענומען די זאַך איבערלייגען: „דער ברודער האָט זיך ארויסגעקליבען, דאָס באַלעבאָטישקייט האָט אָנגעהויבען צו געהן שלעכט — און עב איז טאַקע אַזוי: אַלץ זעט אוים אָפּגעריסען, הויל, שמוציג! וואָס פאַר אַ פרוי איז די באַלעבאָסטע? אָבלאָמאָוו רימט זי! ער רעדט וועגען איר מיט ווארעמקייט..."

מיטאַמאָל האָט זיך שטאָלץ'עם פּנים פאַרענדערט, ער האָט דערטאַפּט דעם אמת. אַ קעלט האָט אויף אים אַ וועה געטאָן.
—איליאַ! — האָט ער געפרעגט. — וואָס פאַר אַ שייכות האָט צו דיר אָט די פרוי?

דיוואַ, אָבער קיין בראַנפּען קען זי ניט מאַכען! און אַזאַ פּיראָג וועט זי אויך ניט אויסבאַקען! בלויז אין אָבלאָמאָווקע און דאָ באַקט מען אַזוינע פּיראָגען! און דער עיקר, וואָס ניט קיין קוכאַר מאַכט אים, וואָרים איין גאָט ווייס מיט וואָסערע הענט ער געהט דערצו צו, נאָר עס באַקט אים אַגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ — די זויבערקייט אַליין!

שטאָלץ האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעהערט, אָנשפּיצענ־דיג די אויערען.

— און אירע הענט זיינען געווען וויים, — האָט אָבלאָמאָוו ווייטער גערעדט, ווערענדיג נאָך מער שכור, — אַז עס איז געווען אַ פאַרגעניגען זיי אַ קוש צו געבען. איצט זיינען זיי געוואָרען צוהאַקט, ווייל זי טוט אַלץ אַליין! זי אַליין פּרעסט מיר די העמדער! — האָט אָבלאָמאָוו מיט געפיל, כמעט מיט טרערען אַרויסגערעדט. — ערען וואָרט, איך האָב עס אַליין געזען. אַן איינגען ווייב גיט טיילמאָל אויף איר מאַן אַזוי ניט אַכטונג! פאָלג מיך, אַנדרעי, קום דאָ אַהער מיט אָלגאַ סערגעיעוונאַ׳ן, דינג דיר דאָ אַ פּלאַץ, וועסט ווייסען וואָס עס הייסט לעבען. אַגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ וואָלט אויסגעלערענט אָלגאַ סערגעיעוונאַ׳ן ווי צו פירען אַ באַלעבאַטישקייט, זי וואָלט איר זיכער אויסגעלערנט. בלויז איצט איז שלעכט דאָ: דער ברודער אירער האָט זיך אַרויסגעקליבען; און ווען מען זאָל אונז געבען אַצינד אַ דריי־פיר טויזענט רובל, וואָלסטו געזען וואָסערע אינדיטשקעס וואָלטען איצט געשטאַנען דאָ אויפ׳ן טיש...

— דו האָסט פון מיר באַקומען פינף! — האָט שטאָלץ מיטאַמאָל געזאָגט. — וואו האָסטו זיי אַהינגעטאָן?

— און דער חוב? — האָט זיך מיטאַמאָל ניט ווילענדיג אַרויסגעריסען פון אָבלאָמאָוו׳ן.

— אַ חוב? — האָט שטאָלץ איבערגעפרעגט. — וואָס פאַר אַ חוב?

און ווי אַ שטרענגער לערער האָט ער געקוקט אויף אים.

אָבלאָמאָוו איז מיטאַמאָל אַנטשוויגען געוואָרען. שטאָלץ האָט זיך איבערגעזעצט צו אים אויף דער סאָפע.

צו איך ווייס ניט, ווי איך וועל לעבען אין דארף אָן איר: אזא ווירטין איז שווער צו געפינען.

שטאָלץ האָט זיך איינגעהערט צו אים און אביסעל צוזאַמענגעצויגען די ברעמען.

— ווער, מיינסטו, גרייט דאָס אַלץ צו? אנאסיא? ניין! — האָט אבלאָמאָוו ווייטער גערעדט. — אגיסיא גיט אַכטונג בלויז אויף די הינער, באַגיסט אין גאָרטען די קרויט, וואַשט די דילען; אגאפיא מאטוועיעווגא גרייט דאָס אַלץ צו.

שטאָלץ האָט ניט געגעסען ניט דאָס שפּעגעפּלייש, ניט די קרעפּלעך, ער האָט אוועקגעלייגט דעם גאָפּעל און געקוקט, מיט וואָס פאַר אַן אַפּעטיט איליא איליטש האָט דאָס אַלץ געגעסען.

— איצט וועסטו שוין ניט טרעפען מיך טראָגען אַ העמד אויף דער לינקער זייט, — האָט ווייטער גערעדט אבלאָמאָוו, ארומבייסענדיג מיט אפּעטיט אַ ביינדעל, — זי גיט אויף אַלעם אַכטונג, אַלץ זעט זי, קיין איין לעכעל אין אַ זאָק וועסטו ניט געפינען — און אַלץ אַליין. און וואָס פאַר אַ קאָפע מאַכט זי! איך וועל דיר געבען צו פאַרזוכען נאָך מיטאָג איר קאָפע.

מיט אַ פאַרזאָרגט פּנים האָט זיך שטאָלץ איינגעהערט צו אים און געשוויגען.

— לעצטענס האָט זיך איר ברודער פון דאַנען ארויסגעקליבען, ער קלייבט זיך חתונה האָבען, פירט זיך שוין איצט ניט אזא גרויסע באַלעבאַטישקייט ווי פריער. און דו האָבסט געדאַרפט זען, ווי אַלץ האָט פריער געברענט אונטער אירע הענט... ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען, — האָט ער קוים באַוועגענדיג מיט דער צונג פאַרענדיגט, — דו גיב מיר איצט אַ צוויי־דריי טויזענד רובל און שטאָט שפּעגעפּלייש און צונג, וועל איך דיר דערלאַנגען פאָרעלען, עריטטען סאָרט פילע. און אָן אַ קוכאַר וואַלט אגאפיא מאטוועיעווגא אויך באַוויזען וואונדער!

ער האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלעזעל שנאַפּס.

— טרינק אויס, אנדרעי, טרינק אויס, פיינער שנאַפּס! אָלגא סערגעיעווגא וועט דיר אזא בראַנפען ניט צוגרייטען! — האָט ער גערעדט, וואַקלענדיג זיך. — זי קען זינגען קאסטא

אָבלאָמאָוו האָט געשוויגען.

— נים איבערגעקוקט זיי? — האָט שטאָלץ געפרעגט — וואו זיינען זיי?

— איך וועל זיי אויפזוכען נאָכ'ן מיטאָג; מען דארף אַ פרעג טאָן זאַכאַר'ן.

— אַך, איליאַ, איליאַ! איך ווייס ניט צי איך זאָל לאַכען, אָדער וויינען.

— נאָכ'ן מיטאָג וועלען מיר זיי אויפזוכען. קום עסען.

שטאָלץ האָט זיך אַ קרום געטאָן, ווען ער האָט זיך אַוועק־געזעצט צום טיש. ער האָט זיך דערמאָנט, ווען ער איז געווען דאָס לעצטע מאָל ביי אָבלאָמאָוו'ן, האָט מען דערלאַנגט אויס־טערען, אַנאַנאַסען, און איצט האָט ער געזען אַ גראָב טישטוך, אויף די טעלער איז געלעגען צו שטיקער שוואַרץ ברויט, אָב־לאָמאָוו'ן האָט מען דערלאַנגט פישסופ און אים — גריץ־סופ און אַ אויסגעקאָכט הינדעל, דערנאָך איז געקומען אַ האַרבער צונג און שפעטער דאָס שאָפענפלייש. עס האָט זיך באַוויזען רויטער וויין. שטאָלץ האָט זיך אָנגעגאָסען אַ האַלב גלאָז, פאַרזוכט, אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז אויפ'ן טיש און זיך שוין מער ניט צוגערירט דערצו. איליאַ איליטש האָט אויסגעטרונקען צוויי גלעזלעך ווישניאַק און מיט אַפעטיט זיך גענומען צום שאָפענ־פלייש.

— דעם וויין קאָן מען אין מויל ניט נעמען, — האָט שטאָלץ געזאָגט.

— אַנטשולדיג, מען האָט ניט באַוויזען צו געהן אויף יענער זייט ניעווע, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט. — ווילסטו אפשר דעם שנאַפס? — פאַרזוך, אַנדרעי, גרויסאַרטיגער שנאַפס!

ער האָט זיך אָנגעגאָסען נאָך אַ גלעזעל און אויסגעטרונקען.

שטאָלץ האָט אַן ערשטוינטער געקוקט אויף אים, אָבער ער האָט געשוויגען.

— דעם שנאַפס פאַרפערטיגט אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ פון ווייַנפערלעך. זי איז אַ וואונדערבאַרע פרוי! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, ווערענדיג אַביסעל שכור. — איך בין זיך דיר מודה,

שדום דיר. וועסט לעזען, פירען דיין באלעבאטישקייט, רעכע־נען, הערען מוזיק. אָ, ווי איר שטימע האָט זיך איצט אנטוויקעלט! געדענקסט קאסטא דיוואַ?

— אָבלאָמאָוו האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער זאָל עס אים ניט דערמאָנען.

— לאָמיר פאָרען! — איז שטאָלץ צוגעשטאַנען. — דאָס איז איר פארלאַנג; זי וועט נים אָפּלאָזען. איך קאָן אָפּלאָזען, אָבער ניט זי. קום, ווידער וועט אין דיין הארצען אויפלעבען דאָס פארגאנגענע. וועסט זיך דערמאָנען דעם פארק, דעם בעז, וועסט זיך אַ דיר טאָן...

— ניין, אנדרעי, ניין, דערמאָן ניט, ריר ניט אָן, ווי גאָט איז דיר ליב! — האָט אים אָבלאָמאָוו ערנסט איבערגעשלאָגען. — עס ברענגט מיר קיין פרייד ניט, נאָר יסורים. ערינערונגען זיינען די העכסטע פּאָעזיע, ווען זיי דערמאָנען דיך לעבעדיג גליק, און זיי זיינען ברענענדע יסורים, ווען זיי האָבען צו טאָן מיט פארוואקסענע וואונדען... לאָמיר ריידען וועגען עפּעס אנדעריש. יאָ, איך האָב דיר גאָר פארגעסען צו באדאנקען דיר פאר די אַלע זאָרג, וואָס דו האָסט אויף דיר גענומען וועגן מיין דאָרף. פריינד מיינער! איך קען דיר ניט דאנקען, איך קען ניט; זוך אַ דאנק אין דיין איינגען הארץ, אין דיין גליק, אין אָלגא... סערגעיעוונאַ'ן, אָבער איך... איך... קען ניט! זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך ביז איצט ניט באפרייט פון די אַלע דאגות. נאָר אָט קומט אָן אין גיכען דער פרילינג, און איך וועל אומבאדינגט זיך איבערקלייבען קיין אָבלאָמאָווקע.

— און ווייסטו וואָס עס קומט איצט פאָר אין אָבלאָמאָוו־רע? דו וועסט זי ניט דערקאָנען! — האָט שטאָלץ נעזאָגט.
— איך האָב דיר ניט געשריבען, ווייל דו האָסט ניט געענט־פערט אויף מיינע בריף. מען האָט אויפגעשטעלט אַ בריק, אויסגעבויט דאָס הויז ביז צום דאך. בלויז אינווייניג איז עס געבליבען ניט פארענדיגט, דאָס מאך שוין דו לויט דיין גע־שמאַק. מיינם אַ מענש איז דאָרט דער פארוואלטער. האָסט איבערגעקוקט די אויסגאבען?

האט ער הויך ארויסגערעדט. — ווייסטו די נייס, זאכאר? ווינש גליק: אנדרעי איוואניטש האט חתונה געהאט!

— א דאנק גאט, וואס דו האסט מיך געלאזט דערלעבען צו אזא פרייד! איך ווינש אייך אלדאס גוטס, אנדרעי איוואניטש; זאל גאט געבען אייך א גליקליך לעבען, איר זאלט דערלעבען האבען קינדער. אך, גאט מיינער, אט דאס הייסט א שמחה!

זאכאר האט זיך געבויגען, געשמייכעלט. שטאלץ האט ארויסגענומען אן אסיגנאציע און אים דערלאנגט.

— קויף דיך דערפאר א נייעם ראק, — האט ער געזאגט.
— דו זעםט דאך אויס ווי א בעטלער.

— מיט וועמען, פאטער'ל, האט איר חתונה געהאט? — האט זאכאר געפרעגט, כאפענדיג שטאלין'ס האנט.

— מיט אלגא סערגעיעווגא'ן, געדענקסט זי? — האט אבלאמאוו געזאגט.

— מיט דער פריילין אילינסקאיא! גאט מיינער! וואס פאר א טייערע פריילין! גערעכט זייט איר געווען איליא איליטש, וואס איר האט מיך דאמאלט געזידעלט, מיך אלטען הונט! איך בין זינדיג, שולדיג געגען אייך! דאס האב איך דאמאלט צופויקט עם! איך, ניט ניקיטא, האב עס דערצעהלט די דינער פון די אילינסקי'ס. גאט מיינער, גאט מיינער! — האט ער איבערגע'חזר'ט, ארויסגעהענדיג אין קארידאר ארייו.

— אלגא לאדט דיך איין צו גאסט אין דארף ארייז; דיין ליבע האט שוין אפגעקילט, איז שוין ניט געפערליך; ווערסט ניט זיין אייפערזיכטיג. קום פארען!

אבלאמאוו האט אפגעזיפצט.

— וואס האסטו מורא?

— איך האב מורא פאר קנאה: אייער גליק וועט זיין פאר מיר א שפיגעל, וואו איך וועל זען מיין ביטער און נע־פטר'ט לעבען; און איך וועל דאך שוין אנדערש ניט אנהויבען צו לעבען, איך קאן ניט.

— רעד ניט קיין נארישקייטען, טייערער אילא! ניט ווילענדיגערהייט ווערסטו אנהויבען צו לעבען, ווי מען לעבט

### אבלאמאוו

איך ניט! — האָט אים שטאָלץ איבערגעשלאָגן זייענדיג טיף גערירט.

—ניין, דו זאָג איר, אז איך האָב זי באגעגענט דערפאר, כדי זי ארויסצופירען אויפ'ן ריכטיגען וועג, און אז איך בענש ענע באגעגעניש, און איך בענש זי אויף איר נייעם וועג! וועך דאָס זאָל זיין אן אנדערער?... האָט ער מיט שרעק צוגעלייגט.

— אָבער איצט, — האָט ער פרעהליך צוגעלייגט, — וועל איך ניט רויט פאר שאנד פאר מיין ראָל; עס איז ארונטער א שטיין פון מיין הארץ. מיין הארץ איז איצט קלאָר, איך בין גליקליך! איך דאנק דיר, גאָט!

ער האָט שיער ניט ווידער א שפרונג געטאָן אויף דער קאָפּע: אָט האָט ער זיך צולאכט און אָט האָבען זיך טרערען באוויזען אין זיינע אויגען.

—זאכאר! שאמפאניער זאָל היינט זיין צום מיטאָג! — האָט ער א געשריי געטאָן און פארגעסען, אז ער האָט ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה.

— איך וועל אלץ דערצעהלען אָלגא'ן, אלץ! — האָט שטאָלץ גערעדט. — ניט אומזיסט קען זי דיך ניט פארגעסען. יאָ, דו ביסט זי ווערט געווען: דיין הארץ איז טיף ווי א ברונען!

זאכאר'ס קאָפּ האָט זיך ארויסגערוקט פון פאָדערהויז.

— ערלויבט אויף א מינוט! — האָט ער געמורמעלט, ווינקענדיג אָבלאָמאָוו'ן.

— וואָס ווילסטו? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט אן אומגעדולדיגער. — טראָג זיך!

— זייט אזוי גוט און גיט געלט! — האָט זאכאר געשעפטשעט.

אָבלאָמאָוו איז מיטאמאָל אנטשוויגען געוואָרען.

— וועט מען זיך באגעהן אָן דעם! — האָט ער אין דער שטיל ארויסגערעדט אין דער טיר. — זאָלסטו זאָגען, אז דו האָסט פארגעסען. גערה דיר. גערה דיר!... ניין, קום אהער!

ווען זי וועט הערען, אז איך האב זיך געפרעהט ווען איך האב געהערט, אז זי האט חתונה געהאט.

— און איז דען פרייד קיין געפיל ניט, און דערצו א פרייד פון ענטאזיאזם? דו פרעהסט זיך דאך מיט איר גליק.

— אמת, אמת! — האט אים אבלאמאוו איבערגעשלאגען.

— איין גאט ווייס וואס איך פלאפעל דא... ווער איז דער גליקליכער? איך וויל אפילו ניט פרעגען...

— ווער? — האט שטאלץ איבערגעפרעגט. — א, ווי דו שטויסט זיך ניט אן, איליא.

אבלאמאוו האט מיטאמאל אנגעשטעלט אויף זיין פריינד א שטארען בליק; די שטריכען פון זיין פנים זיינען מיטאמאל פארגליווערט געווארען און די פארב איז פארשוואונדען פון זיין געזיכט.

— ביסטו עס ניט אמאל? — האט ער מיטאמאל געפרעגט.

—דו האסט שוין ווידער זיך דערשראקען! וואס זאל עס באדייטען? — האט שטאלץ געפרעגט, פאנאנדערלאכענדיג זיך.

— טרייב מיט מיר קיין שפאס ניט, אנדרעי, זאג דעם אמת! — האט מיט אויפרעגונג ארויסגערעדט אבלאמאוו.

— ערען ווארט, איך לאך ניט. עס איז שוין דאס צווייטע יאר ווי מיר האבען חתונה געהאט.

ביסלעכווייז איז דער שרעק ארונטער פון אבלאמאוו'ס פנים און זיין פלאץ האט פארנומען א רואיגע פארטראכטקייט; ער האט נאך געהאלטען ארונטערגעלאזען די אויגען, אבער דורך זיין פארטראכטקייט האט אנגעהויבען ארויסצולויכטען א שטילע, טיפע פרייד, און ווען ער האט פאמעליך אויפגעהויבען דעם בליק אויף שטאלץ'ן, איז זיין בליק געווען פול מיט טרערען און מיטגעפיל.

— טייערער אנדרעי! — האט ער ארויסגערעדט, ארומנעמענדיג אים. — טייערע אלגא... סערגעיעוונא. — אייך האט גאט אליין צוזאמענגעפירט! גאט מיינער! א, ווי איך בין גליקליך! זאג איר...

— איך וועל איר זאגען, אז קיין צווייטען אבלאמאוו קען

# אָבלאָמאָוו

— און וואָס מאַכט אָלגאַ? — האָט ער געפרעגט.

— דו האָסט זי ניט פאַרגעסן! און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זי פאַרגעסן, — האָט שטאָלץ געזאָגט.

— ניין, אַנדרעי, קאָן מען דען זי פאַרגעסן? דאָס הייסט, אַז איך זאָל פאַרגעסן, אַז איך האָב אַמאָל געלעבט, געװען אין גן עדן.. און איצט! — ער האָט אַ זיפץ געטאָן. — וואו איז זי?

— ביי זיך אין דאָרף, פירט די באַלעבאַטישקייט.

— מיט דער טאַנטע? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— און מיט איהר מאַן.

— זי ,האָט שוין חתונה געהאַט? — האָט אָבלאָמאָוו אויסגלאָצענדיג די אויגען, אַרויסגערעדט.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקען? — האָט שטאָלץ שטיל, כמעט צערטליך צוגעלייגט.

— אַך, ניין, וואָס דיר קאָן איינפאַלען! — האָט אָבלאָמאָוו זיך פאַרטיידיגט, קומענדיג צו זיך. — איך האָב זיך ניט דערשראָקען, נאָר עס האָט מיך פאַרוואונדערט; איך ווייס ניט פאַר וואָס עס האָט מיך אַזוי איבעררעאַשט. שוין לאַנג? איז זי גליקליך? זאָג שוין, ווי גאָט איז דיר ליב. איך פיל, אַז דו האָסט אַרונטערגענומען פון מיר אַ שווערע משא! כאָטש דו האָסט מיך פאַרזיכערט, אַז זי האָט מיר מוחל געווען, אָבער דו ווייסט דאָך... איך בין ניט געווען רואיג! עס האָט געהאַלטען מיך אין איין עסען... טייערער אַנדרעי, איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר!

ער האָט זיך אַזוי האַרציג געפרעהט, אַז ער האָט אַזש גענומען שפּרינגען אויף דער סאָפע, ער האָט אַזוי אונטערגעטאַנצט, אַז שטאָלץ האָט אים באַוואונדערט און איז גערירט געוואָרען.

— וואָס פאַר אַ גוטער ביסטו, איליאַ! — האָט ער געזאָגט. — דיין האַרץ איז זי ווערט געווען! איך וועל איר דאָס אַלץ איבערגעבען.

—ניין, דו דערצעהל ניט! — האָט אים אָבלאָמאָוו איבערגעשלאָגען. — זי וועט מיך האַלטען פאַר אַ געפיללאָזען מענשען,

## 6.

אין א צוויי שעה ארום איז שטאַלץ געקומען.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס האָסטו זיך אזוי פאַרענ־דערט, בלייך געוואָרען, צושוואומען! ביסט געזונד? — האָט שטאַלץ געפרעגט.

— ניט זער, אנדרעי, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, ארומ־נעמענדיג אים, — דער לינקער פוס חלש'ט אָפט ביי מיר אוועק.

— ווי עקלהאפט איז דאָ ביי דיר! — האָט שטאַלץ גע־זאָגט, ארומקוקענדיג זיך. — פאַרוואָס ווארפסטו נאָך אַלץ ניט אוועק אָט דעם שלאַפראָק? ער איז דאָך פול מיט לאַטעם!

— צוגעוועהנט צו אים, אנדרעי; א שאָד זיך צו שיידען מיט אים

— און די קאָלדרע, און די פאָרהאַנגען... — האָט שטאַלץ אָנגעהויבען, — צו זיי זיך אויך צוגעוועהנט? עס איז דיר א שאָד איבערצובייטען אָט די שמאַטעס? האָב רחמנות, ווי קאָנסטו שלאָפען אין אזא בעט? וואָס איז מיט דיר, איליא?

אָבלאָמאָוו האָט שטארק א קוק געטאָן אויף שטלי'ן, דער־נאָך אויפ'ן בעט און אויף די פאָרהאַנגען.

— קליינינקייטען, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, א צוטראָ־גישנער, — דו ווייסט דאָך, אז איך האָב קיינמאָל ניט געשאַנ־קען קיין אויפמערקזאמקייט מיין דירה... קום בעסער עסען. זאכאר! גרייט גיכער דעם טיש. און איצט דערצעהל; ווי לאַנג וועסטו דאָ בלייבען און פון וואַנען קומסטו?

— טרעף אַליין צו וואָס איך בין געקומען און פון וואַנען איך קום? — האָט געפרעגט שטאַלץ. — צו דיר דאָ גרייכען דאָך ניט קיין שום נייעסען פון דער לעבעדיגער וועלט?

אָבלאָמאָוו האָט מיט נייגעריגקייט געקוקט אויף אים און געוואַרט וואָס ער וועט דערצעהלען.

— גוט, איך וועל עס מאכען, — האָט זי געזאָגט, באַשליסענדיג צו פאַרבייטען די בעבלעך מיט קרויט.

— הייסט אויך ברענגען א פונט שווייצער קעז, — האָט ער באַפוילען, ניט וויסענדיג פון אגאפיא מאַטוועיעוונאַ'ס מיטקען, — דאָס אלץ! איך וועל זיך פאַר אים אנטשולדיגען, אַז מיר האָבען אים ניט ערוואַרט... יאָ, זעט איר, ווען מען זאָל קאָנען צוגרייטען עפּעס א בוליאָן.

זי איז שוין געווען ביי דער טיר.

— און ווייַן? — האָט ער זיך מיטאמאָל דערמאָנט.

זי האָט אים געענטפערט מיט א נייעם קוק פול מיט שרעק.

— מען מוז שיקען נאָך וויין, — האָט אָבלאָמאָוו קאַלטבלוטיג פאַרענדיגט.

רואינער, ארומקוקענדיג ארום זיך, וואו זיך צו קענען באַהאַלטען. — גאָט מיינער! וואָס וועט ער זאָגען, ווען ער וועט דערזען... זאָגט אים, אז איך בין אוועקגעפאָרען! — האָט ער אויף שנעל ארויסגערעדט און אוועק אין דער באַלע־באָסטע׳ס צימער.

אניסיא האָט פונקט געהאַלטען אין אנטקעגען לויפען דעם גאַסט און די באַלעבאָסטע האָט באַוויזען איר איבערגעבען אָב־לאָמאָוו׳ס באַפעל. שטאָלץ האָט געגלויבט, ער האָט זיך בלויז פארוואונדערט, וואָס אָבלאָמאָוו איז עפעס ניט אין דער היים.

— זאָג אים, אז איך וועל קומען אין צוויי שעה ארום, כ׳וועל קומען עסען מיטאָג, — האָט ער געזאָגט און אוועק אין דעם דערנעבענדיגען פארק.

— עסען מיטאָג! — האָט אניסיא א דערשראָקענע אי־בערגעבען.

— מען דארף אן אנדער מיטאָג אָנגרייטען, — האָט ער באַשלאָסען און אנטשוויגען געוואָרען.

זי האָט געווענדעט אויף אים א בליק, וואָס איז געווען פול מיט שרעק. אינגאַנצען איז ביי איר געבליבען א האַלבער אימפעריאַל, און ביז דעם ערשטען, ווען איר ברודער גיט איר די פופציג רובל, איז נאָך פארבליבען צען טעג, און לייען וויל קיינער ניט.

— מיר וועלען שוין ניט דערווייזען, איליא איליטש, זאָל ער עסען, וואָס מיר האָבען אָנגעגרייט.

— ער וועט די דאָזיגע זאַכען ניט עסען, אגאַפיא מאַט־וועיעוונא, ער וועט עס אפילו אין מויל ניט נעמען.

— א צונג קאָן מען אין וואורשט געשעפט קריגען! — האָט זי מיטאַמאָל ארויסגערעדט. — און עס איז ניט ווייט.

— א צונג איז גוט; הייסט אויך ברענגען גרינסען, פרישע בעבלעך...

— בעבלאך זיינען איצט אכציג קאָפּיקעס א פונט! — איז איר צוגעקומען צו דער קעל, אָבער עס איז ניט ארונטער פון דער צונג.

— ער קאָן נאָך גען אין דעם אַלטען, — האָט געזאָגט אגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ, — און דאָס געלט וועט גוט צוגוין קומען אין הויז. מען וועט זיך אַנגרייטען מיט פלייש, איך וועל אָנ־פּרעגלען אַ סך איינגעמאַכטס... מען דאַרף גען אַ קוק טאָן צי אַניסיאַ האָט געבראַכט שמאַנד...

זי האָט זיך אויפגעהויבען.

— וואָס האָבען מיר היינט צו עסען? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— פּישסופּ, געבראָטען שאָפענפלייש און קרעפּלעך.

אָבלאָמאָוו האָט געשוויגען.

אין דעם מאָמענט איז צוגעפאָרען אַ קאַרעט, מען האָט אַנגעקלאַפּט אין דער פאָרטקע, עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס שפּרינגען און דאָס בילען פון דעם הונט.

אָבלאָמאָוו איז אַוועק צו זיך, מיינענדיג, אַז דאָס איז ווער געקומען צו דער באַלעבאָסטע: דער קצב, דער בעקער, אָדער אַן אַנדערער פון די לייט; אַזאַ וויזיט איז שטענדיג באַגלייט געוואָרען מיט פאַרלאַנג נאָך געלט און מיט אַן אָפּזאָג פון דער באַלעבאָסטע'ס זייט, דערנאָך מיט סטראַשונקעס פון דעם הענ־דלער'ס זייט און מיט אַ געבעט פון דער באַלעבאָסטע'ס זייט צוצוואַרטען, און עס פלעגט זיך ענדיגען מיט זידלערייען, מיט אַ קלאַפּען פון טירען און דער פאָרטקע און מיט דעם ווילדען בילען פון הונט און זיין רייסען זיך פון דער קייט — אין קורצען, מיט אַ זער אומאַנגענעמער סצענע. אָבער עס איז דאָך צוגעפאָרען אַ קאַרעט — וואָס קאָן דאָס באַדייטען? קצבים און בעקער פאָרען דאָך ניט אין קאַרעטען.

מיטאַמאָל איז די באַלעבאָסטע אריינגעלאָפען צו אים אַ דערשראָקענע.

— איר האָט אַ גאַסט! — האָט זי געזאָגט.

— ווער איז דאָס: טאַראַנטיעוו, אַלעקסעיעוו?

— ניין, ניין, דאָס איז דער, וואָס האָט דאָ געמיטאָגט, ווען עס איז געוועזען אייער געבורטסטאָג.

— שטאָלץ? — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט אַן אומ־

— אויב ניט איך, ווער וועט אכטונג געבען? — האט זי זיך אפגערופען. — אז איך וועל נאר ליגען אט א דא א צוויי לאטעס, נעם איך זיך גלייך צו דער סוף. א, וואס פאר א ווילד אינגעל, איז אט דער וואניא! ערשט לעצטע וואך האב איך אים איינס'ניי פארריכט דאס רעקעל, און ער האט עס שוין ווידער צוריסען! וואס לאכסטו? — האט זי זיך אפגערופען צו וואניא'ן, וואס איז געזעסען ביים טיש אין הויזען און אין א העמד מיט איין שלייקע. — דו וועסט זען, איך וועל ניט פארריכטען ביז אין דער פרי, וועסטו ניט קאנען ארויסגעהן פאר'ן הויז. די אינגלעך האבען אפנים עס צוריסען אויף דיר. זייי זיך מודה: האסט זיך געשלאגען?

— ניין, מאמעשי, עס האט זיך אליין צוריסען, — האט וואניא געזאגט.

— האסטו דיר, אליין צוריסען זיך! דו וואלסט ליבערשט געזעסען אין דער היים און געמאכט די לעקציעס, איידער ארומ־לויפען אין די גאסען! זאל נאר איליא איליטש זאגען, אז דו לערנסט זיך ווידער שלעכט פראנצויזיש, וועל איך באהאלטען דיינע שטיוועל און דו וועסט שוין מוזען זיצען אין דער היים ביים בוך!

— איך האב ניט ליב צו לערנען זיך פראנצויזיש.

— פאר וואס עפעס? — האט אבלאמאוו געפרעגט.

— ווייל אויף פראנצויזיש איז דא א סך ניט קיין שעהנע ווערטער...

אגאפיא מאטוועיעוונא איז אויפגעשפרונגען. אבלאמאוו האט זיך צוקייכט פאר געלעכטער. אפנים עס איז שוין פריער געווען ביי זיי א געשפרעך וועגען די „ניט שעהנע ווערטער".

— האלט דאס מויל, דו צולאזענער יונג, האט ארויסגע־רעדט די מוטער.

— וואַרט צו, לאמיך נאר קריגען געלט פון דארף, וועל איך אים לאזען אויפנעהען צוויי אנצוגען, — האט זיך אבלאמאוו ארייגגעמישט, — איין אנצוג א בלויעם און א מונדיר: ער הויבט דאך אן קומענדען יאר צו געהן אין גימנאזיום.

# אבלאמאוו

**אירע אויגען זיינען איר איינגעפאַלן און ווארום זי אליין האָט** געבראַכט צו טראָגען איליא איליטש'ען דעם פרישטיק.

זי האָט אפילו באוויזען צו מאכען א פרעהליך פנים, ווען אבלאָמאָוו האָט איר ערקלערט, אז מאָרגען קומען צו אים אויף מיטאָג טאראנטיעוו, אלעקסעיעוו, אָדער איוואן געראסימאָוויטש. דאָס עסען איז געווען געשמאַק און ריין סערווירט. זי האָט ניט פארשעמט דעם באלעבאָס. אָבער וויפיל אויפרעגונג, ארומלויפעניש, איינבעטען זיך ביי די קרעמער, אז זיי זאָלען געבען אויף באָרג און אפילו טרערען האָט דאָס איר געקאָסט!

אָ, ווי טיף האָט זי זיך אונטערגעטויכט אין דעם שטראָם פון לעבען און דערקאָנט זיינע גליקליכע און אומגליקליכע טעג! אָבער זי האָט ליב געהאַט אָט דאָס לעבען: ניט קוקענדיג אויף אלע אירע טרערען און דאגות, וואָלט זי אָט דאָס לעבען ניט געביטען אויף איר פריערדיגען שטילען, רואיגען לעבען, ווען זי האָט נאָך ניט געקאָנט אָבלאָמאָוו'ן, ווען זי האָט נאָך מיט ווירדע געהערשט איבער די אָנגעפילטע, זידענדיגע קעסלען, פאנען און טעפלאך, ווען זי האָט באפוילען אקולינא'ן, דעם דוואָרניק.

זי פלעגט אפילו אויפשפרינגען פאר שרעק, ווען עס פלעגט איר מיטאמאָל איינפאלען דער געדאנק וועגען טויט; ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער טויט וואָלט מיטאמאָל געמאכט א סוף צו אירע שטענדיגע טרערען, צו איר ארומלויפען גאנצע טעג און ניט שלאָפען ביינאכט.

איליא איליטש האָט זיך נאָכ'ן פרישטיקען איינגעהערט, ווי מאשא לעזט פראנצויזיש, געזעסען אביסעל אין אגאפיא מאַטוועיעוונא'ס צימער, געקוקט, ווי זי פארריכט וואניא'ס רעקעל, דרעהט אים א מאָל צען איבער פון איין זייט אויף דער צווייטער און אין דער זעלבער צייט איז זי אלע ווייַלע געלאָפען אין דער קיך אריין, צו זען, ווי עס בראָט זיך דאָס שאָפענפלייש און צי עס איז שוין ניט קיין צייט איינצובראָקען די פישסופ.

— וואָס לויפט איר אזוי אלע ווייַלע? — האָט איר נעזאָגט אבלאָמאָוו. — לאָזט עס געהן!

און פוטער קאָן מען דאָס פאַרזעצען, און אַז עס זיינען פאַראַן אַזוינע וואָלטעטער, וואָס וועלען געבען אַ דריט חלק פון דעם געבעטענעם געלט ביז ער וועט באַקומען פון דאָרף.

אָט די דאָזיגע פּראַקטישע לעקציע וואָלט אין אַן אַנדער צייט פאַרבייגעפלויגען איבער דער געניאַלער באַלעבאָסטע און וואָלט אפילו ניט אָנגערירט איר קאָפּ, און מען וואָלט עס איר אין קיין פאַל ניט געקאָנט געבען צו פאַרשטעהן, אָבער איצט האָט זי מיט קאָפּ און האַרץ אַלץ פאַרשטאַנען, באַגריפען און אָפּגעוואויגען... אירע פּערל, וואָס זי האָט געקראָגען דרשה־געשאַנק.

איליאַ איליטש האָט גאָרנישט ניט פאַרדעכטיגט, ער האָט צומאָרגענס ווידער געגעסען ווי געוועהנליך. אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ מיט די קינדער האָבען געגעסען דאָס, וואָס עס איז געווען פאַר דער דינערשאַפט, און בלויז אין דער אַנוועזענהייט פון איליאַ איליטש האָט זי זיך ערלויבט אויסצוטרינקען צוויי גלעזלאַך קאַפע.

און נאָך די פּערל האָט אָנגעהויבען צו געהן זילבערוואַרג, דערנאָך קליידער.

ווען עס איז אָנגעקומען געלט פון דאָרף, האָט איר אָבלאָמאָוו אָוועקגעגעבען אינגאַנצען. זי האָט אויסגעקויפט די פּערל און פאַר די איבריגע זאַכען האָט זי דערווייל באַצאָלט פּראָצענט, און האָט ווידער געגרייט פאַר אים ספּאַרזשע, פּאַרעל, און בלויז אין זיין אַנוועזענהייט האָט זי זיך ערלויבט צו טרינקען קאַפע. די פּערל זיינען ווידער אַוועק אויף זייער פּלאַץ.

און אַזוי פון וואָך צו וואָך, פון טאָג צו טאָג האָט זי זיך אַרויסגעשלאָגען פון די כוחות אַלץ מער, זיך געמאַטערט, קוים זיך דורכגעשלאָגען, זי האָט פאַרקויפט איר שאַל, געשיקט פאַרקויפען איר יום־טוב'ריג קלייד און איז געבליבען אין איר וואָכעדיג ציצען קליידעל מיט די גאָלע עלענבויגענס, און אין די זונטאַגס פלעגט זי פאַרדעקען דעם האַלז מיט אַן אַלט, אָפּגעטראָגען האַלזטיכעל.

דאָס איז די אורזאַך, וואָס זי איז אַזוי אָפּגעפאַלען, וואָס

איר אויסגערעכנט, וואָס פאַר אַ טיש זיי דאַרפֿען פירען, ווי אַזוי צו פאַרקלענערען די אויסגאַבען, ער האָט איר אפילו באַשטימט וואָס פאַר אַ מאכלים זי דאַרף מאַכען, האָט איר אויסגערעכענט, וויפיל זי קאָן קריגען פאַר די הינער, פאַר דער קרויט, און ער האָט באַשלאָסען, אַז מיט דעם געלט קאָנען זיי לעבען גרויסאַרטיג.

צום ערשטען מאָל אין לעבען האָט זיך אַגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ פאַרטראַכט ניט וועגען דער ווירטשאַפט, נאָר וועגען עפּעס אַנדערש, צום ערשטען מאָל אין איר לעבען האָט זי זיך צואווײנט ניט פאַר ערגערניש, וואָס אַקולינאַ האָט צובראָכען אַ כלי, ניט פאַר די זידלערייען פון איר ברודער, וואָס די פיש זיינען ניט דערקאָכט געוואָרען; צום ערשטען מאָל איז איר פאַרגעשטאַנען אַ ביטערע נויט, ניט ביטער פאַר איר, נאָר פאַר איליאַ איליטש'ען.

„ווי אַזוי וועט אָט דער פּריץ — האָט זי געטראַכט, — אָנהויבען צו עסען שטאָט שפּאַרגעל, ריבען מיט פּוטער, שטאָט די פיינסטע געפלינעל — קאַלבספלייש און שטאָט פאָרעלען — געטריקענטע פיש, וואָס מען פאַרקויפט דאָ אין דעם קרעמעל..."

אַ שרעק! זי האָט אפילו ניט געוואָלט דערטראַכטען ביז'ן סוף, נאָר האָט זיך גיך אָנגעטאָן, גענומען אַ דראָשקע און אַוועק צו איר מאַנ'ס משפּחה, אַ פאַרזאָרגטע, געהאַלטען אַ גאַנצע רעדע און געפרעגט, וואו זאָלען זיי נעמען געלט.

זיי האָבען אַ סך געלט און זיי וועלען באַלד געבען, אויב זיי וועלען נאָר געוואָר ווערען, אַז דאָס איז פאַר איליאַ איליטש'ען. ווען זי וואָלט געדאַרפט קויפען טיי, קאַפע פאַר זיך, די קינדער קליידלאַך אָדער שיכלאַך, וואָלט זי אפילו ניט דערמאָנט וועגען דעם, אָבער איצט, ווען דער חלף ליגט אויפ'ן האַלז: איליאַ איליטש האָט ניט אויף שפּאַרגעל, אויף פאָרעל, איז עפּעס אַנדערש...

דאָרט האָט מען זיך זער פאַרוואונדערט, אָבער קיין געלט האָט מען איר ניט געגעבען; מען האָט איר געזאָגט, אַז אויב איליאַ איליטש האָט גאָלדענע זאַכען, אָדער אפילו זילבערוואַרג

דעם לעצטען טאָג, ווען זי האָט גע'פּטר'ט דעם לעצטען גראָשען און געקומען אים זאָגען, אז זי האָט מער קיין געלט ניט.

ער האָט זיך דריימאָל איבערגעדרעהט אויף דער סאָפע פון אָט דער גייס, דערנאָך האָט ער גענומען זוכען ביי זיך אין קעסטעל; ער האָט ניט געהאַט קיין געלט. ער האָט זיך גענו־מען דערמאָנען וואו ער האָט עס אהינגעטאָן און האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען; ער האָט א שאר געטאָן מיט דער האַנט אויפ'ן טיש, צי עס געפינען זיך ניט קיין קופּערנע מטבעות, געפרעגט זאכאר'ן, אָבער ער האָט זיי אפילו אין חלום ניט גע־זען. זי איז אוועק צום ברודער און אים געזאָגט, אז אין דער היים איז ניטאָ קיין געלט.

— וואו האָסטו דאָס מיט דיין פּריץ גע'פּטר'ט טויזענד רובל, וואָס איך האָב אייך געגבען אויף צו לעבען? — האָט ער געפרעגט. — דו ווייסט דאָך, אז איך געה חתונה האָבען, און קיין צוויי משפחות קאָן איך ניט ערנערען. דו מיט דיין פּריץ דאַרפען לעבען לויט די מעגליכקייטען.

— וואָס וואַרפסטו מיר עפּעס פאָר דעם פּריץ? — האָט זי געפרעגט. — וואָס האָט ער דיר אזוינס געטאָן? — ער טשע־פּעט קיינעם ניט, לעבט זיך שטיל. ניט איך האָב אים דאָס גע־בראַכט אין הויז אריין, דאָס האָסטו מיט טאַראַנטיעוו'ן.

ער האָט איר נעגעבען צען רובל און געזאָגט איר, אז מער קיין געלט וועט ער ניט געבען. אָבער דערנאָך, ווען ער האָט דעם ענין באַטראַכט צוזאַמען מיט טאַראַנטיעוו'ן ביי א גלע־זעל ראָם, האָט ער באשלאָסען, אז אזוי קאָן מען ניט איבער־לאָזען די שוועסטער און אָבלאָמאָוו'ן, אז די געשיכטע קאָן נאָך דערגרייכען שטאָלץ'ען און ער קאָן נאָך די גאַנצע געשיכטע קאַליע מאַכען.

ער האָט גענומען זיי געבען צו פופציג רובל א חודש, און ער האָט אָפּגעמאַכט, אז דאָס געלט זאָל ער אַרונטערנעמען פון אָבלאָמאָוו'ס איינקונפט פון דריטען יאָר; דערביי האָט ער דער שוועסטער געגעבען צו פאַרשטעהן און אפילו זיך געשוואָרען, אז ער וועט מער אפילו קיין גראָשען ניט געבען, און ער האָט

און אים איז געבליבען אן אומבאדריטענדע סומע, אויף דורכ־צושלאָגען זיך.

דער באלעבאָסטע'ס ברודער האָט גענומען אונטעריאָגען אָבלאָמאָוו'ן מיט'ן הוב; ער האָט געוואָלט קריגען דאָס געלט אין א צוויי יאָר צייט, כדי קיין זאך זאָל נים שטערען, און ערפאר איז אָבלאָמאָוו מיטאמאָל ארייגעפאלען אין א פאר־ענגטער לאגע.

אין אָנפאנג האָט מען עס גיט זער באמערקט, ווייל ער זאָט קיינמאָל נים געוואוסט וויפיל ער האָט געלט אין קעשענע. מיטאמאָל איז איוואן מאטוועיעוויטשען איינגעפאלען זיך צו טדבנ'ען צו א טאָכטער פון א געוויסען מעל־הענדלער, האָט ער געדונגען א צווייטע דירה און אריבערגעקליבען זיך.

אגאפיא מאטוועיעוונא'ס שוואונג איז איינגעצאמט געוואָרען; די פיינע מאכלים האָבען זיך אָנגעהויבען צו באווייזען אין א צווייטער קיך, אין איוואן מאטוועיאיטש'עס נייער דירה.

אין די אווענדען האָבען דארטען געברענט לאָמפען: עס האָבען זיך צוזאמענגעקליבען די צוקונפטיגע קרובים פון איוואן מאטוועיאיטש, זיינע דינסט־גענאָסען און טאראנטיעוו; אלץ האָט זיך אַריבערגעקליבען אהין. אגאפיא און אניסיא זיינען מיטאמאָל געבליבען מיט ברייט צועפענטע מיילער און מיט זרונטערהענגענדע הענט.

אגאפיא מאטוועיעוונא איז צום ערשטען מאָל געוואָר גע־וואָרען, אז זי האָט ניט מער ווי א הויז, א גאָרטען און הינדלעך, און אז אין איר סאָד וואקסט ניט קיין צימערינג, קיין וואנילע. זי האָט דערזען, אז די קרעמער אין מאַרק האָבען אויפגעהערט צו באגריסען זי ווי אמאָל מיט א שמייכעל, און אז די אלע שמייכלען און גרוסען קריגט איצט איר ברודער'ס נייע פעטע, אויסגעפוצטע קעכין.

אָבלאָמאָוו האָט אוועקגעגעבען דער באלעבאָסטע דאָס גאנצע געלט, וואָס איר ברודער האָט אים איבערגעלאָזען צום לעבען, און זי האָט א דריי־פיר חדשים אָן א רעכענונג, ווי פריער, געמאָלען קאפע פודענווייז, געבראטען אינדיקעס בי

# א. א. גאַנטשאַראָוו

דער באַלעבאָסטע'ס ברודער האָט זיך די זאַך איינגעגעבן בעסער, ווי ער האָט ערוואַרטעט. ווען טאַראַנטיעוו האָט געמאַכט די קלענסטע אָנדייטונג וועגן דער סקאַנדאַליעזער געשיכטע, האָט זיך איליאַ איליטש פאַרשעמט; דערנאָך זיינען זיי אַוועק זיך אויסגלייכען, דערנאָך האָבען זיי אַלע דריי אויסגעטרונקען, און אָבלאָמאָוו האָט אונטערגעשריבען דאָס פאַפיר, אויסצוצאָלען דאָס געלט אין אַ צייט פון פיר יאָר. און אין אַ מאָנאַט אַרום האָט אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ איבערגעשריבען דאָס זעלבע פאַפיר אויף איר ברודער'ס נאָמען, ניט האָבענדיג די מינדעסטע אַנונג, וואָס זי שרייבט אַזוינס אונטער. דער ברודער האָט איר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פאַפיר וועגען הויז און זי האָט עס אונטערגעשריבען.

אונטערשרייבענדיג, האָט זיך אָבלאָמאָוו אַביסעל געטרייסט דערמיט, וואָס דאָס געלט וועט געהן פאַר די יתומים, אָבער צומאָרגענס, ווען דער קאָפּ איז אים ניכטער געוואָרען, האָט ער זיך מיט חרפּה דערמאָנט וועגען אָט דער געשיכטע און האָט אויסגעמידען צו טרעפען זיך מיט איוואַן מאַטוועיטש'ען, און אויב טאַראַנטיעוו האָט מיט אים אָנגעהויבען צו רעדען דערפון, האָט ער אים געדראָט, אַז ער קלויבט זיך גלייך אַרויס פון הויז און פאָרט אַוועק אין דאָרף אַריין.

שפּעטער, ווען ס'איז אָנגעקומען דאָס געלט פון שטאָליץ'ן, איז דער באַלעבאָסטעס ברודער אַריין צו אים און ערקלערט אים, אַז אים איליאַ איליטש'ען, וועט פיל זיכערער זיין אָנהויבען אָפּצוצאָלען שוין איצט פון איינקונפט; אַז אַזוי אַרום וועט דער חוב אין אַ דריי יאָר צייט ווערען באַצאָלט, וואָרים ווען ער זאָל ניט אָנהויבען צו צאָלען גלייך, וועט דאָס דאָרף מוזען פאַרקויפט ווערען פער אויקציאָן, ווען עס וועט אָנקומען די צייט, וואָרים קיין באַר געלט האָט ער ניט און וועט ניט האָבען.

אָבלאָמאָוו האָט באַגריפען אין וואָס פאַר אַ קלעם ער איז אַריינגעפאַלען, ווען אַלץ, וואָס שטאָליץ האָט אים צוגעשיקט, האָט אָנגעהויבען אַוועקצוגעהן אויף צו באַצאָלען דעם חוב

# אבלאמאוו

די טיר האט זיך געעפענט און עס איז אריין אגאפיא מאטוועיעוונא, טראגענדיג אויף שנעל א הייסע פאן מיט א פיינקוכען.

אויך זי האט זיך שרעקליך פאראנדערט צום שלעכטען. זי איז זער אפגעפאלען. עס איז שוין ניט דא מער די רונדע, ווייסע בלייכע באקען, וואס ווערען ניט רויט און ניט ווייס! עס גלאנצען שוין מער ניט אירע שיטערע ברעמען: אירע אויגען זיינען איינגעפאלען.

אנגעטאן איז זי אין אן אלט ציצען קליידעל; די הענט זיינען ביי איר אי רויט און הארב געווארען פון דער ארבייט, פון פייער אדער פון וואסער, אדער פון ביידע צוזאמען.

אקולינא איז שוין מער ניט אין הויז. אניסיא איז איצט אי אין קיך, אי אין גארטען, אי זי גיט אכטונג אויף די הינער, אי זי וואשט די דילען און וואשט וועש; זי קאן אליין מיט אלעם ניט פארטיג ווערען און ווילענדיג ניט ווילענדיג מוז אגאפיא מאטוועיעוונא אליין ארבייטען אין קיך. א טיפער טרויער ליגט אויסגעגאסען אויף איר פנים.

אבער זי טרויערט ניט אויף זיך, נאר אויף איליא אי־ליטש'ן. איליא איליטש האט אויפגעהערט איינגאנצען צו עסען און אויפגעהערט האט ער דערפאר, וואס מען קויפט שוין ניט פאר אים קיין קאפע גאנצע פודענווייז פון בעסטען געשעפט, נאר מען קויפט עס פאר א פאר גראשען אין א קרעמעל, וואס עס ברענגט שוין ניט די פויערטעס קיין שמאנד, נאר מען קויפט זי אויף אין דעם זעלבען קרעמעל, און דערפאר איז זי געוועזען טרויעריג, וואס שטאט א זאפטיגען קאטלעט, דערלאנגט זי אים אויף אנבייסען געפרעגעלטע אייער מיט אלטען פארלעגערטען װאורשט, וואס זי קויפט אין דעם זעלבען קרעמעל.

וואס זאל דאס אלץ באדייטען? דאס באדייט, אז שוין דאס צווייטע יאר, ווי דער גאנצער איינקונפט, וואס שטאלץ שיקט פינקטליך צו פון אבלאמאווקע, געהט אוועק אויף צו באַ־צאלען דעם חוב, וואס אבלאמאוו איז דאס כלומר'שט שולדיג דער באלעבאסטע.

## 5.

נאָט מיינער! פאר א טרויעריגען אויסזען האָט געהאַט אָבלאָמאָוו'ס דירה אָנדערטהאַלבען יאָר נאָך זיין געבורטסטאָג, ווען שטאָלץ איז געקומען צו אים אומגעריכטערהייד אויף מי־טאָג. און איליא איליטש אליין איז אזוי צושוואומען געוואָרען, די לאַנגוויל האָט זיך איינגעגעסען אין זיינע אויגען און קוקט פון זיי ארויס, ווי א חלאת.

ער שלעפט זיך ארום איבער'ן צימער, דערנאָך לייגט ער זיך אוועק און נעמט קוקען אויפ'ן באַלקען; ער נעמט טייל־מאָל א בוך פון דער עטאַזשערע, לויפט דורך מיט די אויגען א פאָר שורות, גיט א געגעניץ און נעמט פייקלען מיט די פינגער אויפ'ן טיש.

זאכאר איז געוואָרען נאָך וויניגער ריין, נאָך וויניגער באוועגליך; אויף זיינע עלענבויגענס האָבען זיך באוויזען לאַ־טעס. ער זעט אויס הונגעריג, אָרעם, ווי ער וואָלט ווייניג גע־געסען, ווייניג געשלאָפען און פאר דרייען געארבייט.

אָבלאָמאָוו'ס שלאָפראָק איז אָפּגעטראָגען, און ווי עס מיט זיך ניט די באלעבאָסטע צו פארנעהען אלע לעכער, צוקריכט ער זיך אָבער און ניט נאָר אין די נעט: עס איז שוין לאַנג צייט צו קויפען א נייעם. זיין בעט־דעק איז אויך שוין אָפּגע־טראָגען, מיט לאטעס; די פאָרהאַנגלעך פון די פענסטער זיינען פון לאַנג אָפּגעקראָכען און, כאָטש זיי זיינען אויסגעוואשען, זיינען זיי ענליך אויף שטיקלעך שמאַטעס.

זאכאר האָט געבראַכט אן אלטען טישטוך און געדעקט לע־בען אָבלאָמאָוו'ן א האַלבען טיש, דערנאָך האָט ער פאָרזיכטיג, פארבייסענדיג דעם שפּיץ צונג, געבראַכט טעלער און א פלאש שנאַפּס, אוועקגעלייגט דאָס ברויט און ארויס.

גים באַוואויגען, כמעט גים געאַטעמט. א פארזונקענע אין שלומער, האָט זי געוועגדעט אין די געדאנקען איר בליק אין עפּעס א שטילער, טיפער, ווארעמער, רופטענדער נאכט, וואָס איז באַלויכטען פון א מילדען שימער. מיט צושפּרייטע פלי־געל איז פּאַמעליך געשוואומען איבער איר קאָפּ דאָס גליק, אזוי ווי א וואָלקען אין הימעל.

אין דעם דאָזיגען חלום האָט זי זיך ניט געזען א פאר־וויקעלטע אין זיידענע שפּיצען און אין טול בלויז אויף צוויי שעה און דערנאָך דאָס גאנצע לעבען אין וואָכעדיגע קליידער; עס האָט זיך איר ניט גע'חלומ'ט קיין פייערליכע סעודה, קיי־נע פייערען, קיינע פרעהליכע אויסגעשרייען; זי האָט געזען אין איר חלום גליק, נאָר אזא פּשוט גליק, אָן אויסערליכע באַ־פּוצונגען, אז זי האָט נאָכאמאָל, און ווידער אָן א ציטער כּין שטאָלץ, בלויז געווירט ביז דער טיפעניש פון איר הארצען ארויסגעפּליסטערט: „איך בין זיין כלה!"

קאָן עס ניט. גלייך ווי די וועלען, האָבען זיך געטראָגען אירע געדאַנקען, פליסיג האָט דאָס בלוט פולסירט אין די אָדערען. זי האָט איבערגעלעבט גליק, אָבער זי האָט ניט געקאָנט באַשטי־מען וואו זיינע גרענעצען זיינען, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר, זי האָט געטראַכט, פאַרוואָס איז עס איר אַזוי שטיל, רואיג, אַזוי גוט, אין דער צייט וואָס...

„איך בין זיין כלה..." האָט זי אַרויסגעמורמעלט.

„איך בין אַ כלה!" מיט אַ ציטער פון שטאָלץ טראַכט אַ מיידעל, וואָס האָט דערלעבט צו דעם מאָמענט, וואָס באַשטראַלט איר גאַנץ לעבען, זי וואַקסט אויס און פון אָט דער הויך קוקט זי אויף אָט דעם פינסטערען שטעגעל, אויף וועלכען זי איז נאָך נעכטען געגאַנגען איינזאַם און אומבאַמערקט.

ווארום אָבער ציטערט ניט אָלגאַ? אויך זי איז געגאַנגען אויף אַן איינזאַם שטעגעל, אומבאַמערקט, אויך איר איז אויפ'ן שיידוועג אַנטקעגען געקומען ער, האָט איר דערלאַנגט די האַנט און אַרויסגעפירט זי; ניט אין שיין פון בלענדענדע שטראַלען, נאָר אַזוי ווי אויפ'ן אויסגוס פון אַ ברייטען טייך, צו ברייטע פעלדער און פריינדליך שמייכלענדע פעלדער. אירע אויגען האָבען ניט גענומען בלינצלען פונ'ם גלאַנץ, דאָס האַרץ איז ניט געוואָרען געשטאָקט, איר פאַנטאַזיע איז ניט צורייצט געוואָרען.

מיט אַ שטילען פרייד האָט זי אָפּגעשטעלט איר בליק אויפ'ן אויסגוס פון לעבען, אויף זיינע ברייטע פעלדער און גרינע בערג. עס איז קיין ציטער ניט דורכגעלאָפען דורך אירע פלייצעס, פון איר בליק האָט ניט אַרויסגעלויכטען קיין שטאָלץ: בלויז דאַמאָלט, ווען זי האָט איבערגעטראָגען איר בליק פון די פעלדער און בערג אויף דעם, וואָס האָט איר דערלאַנגט די האַנט, האָט זי געפילט, אַז עס קייקעלט זיך אַ טרער איבער איר באַק.

און זי איז אַלץ געזעסען, ווי זי וואָלט געשלאָפען — אַזוי שטיל איז געווען דער חלום פון איר גליק: זי האָט זיך

צוטראַגנעגהייט, ער האָט מיט הנאה געקוקט, ווי אירע אויגען זיינען ווידער פארשוואומען געוואָרען מיט טרערען.

— עס וועט פארוועלקען, ווי אייער בעז! — האָט ער פאר־ענדיגט. — איר האָט גענומען א לעקציע און איצט איז צייט, אז איר זאָלט זיך באנוצען מיט דעם, וואָס איר האָט דערוואָר־בען. עס הויבט זיך אָן דאָס לעבען: גיט מיר איבער אייער צוקונפט און זאָרגט ניט וועגען קיין זאך — איך גאראנטיר אייך פאר אַלץ. קומט צו דער טאנטע.

שפּעט איז דעם טאָג שטאָלץ א היים געגאנגען.

„ענדליך געפונען דאָס מייניגע, — האָט ער געטראכט, קוקענדיג מיט פארליבטע אויגען אויף די בוימער, אויפ'ן הי־מעל, אויפ'ן וואסער און אפילו אויפ'ן נעבעל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון וואסער. — דערווארט זיך! וויפיל יאָרען פון ווארטען, פון ליידען, פון עקאָנאָמיזירען די כוחות פון דער נשמה! אָ, ווי לאנג האָב איך געווארט, אָבער איך בין באַ־לוינט געוואָרען: אָט דאָס איז עס דאָס גרעסטע גליק פון א מענשען!"

„אָלגא — מיין ווייב! — האָט ער ציטערענדיג ארויסגע־רעדט. — איך האָב געפונען מיין ציל, איך האָב שוין ניט מער וואָס צו זוכען!"

און אין א רויך פון גליק איז ער געגאנגען אהיים, ער האָט ניט באמערקט קיין גאסען, קיין הייזער.

לאנג האָט אים אָלגא באגלייט מיט די אויגען, דערנאָך האָט זי געעפענט דאָס פענסטער און א ווײלע איינגעאָטעמט די נאכטיגע קילקייט; די אויפרעגונג איז ביסלעכוויז פאר־איבער, איר ברוסט האָט גלייכמעסיג געאָטעמט.

זי האָט געווענדעט איר בליק אויפ'ן זעע, אין דער וייט־קייט אריין, און זי האָט זיך פארטראכט אזוי שטיל, אזוי טיף, ווי זי וואָלט איינגעשלאָפען. זי האָט געוואָלט אָנכאַפּען דאָס, וועגען וואָס זי האָט געטראכט, אָבער זי האָט געפילט, אז זי

— הערט זיך איין: איר קאָקעטירט דאָך מיט מיר! — האָט זי מיטאמאָל פרעהליך ארויסגערעדט.

—אָ, אין קיין פאַל ניט! — האָט ער מיט ווירדע באַ־מערקט. — דאָס איז ניט די אַלטע פראגע, איצט האָט זי אינ־גאנצען אן אנדערע באדייטונג: אויב איך בלייב, בלייב איך מיט וועלכע... רעכט?

זי האָט זיך מיטאמאָל פארלאָרען.

— זעט איר שוין, אז איך קאָקעטיר ניט! — האָט ער זיך צולאכט, צופרידען דערפון, וואָס ער האָט זי געכאפּט. — נאָך דעם היינטיגען געשפּרעך דארפען מיר זיך דאָך באַציען שוין אנדערש איינער צום צווייטען; מיר זיינען דאָך שויןביידע ניט די זעלבע, וואָס נעכטען.

— איך ווייס ניט... — האָט זי א פליסטער געטאָן, נאָך מער צוטראָגען.

— וועט איר מיר ערלויבען אייך צו געבען אן עצה?

— זאָגט... איך וועל בלינד אייך אויספאָלגען! — האָט זי צוגעלייגט מיט א כמעט ליידענשאפטליכער אונטערטעניג־קייט.

— ווארטענדיג אויף איםׂ, האָט דערווייל חתונה מיט מיר.

— איך וואג עס נאָך ניט... — האָט זי געפּל־סטערט, פארדעקענדיג אין אויפרעגונג דאָס פנים מיט די הענט, אָבער א גליקליכע.

— ווארום וואגט איר ניט? — האָט ער אויך פליסטע־רענדיג געפרעגט, צובויגענדיג איר קאָפּ צו זיך.

— און דאָס וואָס איז געוועןׁ? — האָט זי ווייטער גע־פליסטערט, אוועקלייגענדיג איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, ווי אויף א מוטערס.

ער האָט פאמעליך אוועקגענומען אירע הענט פון איר גע־זיכט, א קוש געגעבען און א לאנגע צייט באוואונדערט איר

חלום׳ס. ער וועט קומען, און איר וועט אויפוואכען..." און איר וועט ליב קריגען, וועל איך צולייגען פון מיין זייט, אזוי ליב קריגען, אז עס וועט ניט נאר יארען, נאר דאס גאנצע לע־בען וועט צו קורץ זיין פאר אט דער ליבע, איך וויים בלויז ניט... ווען איר וועט ליב קריגען... — האט ער דערזאגט, פארשלינגענדיג זי מיט די אויגען.

זי האט ארונטערגעלאזען די אויגען און פארביסען די לי־פען, אבער פון צווישען די וויהעס האבען ארויסגעדרונגען שטראלען, די ליפען האבען איינגעהאלטען דעם שמייכעל, אבער האבען אים ניט געקאנט פארהאלטען. זי האט א קוק געטאן אויף אים, אזוי הארציג זיך צולאכט, אז עס האבען זיך ביי איר אזש באוויזען טרערען.

— איך האב אייך געזאגט, וואס עס איז געווען מיט אייך און אפילו וואס עס וועט זיין מיט אייך, אלגא סערגעי־עוונא, — האט ער פארענדיגט. — און איר גיט מיר גאר קיין ענטפער ניט אויף מיין פראגע, וואס איר האט מיר ניט געלאזט דערענדיגען.

— אבער וואס קאן איך אייך זאגען? — האט זי מיט ערגערניש ארויסגערעדט. — וואלט איך דען געהאט רעכט, ווען איך זאל קאנען אייך זאגען דאס, וואס אייך איז אזוי נויטיג און וואס איר... זייט אזוי ווערט? — האט זי פליסטערענדיג פארענדיגט און שעמעוודיג א קוק געטאן אויף אים.

אין איר בליק האבען אים ווידער א לויכט געטאן פונקען פון אומגעוועהנליכער פריינדשאפט; ער האט ווידער א ציטער געטאן פאר פרייד.

— איילט זיך ניט, — האט ער געזאגט, — זאגט, וואס איך בין ווערט און דאמאלט וועט זיך ענדיגען אייער הארצענס טרויער, דער טרויער פון אנשטענדיגקייטס וועגען. דאס היינטי־גע יאר האט מיר אויך עפעס געזאגט. איר דארפט בלויז אנטשיידען די פראגע צי איך זאל אוועקפארען, אדער בלייבען?

ער האָט אומזיסט געזוכט אַ גאַנצען יאָר. ער האָט אַ ציטער געטאָן פאַר פרייד.

— ניין, געזונט וועל איך דאָס אצינד! — האָט ער גע־זאָגט און פאַרטראַכט זיך. — אַך, ווען איך וואָלט עס פריער געוואוסט, אַז דער העלד פון דעם ראָמאַן איז איליאַ! אָ, וויפיל צייט איז פאַראיבער, וויפיל בלוט איז קאַליע געוואָרען! פאַרוואָס? צוליב וואָס? — האָט ער כמעט מיט ערגערניש ווידערהאָלט.

אָבער ער האָט זיך אַזוי ווי מיטאַמאָל אויסגעניכטערט פון אָט דער ערגערניש, אויפגעוואַכט פון זיין טיפער פאַר־חלומ׳טקייט. זיין שטערען האָט זיך אויסגעגלייכט, די אויגען זיינען פרעהליכער געוואָרען.

— עס זעט אויס, אַז אַזוי האָט עס געמוזט זיין, דער־פאַר אָבער ווי בין איך אצינד רואיג און... ווי גליקליך! — האָט ער אַ בארוישטער צוגעלייגט.

— אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ חלום, אַזוי ווי גאָרניט וואָלט פאַסירט! האָט זי געזאָגט אַ פאַרטראַכטע און שטיל, וואונדערענדיג זיך אויף איר פּלוצליכער אויפלעבונג. — איר האָט אַרויסגענומען ניט בלויז די שאַנדע, די חרטה, נאָר אויך די ביטערקייט, די יסורים — אַלץ... ווי אַזוי האָט איר עס גע־טאָן? — האָט זי שטיל אים געפרעגט. — און דער... טעות וועט איינגאַנצען פאַראיבער?

— מיר דאַכט זיך, אַז אַלץ איז שוין אריבער! — האָט ער געזאָגט אַ קוק טועגדיג אויף איר צום ערשטען מאָל מיט ליידענשאַפטליכע בליקען און ניט פאַרהוילענדיג עס. — דאָס הייסט, אַלץ, וואָס האָט פאַסירט.

— און וואָס... וועט זיין... ניט קיין טעות... נאָר אַן אמת?... — האָט זי געפרעגט, ניט דערערענדיג.

— אָט שטעהט עס דאָ געשריבען, — האָט ער געזאָגט, נעמענדיג ווידער אַמאָל דעם בריף, — „פאַר אייך שטעהט ניט דער, וועמען איר האָט ערוואַרט, וועגען וועמען איר האָט גע־

—איך וואָלט זיך ניט געוויצעלט, ווען עס וואָלט זיך גע־האַנדעלט וועגן אַן אַנדערען און ניט וועגן איליאַ'ן, — האָט ער זיך פאַרטיידיגט, — אין אַזאַ פאַל וואָלט דער טעות גע־קאָנט זיך ענדיגען מיט... אַן אומגליק, אָבער אָבלאָמאָוו'ן קען איך זעהר גוט...

— מיט אַן אַנדערען וואָלט עס קיינמאָל ניט פּאַסירט!

— האָט זי, אויפשפּרינגענדיג אים איבערגעשלאָגען. — איך האָב אים דערקאָנט מער, ווי איר קאָנט אים...

— זעט איר דאָך שוין אַליין! — האָט שטאָלץ צוגע־שטימט.

— אָבער ווען ער וואָלט זיך... געענדערט, וואָלט אויפגע־לעבט, געפאָלגט מיך... וואָלט איך דען אים דאַמאָלט ניט ליב געקראָגען? וואָלט עס דען אין אַזאַ פאַל אויך געווען אַ ליגען, אַ טעות? — האָט זי גערעדט, כדי די זאַך אַרומצורעדען פון אַלע זייטען, אַז עס זאָל ניט איבערבלייבען דער קלענסטער פלעק, דער קלענסטער שאָטען.

— עס איז קיין צווייפעל ניט, — האָט שטאָלץ זי אי־בערגעשלאָגען, אַז ווען אויף זיין פּלאַץ וואָלט געווען אַן אַנ־דער מענש, וואָלטען זיך אייערע באַציאונגען פאַרוואַנדעלט אין ליבע, באַפעסטיגט זיך, און דאַמאָלט... אָבער דאָס איז שוין אַ צווייטער ראָמאַן מיט אַ צווייטען העלד, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אונז.

זי האָט אָפּגעזיפצט, ווי זי וואָלט אַרונטערגעוואָרפען די לעצטע משא פון איר נשמה. זיי האָבען ביידע געשוויגען.

— אַך, וואָס פאַר גרויס גליק איז... געזונט צו ווערען, — האָט זי פאַמעליך אַרויסגערעדט, ווי פאַנאַנדערבליענדיג זיך, און זי האָט געווענדעט אויף אים אַ בליק מיט אַזאַ טיפער דאַנקבאַרקייט, מיט אַזאַ הייסער, אומגעוועהנליכער פריינד־שאַפט, אַז ער האָט אין דעם בליק דערזען יענעם פונק, וואָס

## א. א. גאַנטשאַראָוו

בענע ראָלע פון א רעטערין און אביסעל געוועהנהייט... האָט איר שוין גענוג אורזאכען פאר טרערען!

— און אונזערע באגעגענישען, אונזערע שפאצירונגען, אויך טעות'ן! איר געדענקט דאָך, אז איך בין געוועזן ביי אים... — האָט זי אומרואיג צוגעלייגט, און אליין, דאכט זיך, האָט זי געוואָלט דערשטיקען אירע ווערטער.

און זי האָט זיך געוואָלט באשולדיגען בלויז דערפאר, וואָס זי האָט געוואָלט, אז ער זאָל וואָס שטארקער זי פארטיידיגען, אז זי זאָל אויסקומען וואָס מער גערעכט אין זיינע אויגען.

— פון אייער ערצעהלונג זעט מען ארויס, אז איר האָט אין אייערע לעצטע באגעגענישען שוין ניט געהאט וועגען וואָס צו רעדען. אייער אזוי גערופענע „ליבע" איז געווען איינ־האַלטלאָז; ווייטער האָט זי שוין ניט געקאָנט געהן, נאָך פאר אייער צושיידונג זייט איר זיך שוין געהאט צוגאנגען און איר זייט געווען געטריי ניט דער ליבע, נאָר איר שאָטען, וואָס איר האָט אליין אויסגעטראכט, — דאָס איז דער גאנצער סוד אייערער.

— און דער קוש? — האָט זיך א מורמעל געטאָן אזוי שטיל, אז ער האָט ניט דערהערט, נאָר אָנגעשטויסען זיך.

— דאָס, זעט איר, איז שוין זער אן ערענסטע זאך, — האָט ער מיט א געמאכטער שטרענגקייט ארויסגערעדט, — דערפאר האָט מען אייך געדארפט באשטראָפען מיט אָפּנעמען איין גערייכט ביים מיטאָג.

ער האָט א קוק געטאָן אויף איר מיט גרויס צערטליכקייט, מיט גרויס ליבע.

— א וויץ קאָן ניט רעכטפערטיגען אזא „טעות"! — האָט זי שטרענג ארויסגערעדט, באליידיגענדיג זיך פאר זיין גלייכגילטיגען און נאכלעסיגען טאָן. — מיר וואָלט פיל לייכ־טער געווען, ווען איר וואָלט מיך באשטראָפט מיט א הארב וואָרט, אָנגערופען מיין האנדלונג מיט'ן ריכטיגען נאָמען.

דער וועגען וועמען איר האט געחלומ׳ט, אויף וועמען איר האט געווארט. ווארט־צו — ער וועט קומען, און דאמאלט וועט איר איפוואכען און זיך דערגערען און שעמען פאר אייער טעות..."

— קוקט זיך איין, ווי דאס איז אלץ ריכטיג! — האט ער געזאגט. — אי איר האט זיך געשעמט, אי אייך האט גע־ערגערט פאר אייער... טעות. איך האב ניט וואס צוצולייגען צו דעם. ער איז געווען גערעכט, און אייער גאנצע שולד באַ־שטעהט אין דעם, וואס איר האט אים ניט געגלויבט. איר האט זיך גענדאַרפט דאמאלט צוגעהן; אבער אים איז ביינגע־קומען אייער שענהייט... און אייך האט גערירט... זיין טיפע צערטליכקייט! — האט ער מיט א לייכטען חוזק ארויסגע־רעדט.

— איך האב אים ניט געגלויבט, ווייל איך האב געמיינט, א הארץ האט קיין טעות ניט.

— ניין, עס מאכט אפט יא א טעות, און נאך וואס פאר א טעות׳ן! אבער ביי אייך איז עס דאך נאך ניט צוגעקומען צו הארץ, — האט ער צוגעלייגט, — זעלבסט־ליבע און איינ־בילדונג פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — שוואכ־קייט... און איר האט זיך געשראָקען, אז קיין צווייטער יום טוב וועט שוין ניט זיין אין לעבען, אז אָט דער אָרעמער שטראל וועט באלויכטען אייער לעבען און דערנאך וועט שוין הערשען אן אייביגע נאכט...

— און די טרערען? — האט זי געזאגט. — זיינען זיי אויך ניט געקומען פון הארצען, ווען איך האב געוויינט? איך האב ניט געליינט, איך בין געווען אויפריכטיג...

— נאט מיינער! — האט ער געזאגט. — וועגען וואס וויינען ניט קיין פרויען? איר האט דאך אליין געזאגט, אז אייך איז געווען א שאד דאס צוויגעל בעז, די באנק. ליינט נאך דערצו צו די אפגענארטע זעלבסטליבע, די ניט איינגעגע־

אַלס באַשולדיגטע, האָט געוואָלט וויסען דעם אורטייל. אָבער ער האָט גענומען דעם הוט.

— וואוהין? — האָט זי געפרעגט.

— רוט זיך אויס, איר זייט אויפגערעגט! — האָט ער געזאָגט. — מאָרגען וועלען מיר איבעררעדען.

— איר ווילט, אַז איך זאָל די גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען? — האָט זי אים איבערגעשלאָגען, אָננעמענדיג אים פאַר דער האַנט און אַוועקזעצענדיג אים צוריק. — איר ווילט אַוועקגעהן, ניט זאָגענדיג, וואָס דאָס איז אַזוינס געווען... וואָס ער איז מיט מיר אַצינד, און וואָס וועט זיין שפּעטער. האָט רחמנות, אַנדרעי איוואַניטש: ווער דען וועט עס מיר זאָגען? ווער וועט מיך באַשטראָפען, אויב איך בין עס ווערט, אָדער... ווער וועט מיך פריישפּרעכען? — האָט זי צוגעלייגט און אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַזאַ צערטליכע פריינדשאַפט, אַז ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם הוט און שיער ניט געפאַלען צו אירע פיס.

— מלאך — ערלויבט מיר צו זאָגען — מיינער! — האָט ער גערעדט. — מאַטערט זיך ניט אומזיסט: עס איז אייך ניטאָ פאַר וואָס צו באַשטראָפען און עס איז ניטאָ וואָס אייך מוחל זיין. איך האָב אַפילו ניט וואָס צוצוגעבען צו אייער ערצעהלונג. וואָס פאַר אַ צווייפלען קאָנען זיין ביי אייך? איר ווילט וויסען וואָס דאָס איז אַזוינס געווען, אָנרופען עס ביים נאָמען? איר ווייסט עס שוין פון לאַנג... וואו איז אָבלאָמאָוו'ס בריף?

ער האָט גענומען דעם בריף.

— הערט זיך איין! — און ער האָט געלעזען — אייער „איך האָב ליב" באַציט זיך ניט אויף אייער איצטיגער ליבע, נאָר אויף דער קומענדער. דאָס איז בלויז אַן אומבאַוואוסטזיניטווענדיגקייט צו ליבען, וואָס, אַ דאַנק מאַנגעל אין אמת'ער שפּייז, דריקט זי זיך טיילמאָל ביי פרויען אויס אין די צערטליכקייטען צו אַ קינד, צו אַן אַנדער פרוי, אָדער פּשוט אין טרערען, אָדער היסטערישע צופאַלען! איר האָט אַ טעות (האָט שטאָלץ באַטאָנט דאָס וואָרט) פאַר אייך שטעהט ניט

# אבלאמאוו

ווען גליקליך, ווי אַ קינד, וואָס מען האָט מוחל געווען, באַרואינגט און אַ צערטעל געטאָן.

— דאָס איז אַלץ? — האָט ער שטיל אַ פרעג געטאָן?

— אַלץ! — האָט זי געזאָגט.

— און וואו איז זיין בריף?

זי האָט דעם בריף אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל און אים דערלאַנגט. ער איז צוגעגאַנגען צום ליכט, אים איבערגעלעזען און אַוועקגעלייגט אויפ'ן טיש. און זיינע אויגען זיינען געווען געווענדט אויף איר מיט יענעם אויסדרוק, וואָס זי האָט שוין לאַנג ניט געזען אין אים.

פאַר איר איז געשטאַנען איר פריערדיגער אָן אַ שיעור גוטער, אין זיך גלויבענדער, אַביסעל אָפּשפּעטענדער אַלטער פריינד. אויף זיין פּנים איז ניטאָ קיין שום שאָטען פון ליידען, פון צווייפעל. ער האָט זי גענומען פאַר ביידע הענט, אַ קוש געגעבן פריער איינע און דערנאָך די צווייטע, און דערנאָך זיך טיף פאַרטראַכט. זי איז אויך שטיל געווען און ניט קיין בלינצעל טוענדיג אַפילו האָט זי אַכטונג געגעבן אויף יעדען ריר פון זיין געזיכט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט.

— גאָט מיינער! ווען איך זאָל וויסען, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען אָבלאָמאָוו'ן, וואָלט איך דען זיך אַזוי געפּייניגט! — האָט ער געזאָגט קוקענדיג אויף איר אַזוי צערטליך, מיט אַזוי פיל צוטרויען, ווי זי וואָלט גאָר ניט געהאַט אַזאַ שרעקליכע פאַרגאַנגענהייט.

און עס איז איר געוואָרען פרעהליך אויפ'ן האַרצען, עס איז איר געוואָרען יום־טוב'דיג. איר איז געווען לייכט. איר איז געוואָרען קלאָר, אַז זי האָט זיך געשעמט בלויז פאַר אים אַליין, אָבער ער פאַראורטיילט זי ניט, אַנטלויפט ניט! וואָס אַרט איר איצט וואָס די גאַנצע וועלט וועט זאָגען!

ער האָט זיך שוין געהאַט באַהערשט, געווען פרעהליך; אָבער דאָס איז געווען ווייניג פאַר איר. זי האָט געזען, אַז די שולד איז אַרונטערגענומען געוואָרען פון איר אָבער זי.

אַ פּולען טאָן. זי האָט געענדיגט רואיג, ווי זי וואָלט דער־צעהלט אַ פרעמדע געשיכטע.

און עס האָט זיך פאַנאַנדערגענומען די פאַרהאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייט אין וועלכער זי אליין האָט ביז דער מינוט מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן. אויף פילעס האָבען זיך ביי איר געעפענט די אויגען, און זי וואָלט פריי און אָפען אַ קוק געטאָן אויף שטאָלצ'ען, ווען עס וואָלט ניט געוועזען אַזוי דונקעל.

זי האָט געענדיגט און געוואַרט אויף איר אורטייל.

און ער? מען הערט ניט קיין וואָרט, קיין ריר, אפילו קיין אָטעם ניט, אַזוי ווי זי אליין וואָלט בלויז געוועזען אין צימער.

די דאָזיגע שטילקייט האָט זי ווידער אריינגעוואָרפען אין אַ צווייפעל. דאָס שווייגען האָט אָנגעהאַלטען. וואָס זאָל באַ־דייטען דאָס דאָזיגע שווייגען? וואָס פאַר אַן אורטייל גרייט פאַר איר צו דער דורכדרינגליכער און גנעדיגסטער ריכטער אויף דער וועלט? אַלע איבעריגע וועלען זי אומרחמנות'דיג פאַר־אורטיילען, בלויז ער אליין וואָלט געקאָנט זיין איר פאַרטיי־דיגער... זי אליין וואָלט אים אויסגעקליבען... ער וואָלט אַלץ פאַרשטאַנען, באַגריפען און נאָך בעסער פון איר אליין וואָלט ער אַנטשידען צו גונסטען איר! אָבער ער שווייגט: איז זיין אורטייל געגען איר?

ווידער האָט אַ שרעק זי ארומגענומען.

עס האָט זיך געעפענט די טיר, און צוויי ליכט, וואָס די דינסט האָט אריינגעטראָגען, האָבען מיט זייער שיין באַלויכ־טען זייער ווינקעל.

זי האָט אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ דערשראָקענעם, אָבער אַ הונגעריגען, פרגענדיגען בליק. ער האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט און געקוקט אויף איר מיט מילדע, אָפענע אויגען און געלאָבט זיך מיט איר צוטראָגענהייט.

איר איז אַ ביסעל וואַרעמער געוואָרען. זי האָט באַרואי־גענד אַ זיפץ געטאָן און שיער ניט צואַוויינט זיך. זי איז גע־

מיך בעסער אויס מיט אייער הארץ: אפשר וועט אייער תאוה איינזען, אַז איך האָב קיין מאַמע נים, אַז איך בין געווען ווי אין אַ וואַלד... — האָט זי שטיל, מיט אַ דערשלאָגענער שטימע צוגעלייגט. — ניין, — האָט זי אויף שנעל באַלד אַרויסגע־רעדט, — האָט מיט מיר קיין איינזען נים. אויב דאָס איז טאַקע געווען ליבע, זאָלט איר... אַוועקפאָרען. — זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע. — און קומט צוריק שפּעטער, ווען אין אייך וועט ווידער רעדען נאָר די פריינדשאַפט אַליין. אויב אָבער דאָס איז געווען בלויז קאָקעטעריי, — זאָלט איר זיך באַציען צו מיר אָן רחמנות, אַנטלויפט פון מיר וואָס ווייטער, פאַרגעסט מיך. איצט הערט.

און אַלס אַן ענטפער האָט ער איר שטאַרק אַ דריק געטאָן ביידע הענט.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אָלגאַ'ס ווידוי, אַ לאַנגע, אַן אויספירליכע. זי האָט גענומען געגוי, וואָרט ביי וואָרט אי־בערטראָגען פון איר קאָפּ אין אַ פרעמדען אַליז, וואָס עס האָט זי אַזוי געמאַטערט, וואָס עס האָט זי געמאַכט רויט ווערען, אַליז מיט וואָס זי האָט זיך ביז איצט איבערגענומען, געווען גליק־ליך, און דערנאָך מיטאַמאָל אַריינגעפאַלען אין אַ ים פון טרויער און צווייפעל.

זי האָט דערציילט וועגען זייערע שפּאַצירונגען, וועגען פּאַרק, וועגען אירע האָפנונגען, וועגען דעם ווי אָבלאָמאָוו פלעגט אויפלויכטען און באַלד צוריק פאַרזונקען ווערען אין זיין אַפּאַטיע, וועגען דעם צווייגעל בעז און אפילו וועגען דעם קוש. זי האָט בלויז פאַרשוויגען דעם שטיקענדיגען אָוונט אין פּאַרק, מסתמא דערפאַר, וואָס זי האָט נאָך אַליז ניט גע־האַט באַשלאָסען, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער איז עס געווען יענער פאַל.

אין אָנפאַנג האָט זיך בלויז געהערט איר דערשטיקט פליס־טערען, אָבער וואָס ווייטער זי האָט גערעדט, איז איר שטימע געוואָרען אַליז קלאָרער און פרייער. פון פליסטערען איז זי
[illegible]

שטעלט ניט אַרויס אַזוינע שטרענגע פּאָדערונגען, ווי עס שטעלט די פריינדשאַפט; איך ווייס, אַז דִי לַיבע איז אָפט בלינד, אַז מען האָט ניט ליב אַ מענשען לויט זיינע פאַרדִינסטען. אָבער כדי געליבט צו ווערען דאַרף מען באַזיצען אַזוינס, אָפּטמאָל איז עס גאַנץ אומבאַדייטענדעס, וואָס מען קאָן עס ניט באַשטימען, וואָס עס האָט קיין נאָמען ניט, אָבער וואָס עס איז ניט פאַראַן אין מיין אונפאַרגלייכבאַרען, אָבער אומבאַוועגליכען איליא. דאָס איז די אורזאַך פון מיין פאַרוואונדערונג. הערט זיך איין, — האָט ער לעבהאַפט ווייטער גערעדט, — אַזוי אַרום וועלען מיר קיינמאָל ניט דערגעהן צו אַ סוף, וועלען זיך קיינמאָל ניט פאַרשטעהן. שעמט זיך ניט מיט די איינצעלהייטען, האָט אַ האַלבע שעה אויף זיך קיין רחמנות ניט, דערצעהלט מיר אַלץ, וועל איך אייך זאָגען, וואָס עס איז אין דער אמת'ן געוועזן, און גאַנץ מעגליך, וואָס עס וועט זיין... מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז עס איז ניט דאָס... אַך, ווען עס זאָל זיך טאַקע אַזוי אויסלאָזען! — האָט ער מיט באַגייסטערונג אַרויסגערעדט. — ווען עס זאָל זיך אויסלאָזען, אַז טאַקע אָבלאָמאָוו'ן און ניט קיין אַנדערען! אָבלאָמאָוו'ן! דאָס וואָלט געהייסען, אַז איר באַלאַנגט ניט צו דער פאַרגאַנגענהייט, אַז איר זייט פריי... דערצעהלט, וואָס גיכער דערצעהלט! — האָט ער מיט אַ רואיגער, כמעט פרעהליכער שטימע פאַרענדיגט.

— יאָ, אום גאָטעס ווילען! — האָט זי צוטרוילִיך געענטפערט, אַ דערפרעהטע, וואָס מען האָט אַרונטערגענומען פון איר כאָטש אַ טייל פון דער משא. — איך ווער משוגע. אַ, ווען איר זאָלט וויסען ווי באַדויערנסווערט איך בין! איך ווייס ניט, צי איך בין שולדיג אָדער ניט, צי איך דאַרף זיך שעמען מיט מיין פאַרגאַנגענהייט, באַדויערען זי, האָפען אויף מיין צוקונפט, אָדער פאַרצווייפעלט ווערען... איר האָט גערעדט וועגען אייערע ליידען, און איר האָט גאָרנישט ניט פאַרדעכטיגט מיינע. הערט מיך אויס ביז'ן סוף, אָבער הערט מיך ניט מיט אייער שכל: איך האָב מורא פאַר אייער שכל; הערט

און איר איז געוואָרען נאָך נאָך שווערער. איר האָט זיך געוואָלט זאָגען אַ צווייטען נאָמען, אויסטראַכטען אַן אַנדער געשיכטע. זי האָט זיך אַ רגע געוואַקעלט מיט איר מיינונג, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין אויסוועג, און זי האָט ארויס־גערעדט:

— אַבלאַמאָוו׳ן!

ער איז פארגליווערט געוואָרען. אַ צוויי מינוט האָט דאָס שווייגען זיך געצויגען.

— אַבלאַמאָוו׳ן! — האָט ער אַן ערשטוינטער ווידער־האָלט. — דאָס איז ניט אמת! — האָט ער אַ ווײַלע שפּעטער אין דער שטיל צוגעלייגט מיט זיכערקייט.

— עס איז אמת! — האָט זי רואיג געזאָגט.

— אַבלאַמאָוו׳ן! — האָט ער נאָכאַמאָל ווידערהאָלט. — עס איז אוממעגליך! — האָט ער אַנטשלאָסען צוגעלייגט. — עס איז איינס פון די ביידע: אָדער איר האָט ניט פארשטאַ־נען ניט זיך און ניט אַבלאַמאָוו׳ן, אָדער איר האָט ניט פאר־שטאַנען וואָס עס איז אַזוינס ליבע.

זי האָט געשוויגען.

— דאָס איז קיין ליבע ניט, דאָס איז עפּעס אַנדערש, — האָט ער איינגעשפּאַרט ארויסגערעדט.

— אמת, איך האָב בלויז מיט אים קאָקעטירט, געפירט אים פאַר דער נאָז, גימאַכט אים אומגליקליך... און איצט, קומט אויס לויט אייער מיינונג, נעם איך זיך פאַר אייך! — האָט ז ארויסגערעדט מיט אַן איינגעהילטענער שטימע, און אין איר שטימע האָבען זיך ווידער דערהערט טרערען.

— טייערע אָלגאַ סערגעיעווונאַ! זייט ניט בייז, רעדט ניט אַזוי: דאָס איז ניט אייער אַרט רעדען. איר ווייסט, אַז איך מיין דאָס ניט. אָבער מיין קאָפּ קאָן ניט פארנעמען, איך פארשטעה ניט, ווי אַזוי אַבלאַמאָוו...

— אויב ער איז ווערט אייער פריינדשאַפט, פאַרוואָס איז ער ניט ווערט מיין ליבע? — האָט זי זיך פארטיידיגט.

— איך ווייס, — האָט ער געענטפערט, — אַז די ליבע

זי האָט געשוויגען, זי האָט ווידער געמאכט א נערוועזע באוועגונג, וואס מען האָט ניט געקאָנט זען אין דער פינסטער, מען האָט נאָר געהערט ווי דאָס זייַדענע קלייד האָט א שאָרך געטאָן.

— איך נעם זיך אָן מיט מוט, — האָט זי ענדליך ארויס־גערעדט, — אָ, ווען איר זאָלט וויסען, ווי עס איז שווער! — האָט זי צוגעלייגט, אוועקדרעהענדיג זיך אָן א זייט, און מי־ענדיג זיך צו באזיגען דעם קאמף, וואס איז פאָרגעקומען אין איר.

איר האָט זיך געוואָלט, אז שטאָלץ זאָל אַלץ געוואָר ווע־רען ניט פון איר מויל, נאָר דורך עפּעס א נס. צום גליק, איז שוין אָוועגד און די דונקעלהייט האָט פארדעקט איר פּנים, און פארראַטען האָט איר בלויז געקאָנט דער קול, אָבער די ווערטער זיינען ניט ארונטער פון דער צונג, אזוי ווי זי וואָלט ניט געוואוסט מיט וואָס פאר א טאָן אָנצוהויבען.

„גאָט מיינער! איך מוז זיין זער זינדיג, אויב איך שעם און פייניג זיך אזוי!" האָט זי געטראכט ביי זיך אין הארצען.

און ווי לאנג צוריק ערשט האָט זי מיט אזא זיכערהייט זיך געוואָרפען מיט איר און מיט א פרעמדען לעבען, און ווי איז זי דאָס געווען קלוג, געוואגט! און איצט איז געקומען איר רייַ צו ציטערען, ווי א קינד! עס האָט זי געפייניגט די חרפּה פאר דער פארגאנגענהייט, איר איצטיגע פאלשע לאגע... עס איז איר געווען אומערטרעגליך!

— איך וועל אייך צוהעלפען... איר האָט... געליבט?...

— האָט שטאָלץ קוים וואָס ארויסגערעדט, עס איז אים שווער געוואָרען פון זיין אייגען וואָרט.

זי האָט עס באשטעטיגט מיט איר שווייגען. עס האָט א וועה געטאָן אויף אים מיט שרעק.

— וועמען? איז עס א סוד? — האָט ער זי געפרעגט, מיענדיג זיך ארויסצורעדען שארף, אָבער האָט אליין געפיהלט, אז עס ציטערען אים די ליפּען.

צעהלען אים אלץ, וואס מיט איר האט פאסירט: ווי האט זי נעגארט און ווי האט זי זיך געשראקען פאר זיין אורטייל!

— איך אליין וויים ניט וואס מיט מיר קומט פאר, איך בין מער אין כאאס, אין פינסטערניש, ווי איר! — האט זי געזאגט.

— זאגט מיר, גלויבט איר מיר? — האט ער געפרעגט, אננעמענדיג זי פאר דער האנט.

— און א שיער, ווי דער מוטער מיינער, איר ווייסט דאך דאס אליין, — האט זי געענטפערט שטיל.

— טא דערצעהלט מיר, וואס עס האט מיט אייך פאסירט פאר דער צייט, וואס מיר האבען זיך ניט געזען. איך קאן אייך איצט ניט פארשטעהן, אין דער צייט וואס פריער האב איך אויף אייער פנים געקאנט לעזען אייערע געדאנקען. איך מיין, אז דאס איז דער איינציגער מיטעל פאר אונז צו פאר־שטעהן איינער דעם צווייטען. זייט איר איינפארשטאנען מיט מיר.

— יא, יא, דאס איז אומבאדינגט נויטיג... מען מוז עס אויף אזא אדער אנדער אופן ענדיגען... — האט זי ארויס־גערעדט מיט טרויער צוליב דער אומפארמיידליכער וידוי. „נעמעזים! נעמעזים!" האט זי געטראכט, בויגענדיג דעם קאפ צו דער ברוסט.

זי האט ארונטערגעלאזען דעם קאפ און געשוויגען. און אין זיין נשמה האט א וועה געטאן מיט שרעק פון אירע פאר איינפאכע ווערטער און נאך מער פון איר שווייגען.

„זי פייניגט זיך! גאט! וואס האט מיט איר פא־סירט?" האט ער געטראכט א באנגאסענער מיט קאלטען שוויים, און ער האט געפילט, אז עס ציטערען אים העגט און פים. זיין פאנטאזיע האט זיך געמאלען עפעס שוידערליכעס. זי שווייגט נאך אלץ און מען קאן זען, אז עס קומט פאר אין איר א קאמף.

— אלזא... אלגא סערגעיעוונא... — האט ער זי אונ־טערגעאיילט.

אַז אייך איז ניט לאַנגווייליג מיט מיר, אָבער וואָס פיל איך?

— אויב עס איז אַזוי, פאָרט אייך! — האָט זי קוים הערבאַר אַרויסגערעדט.

— בלייבען! — האָט ער אויפ'ן קול געטראַכט, — דאָס הייסט, גערהן אויפ'ן שאַרף פון מעסער — מען קאָן ניט זאָגען — אַ פיינע פריינדשאַפט!

— און מיר איז דען לייכטער? — האָט זי אומערוואַרטעט אַרויסגערעדט.

— וואָרום עפּעס אייך? — האָט ער לעבהאַפט אַ פרעג געטאָן. — איר... איר ליבט דאָך ניט...

— איך ווייס ניט, ערען וואָרט איך ווייס ניט! נאָר אויב איר... אויב מיין איצטיג אָרט לעבען וועט אָננעמען אַן אַנדער כאַראַקטער, וואָס וועט דאַמאָלט פון מיר ווערען?
— האָט זי טרויעריג, כמעט צו זיך, געזאָגט.

— ווי אַזוי דאַרף איך דאָס פאַרשטעהן? מאַכט מיך, ווי גאָט איז אייך ליב, קלוג! — האָט ער געזאָגט, צורוקענדיג צו איר זיין שטול. ער איז געפלעט געוואָרען פון אירע ווערטער און פון טיפען, ניט געמאַכטען טאָן, אין וועלכען זיי זיינען געזאָגט געוואָרען.

ער האָט זיך געמיט אַרויסצולעזען פון איר פּנים. זי האָט געשוויגען. אין איר האַרצען האָט געברענט אַ פאַרלאַנג אים צו באַרואיגען, צוריקצונעמען דאָס וואָרט „געליטען", אָדער ערקלערען עס אַנדערש ווי ער האָט עס ערקלערט, אָבער ווי ועס ערקלערען, האָט זי אַליין ניט געוואוסט, נאָר זי האָט אומקלאָר געפילט אַז זיי ביידע ליגען אונטער דעם יאָך פון ספקות, אין אַ פאַלשער לאַגע, אַז דערפון איז זיי ביידען שווער און אַז ער בלויז וואָלט געקענט, אָדער זי מיט זיין הילף וואָלט געקאָנט באַלויכטען און ברענגען אין אָרדנונג די פאַרגאַנגענהייט און די געגענוואָרט. אָבער כדי דאָס צו קאָנען אויספירען דאַרף מען איבערשפּאַנען אַ תהום, דער־

דער האנט, האָט זי אין שרעק און מיט געבעט אנגעהויבען צו רעדען. — האָט רחמנות אויף מיר: וואס וועט פון מיר ווערען! ?

ער האָט זיך אוועקגעזעצט, זי אויך.

— אָבער איך האָב אייך ליב, אָלגא סערגעיעוונא! — האָט ער כמעט מיט שטרענגקייט ארויסגערעדט. — איר האָט אליין געזען, וואס עס איז מיט מיר פארגעקומען פאר דעם האלבען יאָר! אייך ווילט זיך א פולשטענדיגען טריאומף? איך זאָל אויסגעהן, משוגע ווערען? א שעהנעם דאנק אייך דערפאר.

איר פּנים האָט זיך איבערגעביטען.

— פאָרט אייך! — האָט זי ארויסגערעדט מיט דער ווירדע פון פארשטיקטער באליידיגונג און מיט א טיפען טרויער, וואס זי איז ניט געווען בכוח צו פארדעקען.

— זייט מיר מוחל! — האָט ער זיך אנטשולדיגט. — איך ווייס, אז איר ווילט עס ניט, אָבער אין דער זעלבער צייט קאָנט איר ניט אריינגעהן אין מיין לאגע, און דערפאר קומט אייך מאָדנע אויס מיין פארלאַנג צו לויפען. ניט ווייסענדיג ווערט אָפט דער מענש אן עגאאיסט.

זי האָט איבערגעביטען איר פּאָזע, אזוי ווי עס וואָלט איר ניט געווען באקוועם צו זיצען, אבער זי האָט גארנישט ניט געזאָגט.

— זאָל מען זאָגען, אז איך וועל בלייבען: וואס וועט דערפון ארויסקומען? — האָט ער ווייטער גערעדט. — איך פארשטעה, אז איר וועט מיר פאָרלייגען אייער פריינדשאפט, אָבער זי איז דאָך סיי ווי סיי מיינע. איך מעג אפילו אוועק־פאָרען און אין א יאָר ארום, אין צוויי יאָר ארום וועט אייער פריינדשאפט אליין זיין מיינע. פריינדשאפט איז זער א גוטע זאך, אָלגא סערגעיעוונא, ווען זי איז די ליבע צווישען א יונ־גען מאן און פרוי, אדער די עררינערונג פון דער ליבע צווישען אלטע לייט. אָבער גאָט זאָל אָפּהיטען, אויב זי איז פון איין זייט פריינדשאפט און פון דער צווייטער — ליבע. איך ווייס,

בלויז געווינען צייט, כדי דער שונא זאָל דערוויייל אַנטלױפֿן זיינע אבזיכטען.

— איר ווייסט ניט? — האָט ער אָפּענהערציג אַרויס־גערעדט. — וועל איך עס אייך זאָגען...

— ניין, זאָגט ניט! — האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסען פון איר.

זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געקוקט אויף אים ווי זי וואָלט אים געבעטען, אַז ער זאָל אויף איר רחמנות האָבען.

— אָט זעט איר שוין, אַז איך האָב געטראָפען, אַז איר ווייסט! — האָט ער אַרויסגערעדט.

זי האָט געשוויגען.

— אויב איר האָט פאַראויסגעזען, אַז איך וועל זיך אַמאָל אַרויסרעדען פאַר אייך, ווייסט איר דאָך זיכער וואָס מיר צו ענטפערען? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב עס פאַראויסגעזעהן און געליטען דער־פון! — האָט זי געזאָגט, אויסבויגענדיג זיך אויף איר שטול אָן א זייט פון דעם ליכט, און זי האָט אין די געדאַנקען גע־רופען די דעמערונג צו הילף, כדי ער זאָל ניט זען דעם קאַמף וואָס קומט פאַר אויף איר פּנים.

— געליטען! דאָס איז א זאָנדערבאַר וואָרט, — האָט ער כמעט פליסטערענדיג אַרויסגעזאָגט, — דאָס איז דאַנ־טע'ס: „זאָג זיך אָפּ אויף אייביג פון דיינע האָפנונגען." מיר בלייבט שוין גאָר ניט וואָס צו זאָגען: דאָס וואָרט זאָגט שוין אַלץ. אָבער איך דאַנק אייך דערפאַר, — האָט ער צו־געלייגט מיט א טיפען זיפץ, — איך בין אַרויס פון דער פינס־טערניש, איך ווייס ווייניגסטענס וואָס מיר בלייבט צו טאָן. עס איז בלויז איין רעטונג דאָ פאַר מיר — וואָס גיכער אַנט־לויפען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

— ניין, ווי גאָט איז אייך ליב, ניין! — האָט זי זיך א וואָרף געטאָן צו אים, און אַנכאַפּענדיג אים ווידער פאַר

שפילט זיך מיט פופען!" האט זי דערהערט א שטימע. „וויצעל זיך ניט מיט'ן לעבען, ווארים דו וועסט באצאלען דערפאר!"

זיי האבען געשוויגען אייניגע מינוט. עס איז געווען קלאר, אז ער קלייבט צוזאמען זיינע געדאנקען. מיט שרעק האט זיך אלגא איינגעקוקט אין זיין אפגעפאלען געזיכט, אין זיינע צוזאמענגעצויגענע ברעמען, אין זיינע צוזאמענגעדריקטע ליפען מיט'ן אויסדרוק פון אנטשלאסענהייט.

„נעמעזיס!..." האט זי א טראכט געטאן און אינערליך איינגעציטערט. זיי האבען זיך ביידע אזוי ווי געגרייט צום דועל.

— איר שטויסט זיך דאך זיכער אן, אלגא סערגעיעוונא, וועגען וואס איך וויל רעדען? — האט ער געזאגט און פרעגענדיג געקוקט אויף איר.

ער איז געזעסען ביי דער וואנט צווישען ביידע פענסטער, אין דער צייט, וואס דאס ליכט פון פענסטער איז געפאלען אויף איר, און ער האט געקאנט זען, וואס עס קומט מיט איר פאר.

— פון וואנען זאל איך וויסען? — האט זי שטיל געענטפערט.

האבענדיג פאר זיך אזא געפערליכען געגנער, האט זי שוין ניט געהאט אין זיך יענעם ווילענסקראפט און כאראקטער, אויך ניט יענע דורכדרינגליכקייט און דאס קאנען זיך באהערשען, וואס זי האט ארויסגעוויזען צו אבלאמאוו'ן.

זי האט פארשטאנען, אז אויב זי האט געקאנט ביז איצט זיך באהאלטען פון שטאלצ'ס שארפען בליק און פירען ערפאלגרייך די מלחמה, האט זי עס ניט געהאט צו פארדאנקען איר אייגענעם כוח, ווי עס איז געווען דער פאל מיט אבלאמאוו'ן, נאר שטאלצ'ס איינגעשפארט שווייגען און זיין געהיימניספולען אויפפירען זיך. אבער אויפ'ן אפענעם פעלד איז דאס איבערגעוויכט אויף זיין זייט, און דערפאר האט זי מיט דער פראגע: „פון וואנען זאל איך וויסען?" געוואלט

מאָוו האָט געוואָלט אַנטלויפען, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז איר לעבענס־בוך וועט זיך פאַרמאַכען אויף אייביג, אויב אָבלאָמאָוו זאָל אַנטלויפען. זי האָט אַזוי לייכט און פריי גע־לעזט די פראַגע פון ליבע, לעבען, און עס איז איר אַלץ געווען אַזוי קלאָר — און מיטאַמאָל איז אַלץ אַזוי פאַרפּלאָנטערט געוואָרען, אַז מען קאָן עס ניט פאַנאַנדערקניפּען.

זי האָט זיך גע'חכמה'ט, געמיינט, אַז מען דאַרף נאָר א פרייען קוק געבען, געהן גלייך — און דאָס לעבען וועט, ווי א טישטוך, זיך אויסשפּרייטען אונטער אירע פיס, און מיט־אַמאָל גאָר...! זי האָט ניט אויף וועמען צו וואַרפען די שולד, זי אַליין איז שולדיג!

ניט פאַרדעכטענדיג צוליב וואָס שטאָלץ איז געקומען, איז אָלגא זאָרגלאָז אויפגעשטאַנען פון דער סאָפע, אוועקגעלייגט דאָס בוך און אים אַנטקעגען געגאַנגען.

— שטער איך אייך ניט? — האָט ער געפרעגט צוזע־צענדיג זיך צום פענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום זעע, — איר האָט געלעזען?

— ניין, איך האָב שוין אויפגעהערט צו לעזען: עס ווערט שוין טונקעל. איך האָב געוואַרט אויף אייך! — האָט זי אַרויסגערעדט ווייך, פריינדליך, צוטרויליך.

— איז טאַקע גוט: איך דאַרף מיט אייך עפּעס איבער־רעדען, — האָט ער ערנסט באַמערקט, אונטעררוקענדיג איר א שטול לעבען פענסטער.

זי האָט זיך א צאַפּעל געטאָן און עס האָט איר אָפּגענו־מען דער לשון. דערנאָך האָט זי זיך מעכאַניש אַרונטערגע־לאָזען אין שטול אריין און, אַרונטערגעלאָזען דעם קאָפּ, ניט אויפהויבענדיג די אויגען, איז זי געזעסען אין א פּיינליכער שטימונג. איר האָט זיך געוואָלט אין דעם מאָמענט זיין כאָטש א הונדערט מייל ווייט פון דאַנען.

און ווי א בליץ, האָט פּונקט אין דער רגע דורכגעטראַגען זיך אין איר זכרון איר פאַרגאַנגענהייט. „עס קומט די שעה פון משפּט! מען טאָר זיך אין לעבען ניט שפּילען, ווי מען

אַבלאָמאָוו'ן פון דעם אָפּגרונד און פאַר דעם צוועק האָט זי באַנוצט, אַזוי צו זאָגן, אַ חבר'שע קאָקעטעריי... כדי אויפ־צומונטערען אַ גוטס'ן מענשען און דערנאָך אַוועקציִען פון אים. אָבער דאָס וואָלט שוין געקלונגען צופיל פאַרפלאַנטערט, איבערליש און יעדענפאַלס וואָלט עס ווייט געווען פון אמת... ניין, עס איז ניטאָ קיין רעטונג פאַר מיר!

„גאָט מיינער! אין וואָס פאַר אַ קעסעל־גרוב בין איך דאָס אריינגעפאַלען! — האָט זיך אָלגאַ אַליין געפּייניגט. — דערצעהלען!... אַך, ניין, זאָל ער אַ לאַנגע צייט, זאָל ער קיינ־מאָל ניט געוואָר ווערען דערפון! און אויב ווידער ניט דער־צעהלען, איז דאָס זעלבע, וואָס גנב'ענען! דאָס מאַכט דאָך דעם איינדרוק פון אַ שווינדעל, פון אונטערשמייכלען זיך. גאָט, העלף מיר!..." אָבער קיין הילף איז ניט געקומען.

ווי זי האָט ניט קיין הנאה געהאַט פון שטאָלצ'עס אנוועזענהייט, אָבער צייטענווייז האָט זי בעסער געוואָלט זיך ניט באַגעגענען מיט אים אין גאַנצען, דורכגעהן דורך זיין לעבען ווי אַ קוים באַמערקטער שאָטען, ניט פאַרפינסטערען זיין ליכ־טיג און פאַרשטענדיג לעבען דורך אַן אומגעזעצליכער ליידענ־שאַפט.

זי וואָלט אַביסעל געטרויערט אויף איר ניט איינגעגע־בענער ליבע, באַוויינט אַביסעל דאָס פאַרגאַנגענע, באַגראַבען אין הארצען די ערדינערונג וועגען אים, דערנאָך... וואָלט זיך אפשר געמאַכט „אַן אנשטענדיגע פאַרטיי" און זי וואָלט גע־ווארען אַ גוטע, קלוגע און איבערגעגעבענע פרוי און מוטער, איר פאַרגאַנגענהייט וואָלט זי אָנגענומען פאַר אַ מיידעלשע פאַנטאַזיע, און זי וואָלט ניט דורכגעלעבט, נאָר זיך דורכגע־מוטשעט דאָס לעבען. טועֶן דאָך אַלע אַזוי!

אָבער דאָ האַנדעלט זיך ניט בלויז וועגען איר אַליין, דאָ איז פאַרמישט נאָך איינער, און אָט דער איינער בויט אויף איר זיינע בעסטע האָפנונגען.

„ווארום האָב איך... געליבט?" האָט זי זיך געפּייניגט און דערמאָנט זיך דעם פרימאָרגען אין פּאַרק, ווען אַבלאָ־

ערער. די פּריינרשאַפט איז דערטרונקען געוואָרען אין דער ליבע.

און אין דעם פרימאָרגען, ווען זי האָט עס אָנטדעקט איז זי בלייך געוואָרען; זי איז א גאַנצען טאָג ניט ארויס פון ציי־מער, געוועזן אויפגערעגט, געקעמפט מיט זיך אליין, געטראַכט, וואָס זי דאַרף איצט טאָן, וואס פאַר א פליכט עס ליגט אויף איר — און זי האָט גאָר ניט אויסגעטראַכט. זי האָט זיך בלויז פאַרגעווארפען, פאר וואס זי האָט גלייך אין אָנפאַנג ניט באַזיגט איר שעמעוודיגקייט און ניט דערצעהלט וואס עס האָט מיט איר פּאַסירט, און איצט דאַרף זי נאָך בייקומען די שרעק אויך.

עס זיינען געוועזן מאָמענטען פון אָנטשלאָסענהייט, ווען אין איר ברוסט האָבען זיך אָנגעקליבען טרערען, ווען איר האָט זיך געוואָלט ווארפען זיך צו אים, און ניט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט יאָמער געשרייען, אין אוממאַכט, אין קרעמ־פען דערצעהלען אים וועגען איר ליבע, אז ער זאָל אויך קאָנען זען, אז זי האָט זיך באַפרייט פון איר.

זי האָט געהערט ווי אנדערע האנדלען אין אזוינע פאַלען. סאָניטשקא, צום ביישפּיל, האָט געזאָגט איר חתן, אז דאָס האָט זי בלויז געמאַכט חוזק פון דעם קאָרנעט, אז ער איז בכלל נאָך א אינגעל, אז זי האָט צופלייסענס אים געלאָזען ווארטען אין דער קעלט, ביז זי איז ארויס און געזעצט זיך אין דער קארעט, א. א. וו.

סאָניטשקא וואָלט זיך אפּילו אויף א רגע ניט פאַר־טראַכט זיך און געזאָגט וועגען אָבלאָמאָוו׳ן, אז זי האָט בלויז געשפּאַסט מיט אים פאַר צייטפאַרטרייב, אז ער איז זער לע־כערליך, און אז קיין שום מענש וועט גאָר ניט גלויבען, אז מען קאָן אזוינס ליבען. אָבער אזא אויפפירונג האָט אפשר געקאָנט באַרעכטפערטיגען סאָניטשקא׳ס מאַן, אָדער אנדערע מענשען, אָבער קיינמאָל ניט שטאָלץ.

אָלגאַ האָט אפילו געקאָנט די זאַך פאַרשטעלען אין א בעסער ליכט, זאָגען, אז זי האָט בלויז געוואָלט ארויסשלעפּען

נענען איר ווילען, אנגעהויבען צו לויכטען דאס געשטאלט פון איר צווייטער ליבע; אלץ באצויבערענדער און באצויבער־ענדער איז געוואקסען דער חלום פון א הערליך גליק, ניט מיט אבלאמאוו'ן אין זיין פוילער אטמאספער, נאר אויף דער ברייטער ארענע פון דעם אלזייטינגען לעבען מיט זיין גאנצער טיפקייט, מיט אלע זיינע שעהנהייטען און ליידען — פון א גליק מיט שטאלצ'ען.

און דאמאלט האט זי דאס באגאסען מיט טרערען איר פארגאנגענהייט און זי האט עס ניט געקאנט אפוואשען פון זיך. זי האט זיך אויסגעניכטערט פון די אלע חלומות, און נאך זארגפעלטיגער גענומען זיך באשיצען הינטער דער וואנט פון ניט דורכדרינגלכקייט, שווייגען און יעדער פריינדליכער גלייכגילטיגקייט, וואס האט שטאלצ'ען אזוי געפייניגט. דערנאך האט זי זיך ווייטער פארגעסען און באגייסטערט זיך מיט דער אנוועזענהייט פון איר פריינד, זי איז געוועזן באצויבערענד, ליבליך, פארטרויליך, און זי איז עס געוועזן אזוי לאנג, ביז דער חלום וועגען גליק, אויף וועלכען זי האט פארלארען יעדער רעכט, האט איר דערמאנט, אז איר צוקונפט איז פאר איר פארלארען, אז די אלע ראזע חלומות זיינען שוין הינטער איר, אז איר לעבען האט שוין אנגעווארען זיין בליאונג.

מיט די יארען וואלט זי זיכער שלום געמאכט מיט איר לאגע און אפגעזאגט זיך פון די אלע חלומות וועגען דער צוקונפט, ווי עס איז דער פאל מיט אלע אלטע מוידען, און וואלט פארזונקען געווארען אין א קאלטער אפאטיע, אדער וואלט זיך גענומען פארנעמען מיט וואלטעטיגער ארבייט; אבער מיטאמאל האט איר ניט געזעצליכער חלום אנגענומען א גאנץ ערנסטע און דראענדע ווענדונג, ווען זי האט פון א פאר ווערטער, וואס האבען זיך צופעליג ארויסגעריסען פון שטאלצ'ען קלאר דערזען, אז זי האט פארלארען אין אים א פריינד און ערווארבען זיך א ליידענשאפטליכען פאר־

כדי אזוי ארום צו מאכען א סוף צו דעם קאמף וואס קומט פאר אין איר און אין אים; אָבער איר פלעגט פארפעלען אָטעם, ווי נאָר דאָס איז איר געקומען אויף די געדאנקען.

ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס זי האָט אויפגע־הערט דרך ארײַן צו האָבען פאר איר פארגאנגענהייט, זי האָט זיך אפילו אָנגעהויבען צו שעמען מיט איר זייט זי איז גע־ווארען אומיצושיידבאר מיט שטאָלצ'ען, ווי נאָר ער האָט באַ־הערשט איר לעבען. ווען עס זאָל עס געוואָר ווערען דער באראָן אָדער עמיץ אנדערש, וואָלט זי זיך, אמת, געפילט אבי־סעל אומבאַקוועם, ניט פריי, אָבער זי וואָלט זיך ניט געפיי־ניגט אזוי, ווי זי פייניגט זיך איצט ביים געדאנק, אז שטאָלץ קאָן דערפון געוואָר ווערען.

און אין שרעק האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, וואס זיין גע־זיכט וועט אויסדריקען, ווי אזוי ער וועט א קוק טאָן אויף איר, וואָס וועט ער זאָגען, וואָס וועט ער טראכטען וועגען איר? זי וועט זיך מיטאמאָל באווייזען פאר אים אזוי קליין, אומבאַ־באַדייטענד, שוואך. ניין, זי וועט עס אים אין קיינפאַל ניט זאָגען!

זי האָט זיך גענומען צוקוקען צו זיך און האָט מיט שרעק אנטדעקט, אז זי שעמט זיך ניט נאָר מיט איר פארגאנ־גענעם ראָמאַן, נאָר אויך מיט'ן העלד פון ראָמאַן... אָבער אין איר הארץ האָט גלייך גענומען קוועלען א חרטה, וואָס זי איז אזוי אומדאנקבאר איר פריערדיגען פריינד, וואָס איז איר געווען אזוי איבערגעגעבען...

עס איז גאנץ מעגליך, אז זי וואָלט זיך צוגעוועהנט צו איר שאנדע, — צו וואס געוועהנט זיך א מענש ניט צו? אָבער דאָס וואָלט געקאָנט פאסירען, ווען איר פריינדשאפט צו שטאָלצ'ען וואָלט געווען פריי פון יעדען אייגענננוציגען פארלאנג און אבזיכט. אָבער ווען זי האָט אפילו דער־שטיקט אין זיך יעדען פאלשען און כיטרען מורמעל פון איר הארץ, האָט זי אָבער ניט געקאָנט באהערשען אירע גע־פילען, אירע פאנטאזיעס: אָפטמאָל האָט פאר אירע אויגען

טרייב... פארשידענארטיגקייט... לעבען... וואס וועט זי אָנ־הויבען צו טאָן איצט, ווען דאָס אַלץ וועט מיטאַמאָל פאר־שווינדען? און ווען עס איז איר אָנגעקומען דער געדאנק פון אַנטלויפען — איז עס שוין געווען צו שפּעט, זי איז עס שוין ניט געוועזן בכוח דורכציפרען.

יעדער טאָג, וואס זי האָט ניט פארבראכט מיט אים, יעדער געדאנק, וואס איז ניט פארטרויט און געטיילט געווא־רען מיט אים — האָט ניט געהאט פאר איר די קלענסטע באַ־דייטונג.

„גאָט מיינער! אָך, ווען איך וואָלט געקאָנט זיין זיין שוועסטער! — האָט זי געטראכט. — אָ, וואָס פאר א גליק עס מוז זיין צו האָבען אַ שטענדיג רעכט אויף אָט דעם מענ־שען, ניט בלויז אויף זיין קאָפּ, נאָר אויף זיין הארץ, געני־סען זיין אנוועזענהייט אָפענערהייט, געזעצליך, ניט דארפען צאָלען דערפאר מיט אזוינע שווערע קרבנות, יסורים. און וואס בין איך איצט? און זאָל ער אוועקפאָרען, האָב איך ניט נאָר ניט קיין רעכט אים אָפּצוהאלטען דערפון, נאָר איך דארף נאָך צו העלפען דערצו. און זאָל איך אים וועלען אָפּ־האלטען לויט וועלכען רעכט וועל איך אים זען יעדען טאָג. הערען אים? דערפאר, וואס מיר איז לאנגווייליג, וואס איך בענק, וואָס ער לערענט און אמוזירט מיך, ווייל ער איז מיר נויטווענדיג און אנגענעם? אמת, דאס איז א גוטע אורזאך, אָבער עס גיט מיר נאָך אַלץ ניט קיין רעכט. און וואָס גיב איך אים דערפאר? דאָס רעכט מיך צו באוואונדערען אָן דעם רעכט אפילו צו האָפען אויף געגענזייטיגע געפילען, אין דער צייט, וואָס א סך פרויען וואָלטען זיך געפילט גליקליך, ווען..."

און זי האָט געקלערט און געמאטערט זיך ווי אזוי ארויס־צודרעהען זיך פון איר לאגע און זי האָט ניט געזען פאר זיך קיין שום אויסוועג. פאראויס פאר זיך האָט זי בלויז געזען די שרעק פאר זיין אנטוישונג און פאר אייביגער צושיידונג. צייטענווייז איז איר איינגעפאלען אים אַלץ צו דערצעהלען,

בליבען צו טאָן אָט וואָס: באמערקענדיג ביי שטאָלצ'ען סימנים פון אויפבליענדער ליבע צו איר, ניט געבען זיי קיין מעגליכקייט פאַנאַנדערבליען זיך און אוועקפאָרען. אָבער זי האָט פארשפּעטיגט: דאָס האָט שוין לאַנג פּאַסירט, דערצו האָט זי נאָך געדארפט פּאָראויסזען, אז דאָס דאָזיגע גער פיל ווערט ביי אים פארוואנדעלט אין א ליידענשאַפט; אויסער דעם איז ער ניט אָבלאָמאָוו: פון אים קאָן מען ניט אנטלויפען.

אמת, פיזיש האָט זי עס געקאָנט דורכפירען, אָבער מאָראליש האָט זי ניט געקאָנט אוועקפאָרען: אין אָנפאנג האָט זי זיך באנוצט בלויז מיט דעם רעכט פון אַלטער פריינדשאַפט און זי האָט געזען אין שטאָלצ'ען, ווי אין די פריערדיגע צייטען, אי א פרעהליכען, שארפזיניגען, וויציגען אונטערהאַלטער, אי א טיפען באָאבאכטער פון לעבען — פון אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיי, ארום זיי, וואס האָט זיי פארנומען.

אָבער וואָס עפטער זיי האָבען זיך געזען, אַלץ נענטער זייַנען זיין אנגעזענהייט אפענערהייט, געזעצליך, ניט דארפען דיגערע: פון א באָאבאכטער איז ער אומבאמערקבאר פארוואנדעלט געווארען אין א פארטייטשער, ערקלערער פון די אַלע ערשיינונגען, איר פירער. ער איז מיטאמאָל געוואָרען איר שכל און איר געוויסען, און עס האָבען זיך באוויזען נייע רעכט, נייע געהיימע בענדער, וואָס האָבען ארומגענומען אַלגאָ'ם גאנץ לעבען אויסער איין ווינקעל, וואס זי האָט זאָרגפעלטיג אפּגעהיט פון זיין בליק און זיין אורטייל.

זי האָט אנגענומען זיין גייסטיגע אפּוטרופסות איבער איר הארץ און פארשטאנד און באמערקט, אז זי, פון איר זייט, האָט אויך באקומען א ווירקונג אויף אים. זיי האָבען זיך געביטען מיט זייערע רעכט; זי האָט אזוי ווי אומבאמערקטערהייט, שווייגענדיג צוגעלאָזען צו אָט דער איבערוועקסלונג.

און ווי אזוי זאָל זי דאָס אַלץ מיטאמאָל צוריקנעמען?... דערצו איז אין דעם דאָ אזויפיל... פארגעניגען... צייטפאר-

**אפשר נאך... פאראכטונג ! ניין, זי האט אפילו קיין רעכט ניט אזוי צו טראכטען !**

זי האט זיך גענומען גראבען אין איר ערפארונג : זי האט דארט קיין שום אנווייזונגען ניט געפונען וועגען א צווייטער ליבע. זי האט זיך דערמאנט אן דעם אויטאריטעט פון מומעס, אלטע מוידען, פארשידענע חכמות, און ענדליך אן דער אויטא־ריטעט פון שרייבער — פון אלע זייטען הערט זיך אן איין־איינציגער אורטייל : „א פרוי קאן נאר איינמאל ליב האבען אויף אן אמת”. און אבלאמאוו האט אויך אזוי אמאל געזאגט. זי האט זיך דערמאנט אן סאניטשקא'ן און זיך פארגעשטעלט, וואס זי וואלט געזאגט וועגען א צווייטער ליבע, אבער פון באַ־קאנטע וואס זיינען געקומען פון רוסלאנד האט זי געהערט, אז איר פריינדין האלט שוין ביי דער דריטער...

ניין, דאס איז ניט קיין ליבע, וואס זי פילט צו שטאל־צע'ן, האט זי באשלאסען, און עס וועט קיינמאל קיין ליבע ניט זיין ! זי האט ליב געהאט אבלאמאוו'ן און די דאזיגע ליבע איז געשטארבען, די לעבענס־בליאונג איז פארוועלקט שוין אויף שטענדיג ! זי פילט בלויז א פריינדשאפט צו שטאלצ'ען, און די דאזיגע פריינדשאפט איז געקומען א דאנק זיינע גלענצענדע אייגענשאפטען, און אויך א דאנק זיין פריינדשאפט צו איר, זיין אויפמערקזאמקייט און צוטרויען צו איר.

אזוי האט זי אפגעשטויסען פון זיך אפילו די מעג־ליכקייט, אז זי זאל זיך אמאל איינליבען אין איר אלטען פריינד.

אט דאס איז די אורזאך, וואס שטאלץ האט ניט גע־קאנט באמערקען ניט אין איר פנים און ניט אין אירע רייד קיין שום באשטימטען צייכען, ניט פון פולשטענדיגער גלייכ־גילטיגקייט און ניט אפילו א פונק פון געפיל, וואס זאל אויף דאס מינדעסטע ארויסגעהן פון די ראמען פון ווארע־מער, הארציגער, אבער דאך, געוועהנליכער פריינדשאפט.

— כדי דאס אלץ צו ענדיגען מיטאמאל איז איר גע־

ראַקטער? פֿטר'ט ער אומזיסט אַט דעם פֿייער, אַט די שאַרפֿ־זיניגקייט? וועט פֿאַרזונקען ווערען אין די שטראַלען פֿון אַט דעם ליכט אָבלאָמאָוו'ס געשטאַלט און יענע ליבע?

זי האָט דאָס אַליץ ניט געוואוסט, אָבער זי האָט עס קלאָר געפֿילט און זי האָט פֿאַרצווייפֿעלט געקעמפּט מיט די אַלע פֿראַגען, מיט זיך אַליין, און זי האָט ניט געוואוסט ווי אַרויס־צודרעהען זיך פֿון אַט דעם כאַאָס.

ווי זאָל זי זיך פֿירען? עס איז אוממעגליך צו בלייבען אין אַן אומבאַשטימטער לאַגע: וואָרים אַמאָל וועט מען דאָך פֿון אַט דעם שטומען שפּיל און קאַמף פֿון פֿאַרשלאָסענע אין דער ברוסט געפֿילען איבערגעהן צו ווערטער — ווי אַזוי וועט זי ערקלערען דאָס פֿאַרגאַנגענע? ווי אַזוי וועט זי אָנרופֿען דאָס פֿריערדיגע געפֿיל און ווי וועט זי אָנרופֿען דאָס, וואָס זי פֿילט אַצינד צו שטאָליץ'ן?

אויב זי האָט ליב שטאָליץ'ן, טאָ וואָס איז געווען איר פֿריערדיגע ליבע? — קאָקעטערי, לייכטזיניגקייט, אָדער עפּעס נאָך ערגערעס? זי איז געוואָרען רויט פֿאַר שאַנד ביי דעם דאָזיגען געדאַנק. ניין, זי וועט זיך אין אַזוינס ניט באַשולדיגען.

נאָר אויב דאָס איז טאַקע געווען די ערשטע, ריינע ליבע, וואָס איז ווידער איר באַציאונג צו שטאָליץ'ן? — בלויז קאָקעטערי, אָפּנאַרעריי, אַן אויסרעכענונג, כדי מיט אים חתונה האָבען און אַזויאַרום פֿאַרדעקען איר לייכטזיניגע אויפֿפֿיהרונג? בלויז פֿון דעם געדאַנק אַליין איז זי געוואָרען בלייך, געוואָרפֿען זיך אין היץ און אין קעלט.

און אויב ניט קיין שפּיל, ניט קיין אָפּנאַרעריי, ניט קיין אויסרעכענונג — הייסט דאָך דאָס... אַ נייע ליבע?

דער געדאַנק האָט זי אינגאַנצען צוטומעלט: אין אַ זיבען־צבט מאָנאַטען נאָך דער ערשטער ליבע שוין אַ צווייטע! ווער וועט דאָס וועלען איר גלויבען? ווי אַזוי וועט זי קאָנען אָנ־דייטען וועגען איר און ניט אַרויסרופֿען קיין ערשטוינונג און

אוים פון פארשידענע אורזאכען און צווישען זיי — פון ליבע.

ער האט זיך אנגעהויבען פילען זער שלעכט.

„ניין, איך וועל מאכען א סוף צו דעם אלעם, — האט ער געזאגט, — איך וועל איר א קוק טאן אין דער נשמה אריי־ווי איך האב עס געטאן אמאל, און מארגען — אדער איך וועל זיין גליקליך, אדער איך פאר פון דאנען אוועק!"

„איך האב מער קיין כוחות ניט! — האט ער געזאגט, קוקענדיג אין שפיגעל אריין. — איין גאט ווייס, איך זע אוים... ניין, איך קאן ניט מער, גענוג!"

און ער האט זיך געלאזט צו זיין ציל, דאס הייסט צו אלגא'ן.

וואס איז מיט אלגא'ן? האט זי ניט באמערקט זיין צו־שטאנד, אדער זי איז געווען גאנץ גלייכגילטיג צו אים?

עס איז אוממעגליך, אז זי זאל עס ניט האבען באמערקט: וויינינגער איידעלע פרויען פון איר קאנען שטענדיג אונטערשיי־דען חבר'שע איבערגעבענהייט פון ליבע. און זי איז אויך געווען העכער פון דער נידעריגער פרויען־שוואכקייט: קאקע־טערי.

בלייבט איבער אנצונעמען, אז איר איז נעפעלען, און וועל־כע עס איז פראקטישע אויסזיכטען, אט די אומאויפהערליכע פארערונג, וואס איז אויסגעפילט געווארען דורך שכל און ליי־דענשאפט, פון אזא מענשען ווי שטאלץ. געווים איז ער איר געפעלען געווארען: די דאזיגע פארערונג האט צוריקגעשטעלט איר באליידיגטע זעלבסטליבע און זי צוריקגעשטעלט אויף דעם פעדעסטאל, פון וועלכען זי איז אראפגעפאלען; ביסלעכ־ווייז האט זי צוריקבאקומען איר שטאלץ.

אבער ווי האט זי געמיינט וועט זיך ענדיגען די דאזיגע פארערונג? עס קאן דאך ניט פארבלייבען אלס א שטענדיגע מלחמה צווישען שטאלץ'עס פארשענדער נייגעריגקייט און איר איינגעשפארטען שווייגען. האט זי כאטש געפילט, אז זיין קאמף איז ניט אומזיסט, אז סוף כל סוף וועט ער זיגען, ווייל ער האט אין דעם קאמף אריינגעלייגט אזויפיל ווילען און כא־

לײדענשאַפט, ווי עס האָט זי אויך ניט געוואָלט אַבלאָמאָוו, אָבער איבער אַנדערע אורזאַכען. אָבער אים האָט זיך פאָרט געוואָלט, אַז דאָס געפיל זאָל שטראָמען ניט אונטערגעבראָכע־נערהייט, הייס אויפזידען אין אָנפאַנג, ביים קוואַל, כדי מען זאָל זיך קאָנען אָנזאַפּען מיט אים, און דאָס גאַנצע לעבען שפּע־טער וויסען, פון וואַנען עס שלאָגט ארויס אָט דער קוואַל פון גליק...

„האָט זי יאָ, אָדער ניט ליב?" האָט ער געגרעדט צו זיך אין פּיינליכער אויפרעגונג, אין בלוטיגען שווייס, כמעט מיט טרערען.

די דאָזיגע פראַגע איז ביי אים אַלץ שאַרפער געוואָרען, האָט אים ארומגעכאַפּט, ווי אַ פייער, געשטערט אים אין זיין ארבייט. עס האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין איין גרויסער פראַגע ניט פון דער ליבע, נאָר פון לעבען. קיין שום אַנדערע זאַך האָט איצט שוין ניט געהאַט מער קיין פּלאַץ אין זיין הארץ.

דאכט זיך, אַז אָט אין דעם האַלבען יאָר, האָבען זיך איבער אים פאַנאַנדערגעשפּילט אַלע ליבעס־יסורים און ליירען, פון וועלכע ער האָט זיך אַזוי קונציג אויסגעהיט אין זיינע אַלע באַ־געגענישען מיט פרויען.

ער האָט אָנגעהויבען צו פילען, אַז זיין שטאַרקער אָרגאַ־ניזם וועט עס ניט אויסהאַלטען, אויב די דאָזיגע אָנגעשטרענג־טע שטימונג וועט נאָך אָנהאַלטען מאָנאַטען. און ער האָט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס ער האָט ביז איצט ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מען ווערט אָן די כוחות אין די דאָזיגע מלחמות פון דער נשמה מיט דער ליידענשאַפט, וואָס זיינען פאַרשטעלט פאַר די אויגען, און ער האָט באַגריפען ווי עס לייגען זיך אויפ'ן האַר־צען אומהיילבאַרע וואונדען, וואונדען, וואָס ברענגען ניט מיט זיך קיין בלוט, אָבער וועלכע ברעננען זיפצען, נעמען צו דאָס לעבען.

ער האָט אָנגעוואָרען די זיכערהייט אין זיינע כוחות; ער האָט שוין מער ניט געשפּאַסט מיט אַ לייכט האַרץ, ווען ער האָט געהערט דערצעהלען, ווי מענשען ווערען משוגע, געהען

דערפון, אָבער מיטאמאָל נעמט זי אַרום מיט איר בליק די גע־גענט און בלייבט שטעהן ווי פארשטיינערט, זי פאַרלירט זיך אין באַטראַכטען דאָס אַרומיגע — און אים זעט זי שוין מער ניט.

ער נעמט זיך באַוועגען, דערמאָנען אָן זיך, זאָגט אַ וואָרט, דערשרעקט זי זיך, טיילמאָל ניט זי נאָך אַ געשריי: דער בעס־טער סימן, אַז זי האָט פאַרגעסען צי ער איז דאָ, צי ער איז ערגעץ ווייט, מיט איין וואָרט — צי ער איז בכלל דאָ אויף דער וועלט.

דערפאַר אָבער שפּעטער, אין דער היים, ביים פענסטער, אויפ'ן באַלקאָן, רעדט זי בלויז צו אים אליין, רעדט לאַנג, נעמט ארויס פון הארצען איינדרוק נאָך איינדרוק, ביז זי נעמט זיי אַלע אַרויס, און זי רעדט היים, מיט באַגייסטערונג, בלייבט אמאָל שטעהן אויף אַ ווײַלע, קלייבט צו אַ וואָרט, כאַפּט אונ־טער דעם אויסדרוק, וואָס ער האָט איר אונטערגעזאָגט, און שוין באַווייזט זיך אין איר בליק אַ שטראַל פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער הילף, וואָס ער האָט איר ארויסגעוויזען. אָדער זי זעצט זיך אַ פארמאַטערטע אין גרויסען שטול אריין, בלויז די גייציגע, אומרואיגע אויגען זאָגען אים, אַז זי וויל אים הערען.

זי הערט זיך איין צו זיינע רייד, ניט באַוועגענדיג זיך פון אָרט, אָבער זיך וועט ניט פארהערען קיין איינציג וואָרט, ניט דורכלאָזען קיין קלאַנג. און בלייבט ער שטיל, הערט זי זיך ווייטער איין, די אויגען בעטען ווייטער, און די דאָזיגע שטומע אויפפאָדערונג מאַכט אים ווייטער צו דערצעהלען, און ער רעדט מיט אַ נייער קראַפט, מיט נייער באַגייסטערונג.

און עס ווערט אַזוי ליכטיג, וואַרעם אויפ'ן הארצען; הייסט עס, אַז דאָ איז איר ליכט, איר פייער, און פארשטאַנד, און מער דאַרף זי ניט. אָבער מיטאמאָל הויבט זי זיך אויף אַ פארמאַ־טערטע, און די זעלבע בעטענדיגע אויגען, בעטען אים אַצינד אוועקגעהן, אָדער עס פאַרווילט זיך איר גאָר עסען, און עסען עסט זי מיט גרויס אַפּעטיט...

דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידען, וואָרים ער איז דאָך ניט קיין פאַנטאַזיאָר. ער וואָלט ניט געוואָלט קיין ווילדע

שוין דא מער ניט ווייזען", האט ער און אנגעבלאזענער א טראכט געטאן. „וואס איז דאס געווארען מיט איר? איך דערקאן זי ניט!"

און ער איז פארזונקען אין געדאנקען.

וואס איז מיט איר? ער האט ניט געוואוסט אט די אומבאדייטענדע קלייניגקייט אז זי האט שוין געליבט אמאל, אז זי האט שוין איבערגעלעבט, אויף וויפיל זי איז געווען פעהיג, דעם מיידעלשען פעריאד פון ניט קאנען זיך באהערשען, פון פלוצימדיגען רויט ווערען, פון שלעכט פארדעקטען הארצענסוועה, פון פיבערדיגע סימנים פון דער ליבע, פון איר ערשטער ליבע.

און ווען ער וואלט דאס געוואוסט, וואלט ער אפשר אויך אלץ ניט געוואוסט, צי זי האט אים יא אדער ניט ליב, אבער ער וואלט אם ווייניגסטענס געוואוסט, פארוואס עס איז אזוי שווער געווארען צו דערוויסען זיך, וואס מיט איר קומט פאר.

אין דער שווייץ זיינען זיי געווען אומעטום, וואו טוריסטען זיינען געוועהנליך. אבער אפט, און דאס מיט גרויס פארגעניגען, האבען זיי זיך אפגעשטעלט אין פארווארפענע ערטער, וואס זיינען ווייניג באזוכט געווארען. זיי, און באזונדערס שטאלץ, איז געווען אזוי פארנומען מיט זיך, אז דאס ארומרייזען האט זיי פארמאטערט און עס איז ביי זיי אוועקגערוקט געווארען אויפ'ן צווייטען ארט.

ער האט מיט איר געקלעטערט אויף בערג, געקוקט אין אפגרונדען, באזוכט וואסערפאלען. ער געהט נאך איר אויף א שמאל שטעגעל, אין דער צייט וואס די טאנטעווארט אויף זיי אונטען. אומבאמערקטערהייט קוקט ער איר נאך, ווי זי וועט, ווען זי וועט ארויפקומען אויפ'ן בארג און האבען אפגעכאפט דעם אטעם, א קוק טאן אויף אים, וואס פאר א בליק וועט דאס זיין און צי וועט זי פריער פון אלץ א קוק טאן אויף אים.

און זי האט טאקע פריער פון אלץ געווארפען א בליק אויף אים.

און עס ווערט אזוי ליכטיג אוןווארעם אויפ'ן הארצען

צו אים, טיילמאל הויבט זי אויף דעם קאפ און ווארפט אויף אים נייגעריגע, זאבליבע בליקען, אז ער ווארפט אזש פון ער־גערניש אוועק דאס בוך, אדער ער רייסט אינמיטען איבער אן עוסקלעהרונג, שפרינגט אויף און געהט אוועק. ער דרעהט אויס דעם קאפ — זי באגלייט אים מיט א פארוואונדערטען בליק; ער פארלירט זיך אונקערט זיך אום און טראכט אויס עפעס א תרוץ.

זי הערט אים אויס און גלויבט אים. זי צווייפעלט אפילו ניט אין דעם אמת פון זיין תירוץ.

„ליבט זי מיך יא, אדער ליבט זי מיך ניט?" האבען זיך אין זיין קאפ געדרעהט צוויי פראגען.

אויב זי האט מיך ליב, פארוואס איז זי אזוי פארשלא־פען, אזוי פארזיכטיג? אויב זי האט מיך ווידער ניט ליב, פארוואס איז זי אבער אזוי איבערגעגעבען, געהארכזאם? ער איז אוועקגעפארען פון פאריז נאך לאנדאן אויף א וואך און ער איז געקומען עס איר אנזאגען אין טאג פון זיין אפרייזע, ניט זאגענדיג וועגען דעם איר פריער.

אויב זי וואלט מיטאמאל דערשראקען געווארען, איר גע־זיכט וואלט זיך איבערגעביטען — וואלט די זאך געוועזען געענ־דיגט, דער סוד אויפגעדעקט און ער — גליקליך! אבער זי האט אים א פעסטען דריק געטאן די האנט, ווערענדיג טרויעריג. דאס האט אים אריינגעבראכט אין פארצווייפלונג.

— מיר וועט זיין זער לאנגווייליג אן אייך, — האט זי געזאגט, — איך בלייב ווי א יתומה, בין גרייט צו וויינען. טאנטע, אנדרעי איוואניטש פארט אוועק! האט זי מיט א ווייי־נענדיגער שטימע צוגעלייגט.

זי האט אים דערקוילעט.

„צו דער טאנטע האט זי זיך געווענדט! — האט ער א טראכט געטאן, — נאך דאס האט געפעלט! איך זע, אז זי האט רחמנות, אז זי האט אפילו ליב... אבער אזא ליבע קאן מען, ווי א שטיקעל געוואנד, קויפען אין קראם אויף אזוי פיל צייט, אויף אזוי פיל אויפמערקזאמקייט... ניין, איך וועל זיך

א באַקאַרטער, קלוגער און ערפאַרענער זיידע, אפילו דער באַ־
ראָן, אויב ער וואָלט געווען א מענש מיט א קלאָרען קאָפּ און
מיט א כאַראַקטער.

באוואוסטזיניג ווארפט זי זיך אים אונטער. עס איז אמת,
אירע אויגען הויבען אָן צו ברענען, ווען ער אנטוויקעלט פאַר
איר א געוויסע אידעע, אָדער ער אנטפּלעקט פאַר איר זיין
נשמה; זי באַגיסט אים מיט שטראַלען פון איר בליק, אָבער
שטענדיג ווייסט מען פאַרוואָס זי טוט עס; טיילמאָל זאָגט זי
נאָך אליין די אורזאַך דערפון. אָבער ווען מען איז פאַרליבט
טוט מען עס אָן א פאַרוואָס, און אין אָט דער בלינדקייט ליגט
טאַקע דאָס גליק. באליידיגט זי זיך אמאָל, ווייזט מען גלייך,
פאַרוואָס זי האָט זיך באליידיגט.

ער האָט קיינמאָל ניט באמערקט, אז איר פּנים זאָל מיט־
אמאָל רויט ווערען, אז זי זאָל זיך פריידיג דערשרעקען, אָדער
איר בליק זאָל זיין פאַרמאַטערט אָדער ער זאָל פייעריג א לויכט
טאָן. און אויב ער האָט יאָ באמערקט אין איר אמאָל עפּעס
ענליכעס אויף דעם, אויב עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז איר
פּנים האָט זיך פאַרקרימט פון וועהטאָג, ווען ער האָט איר גע־
זאָגט, אז אין א פּאָר טעג אַרום פאָרט ער קיין איטאַליען, האָט
זי אָבער גלייך נאַאיוו און אָפען צוגעלייגט;

— וואָס פאַר א שאָד, וואָס איך קאָן ניט מיטפאָרען מיט
אייך, אָ, ווי מיר ווילט זיך עס! אָבער איר וועט מיר אלץ
דערצעהלען און אזוי איבערגעבען, ווי איך אליין וואָלט דאָרט
געווען.

און דער כשוף איז צושטערט דורך אָט דעם אָפענעם, מיט
פאַרשטעלטען פאַרלאַנג און דעם אומווירדיגען לויב צו זיין
קונסט פון דערצעהלען. און ווי נאָר ער קלייבט צוזאַמען די
דינסטע אָנדייטונגען, ווי נאָר עס געלינגט אים צוזאַמענוועבען
דעם פיינסטען געוועב, און עס בלייבט אים נאָר צו דערענדיגען
אָן איין איינציגען קנופּ — און אָט איז שוין...

און מיטאמאָל ווערט זי ווידער רואיג, און אפילו קאַלט.
זי זיצט זיך, ארבייט, און שווייגענדיגערהייט הערט זי זיך איין

# אבלאמאוו

פרילינג זיינען זיי אלע אוועקגעפאָרען אין דער שווייץ. נאָך אין פאריז האָט שטאָלץ געהאט באשלאָסען, אז פון איצט אָן קאָן ער ניט לעבען אָן אָלגא'ן. ווען ער האָט געהאט דאָס באשלאָסען, האָט ער זיך גענומען לעזען די פראגע צי אָלגא קאָן לעבען אָן אים. אָבער אויף דער פראגע איז ניט געווען אזוי לייכט צו ענטפערען.

פאָרזיכטיג, פאמעליך האָט ער זיך דערנענטערט דערצו. ארומקוקענדיג, טאפענדיג ארום זיך, און אמאל ווידער אָפען, געוואגט, און אים האָט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז שוין נאָענט צו זיין ציל, אז ער וועט דערכאפען אן אומצווייפעל־האפטען בליק, שטריך, וואָרט, לאנגווייל אָדער פרייד; ניין, ער דארף האָבען נאָך א קוים באמערקטען ריר פון אירע ברעמען, אירם א זיפץ, און דאָס געהיימנים וועט זיין געלעזט: ער איז געליבט!

אין איר פנים האָט ער געלעזען א צוטרויען צו זיך; טייל־מאָל האָט זי געקוקט אויף אים אזוי, ווי זי האָט אויף קיינעם ניט געקוקט, זי וואָלט אפשר אזוי געקוקט אויף א מוטער, אויב זי וואָלט געהאט א מוטער.

זיין קומען, דאָס פארברענגען מיט איר גאנצע טעג, האָט זי ניט געהאלטען פאר א געפעליגקייט פון זיין זייט, נאָר פשוט פאר זיין פליכט, ווי ער וואָלט געווען איר ברודער, איר פאָטער, אָדער — גאָר איר מאן. און זי אליין, אין איר יעדען וואָרט, און אין איר יעדען ריר איז געווען אזוי פריי און אָפענהערציג, אזוי ווי ער וואָלט געהאט איבער איר אן אומצווייפעלהאפטען איבערגעוויכט, אויטאָריטעט.

און ער האָט אויך געוואוסט, אז ער האָט ביי איר אזא אויטאָריטעט. זי האָט עס יעדע מינוט באשטעטיגט, געזאָגט, אז זי גלויבט אים אליין און אז זי קאָן זיך בלינדערהייט פאר־לאָזען אין לעבען בלויז אויף אים און ניט אויף קיינעם אין דער גאנצער וועלט.

פארשטעהט זיך, אז ער איז דערמיט געווען שטאָלץ, אָבער פון דער צווייטער זייט האָט דאָך דערמיט געקאָנט שטאָלצירען

ליגט דער שטראַל פון באַפרידיגונג אויף איר פּנים, און צי עס באַגלייט אים איר בליק ווי אַ זיגער.

אויב ער האָט זיך איבערצייגט אין דעם, איז ער געגאַנגען אַהיים אַ שטאָלצער, אַן אויפגערעגטער, און לאַנג האָט ער זיך ביי נאַכט בסוד געגרייט אויפ׳ן מאָרגענדיגען טאָג. די לאַנג־ווייליגסטע, טרוקענסטע באַשעפטיגונג, האָט אין זיינע אויגען ניט אויסגעזען טרוקען; געראַנקען, באַאָבאַכטונגען, ערשיינונ־גען זיינען ניט געבליבען רואיג ליגען אין אַרכיוו פון זיין זכרון, נאָר זיי האָבען צוגעגעבען אַ העלען שיין זיין יעדען איינציגען טאָג.

וואָס פאַר אַ וואַרעמער שטראַל האָט זיך צוגאָסען איבער אָלגאַ׳ס בלייך געזיכט, ווען שטאָלץ, ניט וואַרטענדיג אויף אַ פרעגענדיגען און גייציגען בליק, האָט גענומען וואַרפען פאַר איר אַלץ נייעם מאַטעריאַל.

און אויך ער איז געווען גליקליך, ווען איר שכל האָט פּונקט מיט אַזאַ איבערגעבענהייט און צערטליכער אונטערטע־ניגקייט געאיילט צו כאַפּען זיין יעדען בליק, זיין איטליך וואָרט, און שאַרף האָבען זיי ביידע אַכטונג געגעבען: ער אויף איר, צי עס איז ניט איבערגעבליבען נאָך אַ פראַגע אין אירע אויגען, זי אויף אים, צי עס איז ניט געבליבען עפּעס ניט דערזאָגטעס, צי האָט ער ניט עפּעס פאַרגעסען און, ערגער פון אַלץ, צי האָט ער ניט, גאָט באַהיט, פאַרנאַכלעסיגט אַנטפּלעקען איר אַ ווינ־קעל, וואָס איז איר ניט קלאָר, צי האָט ער ניט פאַרגעסען אַנט־וויקלען זיין געדאַנק.

וואָס וויכטיגער, קאָמפּליצירטער עס איז געווען אַ געוויסע פראַגע, האָט ער איר ערקלערט אויפמערקזאַמער און וואַרעמער און דאַנקבאַרער האָט זיך אויף אים אָפּגעשטעלט איר בליק, וואָס איז געווען טיפער און האַרציגער ווי אַלע מאָל.

„אָט דאָס קינד, — האָט ער געטראַכט, קוקענדיג מיט פאַרוואונדערונג אויף אָלגאַ׳ן, — וואַקסט מיך איבער!”

און ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגען אָלגאַ׳ן, ווי ער האָט קיינמאָל וועגען קיין שום זאַך ניט געטראַכט.

געזען, ער האָט בלויז מיט שרעק און פּאַרוואונדערונג באַמערקט ווי איר שׂכל פּאָדערט אַלע טאָג נייע שפּייז און איר נשמה ווערט ניט רואיג, זוכט אַלץ נייע ערפאַרונגען.

צו שטאָלץ'עס טעטיגקייט, צו זיין לעבען איז צוגעקומען אַ פרעמדע טעטיגקייט, אַ פרעמד לעבען. ארומשטעלענדיג אַלגאַ'ן מיט בלומען, באַזאָרגענדיג זי מיט ביכער, נאָטען, אַל־באָמען, האָט ער זיך באַרואיגט, מיינענדיג אַז ער האָט אויף אַ לאַנגער צייט באַזאָרגט זיין פריינדין, אַז זי וועט האָבען מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען, און ער איז אַוועק צו זיין טעטיגקייט, ווידער זיך גענומען דרעהען אין קרייז פון מענשען, באַקאָנען זיך, צוזאַמענשטויסען זיך מיט נייע פּנים'ער; דערנאָך פלעגט ער אַ פאַרמאַטערטער זיך אומקערען צו איר, כדי ביים קלאַנג פון איר שטימע באַרואיגען זיך ווידער. אָבער מיטאַמאָל האָט ער אויף איר פּנים באַמערקט שוין נייע פראַגען, און אין איר בליק אַ שטרענגע פאָדערונג פון דין וחשבון. און אומבאַמערקט־ערהייט, ניט ווילענדיג, ביסלעכווייז, האָט ער איר איבערגע־געבען וואָס ער האָט געזען, וואו ער איז געוועזען און צוליב וואָס.

טיילמאָל האָט זי אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג אליין צו זען און באַקאָנען זיך מיט דעם, וואָס ער האָט געזען און מיט וואָס ער האָט זיך באַקאָנט. און ער איז מיט איר געפאָרען אין די אַלע פלעצער. איינציגווייז, אומבאַמערקטערהייט, האָט ער זיך צוגעוועהנט צו טראַכטען אויפ'ן קול אין איר אָנוועזענהייט, צו פילען, און איינמאָל, ווען ער האָט זיך שטרענג אריינגעטראַכט אין זיך, האָט ער באַמערקט, אַז ער האָט אָנגעהויבען צו לעבען ניט אליין, נאָר אין צווייען, און אַז ער לעבט מיט אַזאַ לעבען פון דער צייט, וואָס אָלגאַ איז אַהער געקומען.

כמעט אומבאַוואוסטזיניג, אַזוי ווי פאַר זיך אליין, האָט ער אין איר אָנוועזענהייט אויפ'ן קול געגעבען אַן אָפּשאַצונג פון דעם אוצר, וואָס ער האָט ערוואָרבען און ער האָט באַוואוג־דערט אי זיך אי זי; דערנאָך האָט ער גענומען נאָכזוכען צי עס איז ניט געבליבען נאָך קיין פראַגע אין איר בליק, צי עס

אַז שטאָליץ'ן איז אויסגעקומען מיטאמאָל איבערצוגעהן אין אַזא ספערע, אין וועלכער ער האָט זיך זעלטען און זער אומגערען גע־
זאָזט מיט פרויען. וויפיל קלוגע איינפאלען האָט ער יעדען טאָג באנוצט, אַז אָלגאַ'ס בליק זאָל קלאָרער, רואיגער ווערען, אַז ער זאָל מער ניט אַזוי פרעגענדיג ארומבלאָנזשען, ווייט, ווייט, דאָרט וואו ער, שטאָליץ, איז ניטאָ.

ער איז זער באַאומרואיגט געוואָרען, ווען צוליב זיינס א נאַכלעסיגקייט איז איר בליק געווארען טרוקען, קאַלט, די ברעמען האָבען זיך צוזאמענגעצויגען און אויפ'ן פנים האָט זיך צוגאָסען א שוויינגענדיגער אָבער טיפער שאָטען פון אומצופרידענהייט. און עס האָט אים גענומען א דריי מעת לעת פון פיינסטע איינפאלען, אַז עס זאָל אים געלינגען ארויסרופען פון אָלגאַ'ס הארץ א ליכטיגען שטראַל אויף איר פנים, א מילדקייט אין בליק און אין שמייכעל.

ער פלעגט אין אָוונד אָפטמאָל קומען א היים פארמאַטערט פון דעם דאָזיגען קאמף און ער איז געווען גליקליך, אויב ער איז ארויס דער זיגער.

„ווי זי איז דאָס צייטיג געוואָרען, גאָט מיינער! ווי דאָס דאָזיגע מיידעל האָט זיך אַנטוויקעלט! ווער איז געוועז איר לערער? דער באַראָן? אָבער פון זיינע פראַזען וועהט מיט פוסטקייט, עס איז ניטאָ וואָס אויסצולערנען זיך! ווער האָט געקאָנט זיין איר לערער, עס איז דאָך ניט איליא!...”

און ער האָט ניט געקאָנט פארשטעהן אָלגאַ'ן און צומאָרגענס איז ער ווידער געלאָפען צו איר און האָט שוין פאָרזיכטיג, מיט מורא געלעזען אין איר פנים, און בלויז מיט דער הילף פון זיין גאנצען שכל, פון זיין גאנצער לעבענסוויזהייט איז אים טיילמאָל געלונגען צו באַזיגען די צווייפלען, פראַגען און פאָדערונגען, וואָס זיינען געלעגען אין אָלגאַ'ס יעדען ריר.

מיט'ן לאַמטערן פון ערפארונג אין דער האנט האָט ער זיך ארונטערגעלאָזען אין דעם לאבירינט פון איר שכל, פון איר כאַראַקטער, און יעדען טאָג זיינען אים קלאָר געוואָרען אַלץ נייע שטריכען און פאקטען, אָבער קיין סוף האָט ער נאָך אַלץ ניט

מערסבורג האָט אָנגעהויבן שלעכט צו ווירקן אויף איר, זיינען מיר אַוועקגעפאָרן אויף איבער ווינטער, אָבער מיר האָבן נאָך ניט באַשלאָסן וואו מיר וועלן דעם ווינטער פארברענגען: אין ניצע, אָדער אין דער שווייץ.

— יאָ, איר האָט זיך זער געענדערט, — האָט שטאָלץ געזאָגט, איינגראָבענדיג זיך מיט די אויגען אין אָלגא׳ן און שטודירענדיג איר יעדען אָדערל, קוקענדיג איר אין די אויגען.

א האלב יאָר צייט האָבן די אילינסקי׳ס פארבראַכט אין פאריז. שטאָלץ איז געווען זייער טעגליכער און איינציגער באַזוכער.

אָלגא האָט זיך אָנגעהויבן צו פארבעסערן. פון איר פארטראַכטען צושטאַנד איז זי איבערגעגאַנגען אין א צושטאַנד פון רו און גלייכגילטיגקייט, יעדענפאלס, אויסערליך. וואָס עס איז באמת פאָרגעקומען ביי איר אין הארצען, האָט איין גאָט געוואוסט. ביסלעכווייז האָט זי צוריק אָנגעהויבן צו ווערען פאַר שטאָלץ׳ן זיין פריערדיגע פריינדין, כאָטש זי האָט שוין ניט געלאַכט מער מיט איר פריערדיגען שטאַרקען, קינדיישען, זילבערנעם געלעכטערל, און זי האָט בלויז געשמייכעלט מיט אַן איינגעהאלטען געלעכטערל, ווען שטאָלץ האָט זי אַמוזירט. זי האָט זיך טיילמאָל געפילט אַזוי ווי געערגערט, וואָס זי קאָן ניט לאַכען.

ער האָט גלייך באגריפען, אַז מען קאָן שוין מיט איר ניט שפאסען. זי פלעגט אָפטמאָל אויסהערען א קאָמישע געשיכטע און ניט קיין שמייכעל טאָן, נאָר האָט שווייגענדיג געקוקט אויף אים, אַזוי ווי זי וואָלט אים פאָרגעוואָרפען, וואָס ער איז אַזוי לייכטזיניג, טיילמאָל פלעגט זי אפילו ארויסווייזען אַן אומגעדולדיגקייט, אָדער שטאָט אַן ענטפער אויף זיינס א וויץ, פלעגט זי שטעלען אַן ערנסטע פראגע און האָט די פראגע באַגלייט מיט אַזאַ ערנסטען בליק, אַז ער האָט חרטה געקראָגען אויף זיין לייכטזיניגען, נארישען געשפרעך.

טיילמאָל האָט זיך אין איר באוויזען אַן אינערליכע פאר־מאַטערטקייט פון די פוסטע אַלטעגליכע רייד און שמועסען,

ארײנגעװאָרפען א פראגע. — ער לעבט? ער שרײבט אײך עפּעס?

עס איז גאָנץ מעגליך, אז אָלגא װאָלט איצט ארױסגעגע־בען איר סוד, נאָר די טאנטע איז איר געקומען צו הילף.

— שטעלט אײך פאָר, — האָט זי געזאָגט, ארױסגעהענדיג פון געשעפט, — ער פלעגט זײן בײ אונז יעדען טאָג און מיט אַמאָל איז ער אינגאנצען פארשװאונדען געװאָרען. װען מיר האָבען זיך געקליבען פאָרען קײן אױסלאנד, האָב איך געשיקט א מענשען צו אים, האָט מען געענטפערט, אז ער איז קראנק, אז ער נעמט קײנעם ניט אויף. האָבען מיר זיך ניט געזען.

— און איר װײסט אויך ניט? — האָט שטאָלץ געפרעגט א באזאָרגטער.

אָלגא האָט אויפמערקזאם באטראכט א פארבײפאָרענדען קאָליאס.

— ער איז אויף אן אמת קראנק געװאָרען, — האָט זי געזאָגט און מיט א געמאכטער אויפמערקזאמקײט האָט זי װײ־טער באטראכט דעם קאָליאס.

—נײן, איר מוזט מיר אָפּגעבען דין וחשבון פאר מײן איליא, — איז שטאָלץ צוגעשטאנען. — װאָס האָט איר מיט אים געטאָן? פארװאָס האָט איר אים ניט געבראכט מיט זיך?

—Mais ma tante vient de dire—האָט זי געזאָגט.

ער איז א פױלער, — האָט די טאנטע באמערקט, און אזא װילדער, אז װי נאָר עס קומען א דרײ־פיר מענשען צו אונז, אנטלױפט ער גלײך. שטעלט אײך פאָר, דער מענש האָט זיך אבאָנירט אויף דער אָפּערא און איז אפילו א העלפט פון סעזאָן ניט אויסגעזעסען.

שטאָלץ האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און א זיפץ געטאָן.

— װי אזוי זײט איר דאָס מיטאמאָל אהערגעקומען? אויף לאנג? — האָט שטאָלץ געפרעגט.

— דאָס איז צוליב איר, אויפ׳ן ראט פון דאָקטאָר, — האָט געזאָגט די טאנטע, און אָנגעװײזט אויף אָלגא׳ן. — פּע־

זאָגט, אז ער איז אוועקגעפאָרען קיין ליאָן, און זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן.

ווי האָט איר געקאָנט באַשליסען קומען אהער און מיר ניט לאָזען וויסען וועגען דעם? — האָט ער זיי פאַרגעוואָרפען.

— דאָס פאָרען איז באַשלאָסען געוואָרען אין אזא איילע־ניש, אז מיר האָבען אייך ניט געוואָלט שרייבען, — האָט די טאַנטע געזאָגט. אָלגא האָט אייך געוואָלט מאַכען א סורפריז.

ער האָט א קוק געטאָן אויף אָלגא'ן: איר פּנים האָט באַ־שטעטיגט דער טאַנטע'ס ווערטער. ער האָט נאָך אויפמערק־זאמער א קוק געטאָן אויף איר, אָבער איר פּנים איז געווען אומדורכדרינגבאַר, ער האָט ניט געקאָנט וויסען וואָס עס איז מיט איר.

„וואָס איז מיט איר? — האָט שטאָלץ א טראַכט געטאָן. — פריער פלעג איך קאָנען גלייך טרעפען, אָבער איצט..., אָ, כאַר אַן ענדערונג!"

— אָ, ווי איר זייט אויסגעוואַקסען, אָלגא סערגעיעוונא — האָט שטאָלץ געזאָגט אויפ'ן קול, — איך דערקען אייך כמעט ניט. און אין גאַנצען האָבען מיר זיך ניט געזען איין יאָר צייט. וואָס האָט איר געטאָן פאַר דער צייט, וואָס האָט מיט אייך פּאַסירט? דערצעהלט, איך בעט אייך זער, דערצעהלט.

— גאָר קיין באַזונדערעס, — האָט זי געענטפערט, באַ־טראַכטענדיג עפּעס.

— און וואָס הערט זיך מיט אייער זינגען? — האָט שטאָלץ געפרעגט, באַטראַכטענדיג אָלין ווייטער אָלגא'ן, וואָס האָט אים אויסגעזען פרעמד און ער האָט זיך באַמיט פאַר־שטעהן דעם שפּיל, וואָס איז פאָרגעקומען אין איר פּנים, אָבער דער דאָזיגער שפּיל, פונקט ווי א בליץ, האָט זיך באַוויזען און גלייך פארשוואונדען פון איר פּנים.

— איך האָב שוין לאַנג ניט געזונגען, שוין א צוויי חדשים. — האָט זי נאַכלעסיג געענטפערט.

— און וואָס מאַכט אָבלאָמאָוו? — האָט ער מיטאמאל

מענליך זיי צו זען פון דאַנען, זיי שטעהען מיט'ן רוקען צום פענס־טער" האָט ער געזאָגט צו זיך.

שטאָלץ איז אַריין אין געשעפט און גענומען עפּעס איינ־האַנדלען. איינע פון די דאַמען האָט זיך אויסגעדרעהט און ער האָט דערזען פאַר זיך אָלגאַ אילינסקאַיאַ; ער האָט זי דער־קאַנט און ניט דערקאַנט. ער האָט זיך געוואָלט אַ וואַרף טאָן צו איר און האָט זיך אָפּגעשטעלט, און גענומען זי אויפמערק־זאַם באַטראַכטען.

גאָט מיינער! וואָס פאַר אַן ענדערונג! עס איז יאָ זי און ניט זי. די געזיכטס־ציגען זיינען אירע, אָבער זי איז אַזוי בלייך, די אויגען איינגעזונקען, עס איז שוין ניטאָ מער דער קינדישער שמייכעל אויף די ליפּען, ניטאָ איר נאַאיוויטעט, איר זאָרגלאָזיגקייט. איבער די ברעמען ליגט אויסגעשפּרייט אַן ערנסט, אַ טרויער, די אויגען דערצעהלען וועגען אַזוינע זאַכען, וואָס זיי האָבען פריער ניט געוואוסט. איר בליק איז שוין ניט ווי פריער, אָפען, רואיג, קלאָר, ער איז אַזוי ווי פאַרנעבעלט דורך אַ וואָלקען פון טרויער.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר. אירע ברעמען האָבען זיך אַרונטערגעצויגען אביסעל און אַן ערשטוינטע האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים און האָט אים דערקאַנט. די ברעמען האָבען זיך סימעטריש פאַנאַנדערגעשפּרייט, די אויגען האָבען אַ לויכט געטאָן מיט אַ שטילער, טיפער פרייד. יעדער ברודער וואָלט געווען גליקליך, ווען צו אים וואָלט זיך אַזוי געווענדט זיין באַ־ליבטע שוועסטער.

— גאָט מיינער! זייט איר דאָס? — האָט זי אַרויסגע־רעדט מיט אַזאַ פריידיגער שטימע, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין דער טיפעניש פון האַרצען.

די טאַנטע האָט זיך שנעל אומגעקערט און אַלע דריי האָבען מיטאַמאָל אָנגעהויבען רעדען. ער האָט זיי פאָרגעוואָרפען, וואָס זיי האָבען אים ניט געשריבען, זיי האָבען זיך פאַרענט־פערט. עס איז שוין דריי טאָג ווי זיי זיינען געקומען און זיי זוכען אים אומעטום אַרום. אין איין פּלאַץ האָט מען זיי גע־

## 4.

איצט וועלען מיר זיך אומקערען צו א פריערדיגער צייט; נאָך איידער שטאָלין איז אָנגעקומען צו אָבלאָמאָוו'ס געבורטס־טאָג, און אין א צווייט אָרט, ווייט פון וויבורגער קווארטאל דאָרט וועלען מיר באגעגענען מענשען, וואָס זיינען שוין פון לאנג באקאנט דעם לעזער און וועגען וועלכע שטאָלין האָט ניט אלין, וואָס ער האָט געוואוסט, דערצעהלט אָבלאָמאָוו'ן צוליב געוויסע אורזאכען, אָדער אפשר דערפאר, וואָס אָבלאָמאָוו האָט אים ניט געפרעגט וועגען אלין, אויך מסתמא צוליב געוויסע אורזאכען.

איינמאָל האָט שטאָלין שפאצירט איבער פאריזער בולווארען, צוטראָגען געקוקט אויף די פארבייגעהער, אויף די שילדען פון די קראָמען, און ניט אָפגעשטעלט די אויגען אויף קיינעם פון זיי. ער האָט שוין א לאנגע צייט ניט געהאט באקומען קיין בריף פון רוסלאנד, ניט פון קיעוו, ניט פון אדעס, ניט פון פעטערסבורג. אים איז געווען לאנגווייליג און ער האָט אוועקגעטראָגען נאָך דריי בריף אויף דער פאָסט.

מיטאמאָל האָבען זיינע אויגען זיך אָפגעשטעלט אויף עפעס, זיי זיינען געבליבען שטעהן אומבאוועגליך, מיט ערשטוינונג, אָבער גלייך דערנאָך האָבען זיי אָנגענומען זייער געוועהנליכען אויסדרוק. צוויי דאמען זיינען פון בולוואר אריין אין א געשעפט.

„ניין, עס איז אוממעגליך, — האָט ער א טראכט געטאָן, — א נארישער איינפאל! איך וואָלט דאָך דערפון געוואוסט. ניין, דאָס זיינען זיי ניט.”

יעדענפאלס איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער פון דעם געשעפט און באטראכט דורך דעם פענסטער די דאמען. „אומ־

וועסט אַלץ קאַליע מאַכען, ברודער לעבען: ער וועט זאָגען, אַז מען האָט אים געצוואונגען, ער קאָן נאָך דערמאָנען קלעפּ, דאָס איז שוין אַ קרימינאַל פאַרברעכען. ניין, אַזוי טאָר מען זיך מיט אים ניט באַגעהן! וואָס מען קאָן יאָ טאָן מיט אים איז אָט וואָס: מיר וועלען פריער אויסטרינקען אַ ביסעל מיט אים. ווי נאָר עס וועט זיך ביי אים אין קעפּעל אָנהויבען דרעהען, גיב מיר אַ וואונק, און איך וועל אַריינקומען מיט דעם פּאַפּיר. ער וועט ניט קיין קוק טאָן אויף דער סומע, ער וועט עס אונטערשרייבען, ווי ער האָט דאַמאָלט אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט און זאָל ער געהן שפּעטער געוואָר ווערען אויף וויפיל עס איז. אַזאַ פּריץ וועט זיך דאָך שעמען מודה צו זיין, אַז ער האָט אונטערגעשריבען אין אַ שכור'ן צושטאַנד.

— זיכער, עס איז געזעצליך! — האָט טאַראַנטיעוו ווי־דערהאָלט.

— און זאָל אָבלאָמאָווקע בלייבען פאַר די יורשים! — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש.

— טאַקע אַזוי! און לאָמיר אויסטרונקען, ברודער.

— פאַר'ן געזונט פון אַלע נאַראָנים! — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש.

זיי האָבען אויסגעליידיגט די באָקאַלען.

שוועסטער וועט קריגען דאָס געלט, ניין, איך גער ניט. וואָס וועל איך האָבען דערפון?

— און איך וועל געבען דער שוועסטער אונטערצושרייבען א פאפיר, אז זי איז מיר שולדיג צען טויזענט רובל.

— און אויב די שוועסטער וועט ניט אונטערשרייבען?

— ווער, די שוועסטער?

און איוואן מאטוועיאיטש האָט זיך צונאָסען מיט א דינינקען געלעכטערל.

— זי וועט אונטערשרייבען, ברודער לעבען, זי וועט ניט פרעגען וואָס, זי וועט בלויז א שמייכעל טאָן, און פון דער זייט, קרום, וועט זי א שמיר טאָן „אגאפיא מאטוועיעוונא" און זי וועט קיינמאָל ניט וויסען, וואָס זי האָט אונטערגעשריבען. מיר, ברודער לעבען, וועלען זיך זיין פון דער זייט: מיין שוועסטער וועט דער קאָלעגיען-סעקרעטאר אָבלאָמאָוו שולדיג זיין, און די קאָלעגיען-סעקרעטארין פשעניצין וועט מיר שולדיג זיין. דער דייטש וועט זיך מעגען קאָכען וויפיל אים וועט זיך נאָר וועלען;

— עס איז לויט'ן געזעץ! — האָט ער געזאָגט אויפהויבענדיג אין דער הויך זיינע ציטערנדיגע הענט. — נאָך א גלעזעל, ברודער לעבען!

— עס איז געזעצליך! — האָט טאראנטיעוו אויסגערופען א באגייסטערטער. — לאָמיר פארטרינקען, ברודער!

און זיי האָבען אויסגעטרונקען.

— זאָל אָבער דיין לאנדסמאן זיך איינשפארען און זאָל ער שרייבען וועגען דעם צום דייטש, — האָט מיט שרעק באמערקט איוואן מאטוועיאיטש, — וועט זיין זער שלעכט! מען קען די זאך ניט פארציען: זי איז דאָך אן אלמנה און ניט קיין מיידעל!

— געוויס וועט ער שרייבען! אָן צווייפעל וועט ער שרייבען! אין א יאָר צוויי ארום וועט ער שרייבען, — האָט טאראנטיעוו געזאָגט. — און וועט ער זיך איינשפארען — וועל איך אים גוט אויסזידלען...

— ווי גאָט איז דיר ליב, נאָר דאָס ניט, דאָס טו ניט! דו

— אט האט ער זיך שטארק צוגעוועהנט צו פארברענגען מיט דער שוועסטער מיינער. ניט לאנג צוריק איז ער ביי איר געזעסען ביז א זייגער איינס ביי נאכט, מיר האבען זיך געטראפען אין קארידאר, אבער ער האט זיך געמאכט ווי ער וואלט מיך ניט געזען. דארפען מיר אכטונג געבען, וואס עס וועט ווייטער זיין... דו דארפסט מיט אים פארפירען א שמועס, אז עס איז ניט שעהן זיך אזוי צו פירען, אז זי איז אן אלמנה, זאג אים, אז אלע זיינען שוין וועגען דעם געוואר געווארען, און איצט וועט זי שוין ניט קאנען חתונה האבען. זאג אים, אז ניט לאנג האט זיך גע'שדכנ'ט צו איר א רייכער סוחר, אבער אז ער האט דערהערט, אז ער זיצט ביי איר ביז שפעט אין דער נאכט, האט ער חרטה געקראגען.

— וואס מיינסטו וועט געשען? ער וועט זיך דערשרע־קען, א שליידער טאן זיך אויפ'ן בעט, נעמען זיך דרעהען און זיפצען, דאס בלויז, — האט געזאגט טאראנטיעוו. — וואס וועט דיר ארויסקומען דערפון?

— אייל זיך ניט! דו זאג אים, אז איך וויל אים איינ־קלאגען, אז מען האט אים נאכשפיאנירט, אז עס זיינען דא עדות...

— און וואס ווייטער?

— און אויב ער וועט זיך זער דערשרעקען, זאלסטו אים זאגען, אז ער קאן דאס נאך פאררעכטען, זאל ער אפערען א קליינעם קאפיטאל.

— פון וואנען האט ער געלט? — האט טאראנטיעוו גע־פרעגט. — צוזאגען וועט ער פאר שרעק אפילו צען טויזענט רובל...

— דו גיב מיר נאך א וואונק מיט'ן אויג און איך וועל גלייך פארטיג מאכען א פאפיר אויף דער שוועסטער'ס נאמען: „איך, אבלאמאוו, האב געליען ביי דער און דער אלמנה צען טויזענד רובל, א. אז. וו."

-- וואס וועט דערפון ארויסקומען, ברודער לעבען? דיין

ער האָט זיך כמעט ווי אויסגעניכטערט, — אָבער ניין, איך וועל ניט זאָגען, איך האָב מורא, איך וועל ניט געהן ארויסלאָזען אזא טייערען איינפאַל פון קאָפּ. דאָס איז דאָך אַן אמת'ער אוצר... נעם נאָך אַ כוסה, ברודער לעבען!

— איך וועל ניט טרינקען ביז דו וועסט מיר ניט זאָגען.

— האָט טאראנטיעוו געזאָגט, אוועקרוקענדיג פון זיך די גלאָז.

— עס איז זער אַ וויכטיגע זאַך, ברודער לעבען, — האָט איוואן מאטוועיאיטש אים געמורמעלט אין אויער אריין, קוקענדיג אַלץ אויף דער טיר.

— הא? — האָט טאראנטיעוו געפרעגט אַן אומגעדולדי-נער.

— אַי איז דאָס אַן איינפאַל!

— זאָג שוין, — האָט טאראנטיעוו אים אַ שטויס געטאָן.

—ווארט צו אַ ווײלע, לאָז עס מיר נאָך איבערטראַכטען. יאָ, איך וועל עס דיר זאָגען, און דאָס בלויז דערפאַר, וואָס דו ביסט מיר נויטיג, אַן דיר וועט עס עפּעס ניט געהן. נאָט איז מיין עדות, אַז ווען איך וואָלט דיך ניט געדארפט, וואָלט איך דיר ניט געזאָגט. עס איז אַ זאַך, וואָס עס איז בעסער ווען קיין פרעמדער וויים ניט.

— בין איך פאַר דיר אַ פרעמדער, הונט דו איינער? טו איך דען, ברודער לעבען, ניט פאַר דיר אַלץ?

— ברודער, ברודער! האַלט איין דיין מויל! ווי אַ הארמאט שיסטו ארויס אַלץ וואָס דו ווייסט.

— מיינסט, אַז איך קאָן ניט האלטען קיין סוד, — האָט מיט ערגערניש ארויסגערעדט טאראנטיעוו, — רעד שוין, גע-נוג שוין מיך געמאַטערט.

— טאָ הער זיך איין, אַזוי ווי איליא איליטש איז אַ פיינ-לינג און ער וויים פון קיין שום זאַך ניט, ער געדענקט אפילו ניט וויפיל שטייער ער דארף באקומען, ער זאָגט דאָך אליין „איך וויים פון גאָרנישט ניט"...

— איז וואָס? — האָט טאראנטיעוו געפרעגט אַן אומגע-דולדיגער.

זיך צען און פינף קאָפּייקענע געוואַלגערט אין דער קעשענע, עס איז אַ שאַנדע צו זאָגען, אָבער איך האָב אָנגעהויבען צו קלייבען קופּערנע מטבעות. וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען! אַך, ברודער! און פאַראַן גליקליכע לייט אויף דער וועלט, וואָס פאַר איטליך וואָרט, וואָס זיי זאָגען עמיצען אויפ'ן אויער, אָדער פאַר יעדע שורה, וואָס זיי ווילען דיקטירען, אָדער בעסער נאָך, פאַר בלויז אונטערשרייבען זייער נאָמען אויפ'ן פּאַפּיר — ווערט ביי זיי אַזוי געשוואָלען די טאַש, ווי עס וואָלט דאָרט געלעגען אַ קישען, אַז כאַטש נעם און לייג זיך שלאָפען. אָט דאָס הייסט אַ לעבען, — האָט ער אָנגעהויבען צו פאַנטאַזירען ווערענדיג וואָס אַ רגע מער שכור, — מען וואַגט צו אַזאַ איינעם ניט צוגעהן אפילו. אַזאַ זעצט זיך אין אַ קאַרעט און גיט אַ געשריי „צום קלוב" און דאָרט שפּילט מען ניט ווי מיר, און עסען עסט מען דאָרט, אַך, אַך... !

— קלאָג זיך ניט, ברודער לעבען! זינדיג ניט! האָסט אַ גאַנץ פיינעם קאַפּיטאַל אָנגעקליבען... — האָט גערעדט דער שכור'ער טאַראַנטיעוו, מיט רויטע, ווי בלוט, אויגען. — פינף־און־דרייסיג טויזענט איז קיין שפּילכעל ניט!

— שטילער, שטילער, ברודער לעבען! — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש אים איבערגעשלאָגען. — וואָס קומט אַרויס, אַז עס איז אַלץ פינף־און־דרייסיג! און ווען וועט שוין זיין פופציג? אָבער אפילו מיט פופציג קומט מען אויך אין גן־עדן ניט אַריין. האָסטו חתונה, מוסטו לעבען מיט אַ רעכענונג, היטען יעדען רובל, וועגען אַביסעל יאַמייקער דאָס דאַרפסטו פאַרגעסען — וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען?

— דערפאַר לעבסטו רואיג. אַ רובל צו אַ רובל, מען זעט ניט, מען הערט ניט, און דערווייל ווערט מער. ניין, ברודער לעבען, האָסט ניט וואָס צו זינדיגען.

איוואַן מאַטוועיאיטש האָט אים שוין לאַנג ניט געהערט און וועגען עפּעס געטראַכט.

— הער זיך איין, — האָט ער מיטאַמאָל געזאָגט, אויסגלאָצענדיג אַ פּאָר אויגען און דערפרעהענדיג זיך מיט עפּעס, אָן

דייטשלאנד! ביי זיי פירט זיך דאָס אזוי. וואָרט צו א ווײַלע און ער וועט עס נאָך באַזאָלצען מיט אקציעס.

— וואָס איז דאָס אזוינס אקציעס? איך פאַרשטעה דאָס ניט אקוראַט, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש געזאָגט.

— א דייטשער אײַנפאַל! — האָט טאַראַנטיעוו געזאָגט מיט כעס. — אָט וועט עפּעס א שווינדלער טראַכט אויס א פּאַרטעל ווי צו מאַכען הייזער, וואָס קאָנען ניט פאַרברענט ווערען, און ער וויל אויפבויען א גאַנצע שטאָדט פון אזוינע הייזער, דאַרף מען דאָך דערצו געלט, לאָזט ער ארויס אזוינע פּאַפּירלעך צו פינף הונדערט רובל א שטיק, פאַרשידענע נאַראָנים קויפען זיי, און פאַרקויפען זיי ווייטער. הערט מען, אז די אונטערנעמונג געהט גוט, ווערן די פּאַפּירלעך טייערער, געהט די אונטערנעמונג שלעכט — ווערען די פּאַפּירלעך אָן זייער ווערט. שטאָט דעם געלט בלייבען ביי דיר די פּאַפּירלעך. וואו איז די שטאָדט? וועסטו פרעגען, וועט מען דיר זאָגען, אז זי האָט אָפּגעברענט, אז דער ערפינדער איז אַנטלאָפען מיט דיין געלט. אָט וואָס עס הייסט אקציעס! דער דייטש וועט אים שוין ארײַנשלעפּען! עס איז מיר בלויז א וואונדער, וואָס ער האָט אים ביז איצט ניט ארײַנגעשלעפּט אין די דאָזיגע אקציעס. דאָס האָב איך אים געשטערט, דאָס האָב איך ניט געלאָזט, אז א לאַנדסמאַן זאָל רואינירט ווערען.

— האָבען מיר, הייסט דאָס, דערמיט געענדיגט, אוועקגעלייגט אין ארכיוו ארײַן; יאָ, אונז האָט געלונגען... — האָט גערעדט איוואַן מאַטוועיאיטש, שוין צוביסלאָך שכור.

— האָב אים, ברודער לעבען, דאָס גוטע יאָר! און געלט האָסטו דאָך אָנגעקליבען, אז קיין בייז אויג זאָל עס ניט שאַטען! — האָט ארויסגערעדט טאַראַנטיעוו, אויף וועמען דער שנאַפּס האָט אָנגעהויבען צו ווירקען. — פאַר דיין געזונט!

— וואָס פאַר א געלט, — האָט דער האַלב שכור'ער איוואַן מאַטוועיאיטש זיך אָפּגערופען. — פאַרגעס ניט, ברודער, אז איך בין בלויז ערשט צען יאָר א סעקרעטאַר און פריער האָבען

פויערים קיין קוויטלעך אויף דעם דערהאלטענעם געלט! ער וועט זיך אביסעל קאכען אט דער דייטש, שרייען אביסעל, דאס אליז. און דיר ליגט שוין אין זינען א פראצעס גאר.

— מיינסט אזוי? — האט איוואן מאטוועיאיטש געזאגט, הערענדיג פרעהליך. — לאמיר טאקע אויסטרינקען, אויב אזוי.

ער האט אנגעגאסען אי זיך אי טאראנטיעוו'ען דאס.

— עס דאכט זיך אליז, אז עס איז אוממעגליך צו לעבען אויף גאט'ס וועלט, אבער ווי נאר מען מאכט א כוסה זעט מען, אז עס איז ניט אזוי שלעכט, אז מען קאן נאך לעבען! — האט ער זיך געטרייסט.

— און דו, ברודער לעבען, — האט טאראנטיעוו אנגעהויבען ווייטער צו רעדען, — דו הויב אן צו מאכען רעכענונגען וועגען וואס דיר וועט נאר איינפאלען, פאר האליז, פאר קרויט, שרייב ווי דיר ווילט זיך אליין, אזוי ווי דיין שוועסטער פירט דאך איצט אבלאמאוו'ס טיש, קאנסטו אים פארשרייבען, וואס דיר וועט נאר איינפאלען. און ווען זאטערמי יעט קומען, וועט מען אבלאמאוו'ן זאגען, אז ער האט געבראכט די שטייערען, און ... ז דאס געלט האט באטראפען פונקט אזוי פיל וויפיל עס קומט פון אים דיין שוועסטער.

— און אויב ער וועט נעמען די רעכענונגען און וועט זיי ווייזען דעם דייטש און דער דייטש וועט נעמען איבעררעכענען, דאמאלט קאן דאך...

— וואס דיר קאן איינפאלען! ער וועט זיי נעמען און פארשטעקען, אז דער טייוועל אליין וועט זיי שוין ניט קאנען געפינען. און סיי־ווי־סיי ביז וואנען דער דייטש וועט נאכאמאל קומען, וועט מען שוין אליז האבען פארגעסען.

— טאקע? — לאמיר־זשע, ברודער לעבען, אויסטרינקען צו נאך א גלעזעל, — האט איוואן מאטוועיאיטש געזאגט.

— אי, איז דאס אן אויסוואורף! אין ארענדע גאר גענומען! — האט טאראנטיעוו זיך ווייטער גענומען קאכען, — א רוסישען מענשען, מיר אדער דיר, וואלט עס קיינמאל אין קאפ ניט געקומען! אט דער דאזיגער איינפיר שמעקט מיט

## 3.

צומאָרגענס נאָך איליא איליטש'עס געבורטסטאָג, זיינען איוואַן מאַמוועיאיטש און טאַראַנטיעוו ווידער זיך צונויפגעקומען אין דער קרעטשמע.

— טיי! — האָט אומעטיג אַרויסגערעדט איוואַן מאַטוועיאיטש און ווען דער קעלנער האָט אים דערלאַנגט דעם טיי מיט אַ פלאַש ראָם, האָט ער מיט כעס אים צוריקגעשטופּט די פלאַש. — דאָס איז קיין ראָם ניט! — האָט ער געזאָגט און, אַרויסנעמענדיג פון טאַש אַ פלאַש ראָם, האָט ער זי אויפגעעפענט און געבעטען דעם קעלנער אַ שמעק געבען. — שטופּזשע זיך ניט מיט דיינעם, — האָט ער באַמערקט. — עס איז ניט גוט, ברודער לעבען! — האָט ער געזאָגט, ווען דער קעלנער איז אַוועק.

— ניט גוט! דאָס גוטע יאָר האָט אים אַהער געבראַכט! — האָט מיט כעס אַרויסגערעדט טאַראַנטיעוו. — וואָס פאַר אַ שעלמע, איז אָט דער דייטש! אָפּגעשאַפט די פולמאַכט, גענומען דאָס דאָרף אין אַרענדע. אַן אומגעהערטע געשיכטע! אַי, ווערט ער אַרומעסען דאָס שעפּעלע.

— אויב אָט דער דייטש פאַרשטעהט עפּעס, האָב איך, ברודער, מורא, אַז עס זאָל זיך ניט פאַרקאָכען אַ גאַנצע געשיכטע. אַז ער וועט געוואָר ווערען, אַז מען האָט די שטייערען צוזאַמענגעקליבען און דאָס געלט האָבען מיר באַקומען, קאָן ער אָננעבען אין געריכט נאָך...

— ביי דיר איז באַלד געריכט! אַ פייגלינג ביסטו, ברודער לעבען, געוואָרען! עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זאַטערטי לאָזט אַריין זיין האַנט אין פּריצ'ישע קעשענעס, ווייסט ער געוויס, ווי עס צו מאַכען. ער גיט דאָך זיכער ניט אַרויס די

און א גערירטער ביז טרערען האָט זיך אָבלאָמאָוו פאַר־טראַכט; זיינע אויגען זיינען געוועזן פייכט.

— ווייסטו גאָר וואָס? איך וועל איר לייגען, — האָט זיך שטאָלץ אָפּגערופען, — איך וועל איר זאָגען, אז דו לעבסט בלויז מיט דער ערדינערונג וועגען איר און אז דו זוכסט א ציל. און ווייס, אז דאָס לעבען אליין איז א ציל פאַר זיך, און ניט די פרוי: דאָס איז געוועזן אייער ביידענס טעות. אָ, ווי זי וועט זיין צופרידען.

זיי האָבען זיך געזעגענט.

שוין געהאט גוטען פאפיר, א פיינעם טינט און די האנטשריפט איז א פיינע. וואס זאגסטו דערצו?

אבלאמאוו איז רויט געווארען.

— אז מען האט געדארפט האבען, זיינען געקומען געדאנקען, און א פיינע שפראך, כאטש נעם און דרוק עס אפ אין א ראמאן. דארף מען ניט, קאן מען ניט, זעען די אויגען ניט, זיינען די הענט שוואך! דו האסט אנגעווארען נאך אין אבלאמאווקע, אין דיין יוגענט, די מעגליכקייט עפעס צו טאן. אנגעהויבען האט עס זיך מיט ניט קאנען אנטאן זאקען און געענדיגט האט עס זיך מיט ניט קאנען לעבען.

— עס קאן גאנץ מעגליך זיין, אז דאס אלץ איז אמת, אבער העלפען דערצו קאן מען שוין ניט, — האט אבלאמאוו ארויסגערעדט מיט א זיפץ.

— וואס הייסט מען קאן ניט העלפען?! — האט שטאלץ בייז געזאגט. — נארעשקייטען. דו טו נאר דאס, וואס איך הייס דיר, וועט אלץ פארבעסערט ווערען.

אבער אין דארף אריין אין שטאלץ געפארען אליין. אבלאמאוו איז געבליבען און האט אים צוגעזאגט צו קומען ארום הערבסט.

— וואס זאל איך זאגען אלגא'ן? — האט שטאלץ געפרעגט פאר'ן אפפארען.

אבלאמאוו האט טרויעריג איינגעבויגען דעם קאפ און טרויעריג געשוויגען; דערנאך האט ער א זיפץ געטאן.

— דערמאן איר ניט וועגען מיר! — האט ער ענדליך ארויסגערעדט א צוטראגענער, — זאג איר, אז דו האסט מיך ניט געזען, ניט געהערט וועגען מיר.

— זי וועט עס ניט גלויבען, — האט שטאלץ געענטפערט.

— טא זאג איר, אז איך בין פארפאלען געווארען, געשטארבען...

— זי וועט זיך פאנאנדערוויינען און מען וועט איר א לאנגע צייט ניט קאנען טרייסטען: פארוואס קומט עס איר?

— אך, דאָס לעבען! — האָט ער געזאָגט.

— וואָס, דאָס לעבען?

— עס איז אומרואיג, ניטאָ קיין רו! אָך, ווען איך זאָל קאָנען איינשלאָפען... אויף אייביג...

— דאָס הייסט, דו וואָלסט פארלאָשען דאָס פייער און געבליבען אין דער פינסטער! א וואַזשנע לעבען! אַך, איליאַ! דאָס לעבען לויפט, שווינדט, און אים ווילט זיך גאָר איינשלאָפען! אך, הלואי וואָלט דאָס לעבען געווען איין שטיק פייער! אָ. ווען מען זאָל קאָנען לעבען צוויי, דריי הונדערט יאָר! — האָט ער געענדיגט. — אָ, וויפיל מען וואָלט דעמאָלט געקאָנט אויפטאָן!

— דו, אנדרעי, ביסט עפּעס אנדעריש, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט, — דו האָסט פליגלען, דו לעבסט ניט, נאָר דו שוועבסט, דו ביסט באַגאַבט, האָסט זעלבסטליבע, דו ביסט ניט אזוי פעט ווי איך, דו האָסט ניט קיין גערשטען אויף די אויגען. דו ביסט עפּעס אין גאַנצען אנדערש געבויט...

— גענוג די נאַרעשקייטען! א מענש איז באַשאַפען געוואָרען כדי ער זאָל איינאָרדנען און אפילו איבערבייטען זיין נאַטור, און ער האָט זיך אָנגעפּאַשעט א בייכעל און מיינט, אז אין דעם איז שולדיג די נאַטור! דו האָסט אויך געהאַט פליגעל, אָבער דו האָסט זיי אָפּגעשניטען.

— וואו זיינען זיי דאָס, די פליגעל מיינע? — האָט אָבלאָמאָוו טרויעריג ארויסגערעדט. — איך קאָן גאָרנישט ניט...

— דאָס הייסט, אז דו ווילסט ניט קאָנען! — האָט אים שטאָלץ איבערגעשלאָגען. — עס איז ניטאָ קיין איין מענש אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט זיין פעהיג אויף עפּעס, ערען וואָרט, עס איז ניטאָ...

— און איך קאָן פּאָרט גאָרנישט ניט! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— ווען מען זאָל דיר גלויבען, קאָנסטו קיין פּאַפּירען ניט שרייבען, קאָנסט קיין בריף צום ווירט פון הויז ניט אויפשרייבען, אָבער צו אָלגאַ'ן האָסטו געקאָנט שרייבען? האָסט

## אבלאמאוו

געשיקט אַנדערטהאַלבען טויזענט רובל און עס וועט אים נאָך אפשר געלינגען צוזאַמענצוקלייבען היי־יאָר די שטייערען.

שטאַליץ האָט א פּאַטש געטאָן מיט די הענט, ווען ער האָט געהערט די דאָזיגע געשיכטע.

— מען האָט דיך באראַבעוועט! — האָט ער געזאָגט. — פֿון דריי טויזענט נפשות אַנדערטהאַלבען טויזענט רובל! ווער איז דיין באַפּולמעכטיגטער? וואָס איז דאָס פאר א מענש?

— איבער אַנדערטהאַלבען, — האָט אָבלאָמאָוו אים פאר־ריכט, — און פון דער כומע, וואָס ער האָט איינגענומען פאר דער תבואה האָט ער אראָפּגענומען פאר זיין ארבייט.

— וויפיל האָט ער ארונטערגענומען?

— איך געדענק ניט, אָבער איך קאָן דיר זאָגען, ווייל עס איז ערגעץ פארשריבען ביי מיר.

— דו ביסט אויף אַן אמת טויט, איליא, דו ביסט פאר־לאָרען! — האָט ער פארענדיגט. — טו זיך אָן און קום צו מיר!

אָבלאָמאָוו האָט גענומען זוכען תירוצים, אָבער שטאָליץ האָט אים כמעט איבערגעוואַלט אוועקגעפירט צו זיך, ער האָט אויפגעשריבען א פולמאַכט אויף זיין נאָמען און געמאַכט אָב־לאָמאָוו'ען זיך אונטערשרייבען. ער האָט אים ערקלערט, אז ער נעמט אָבלאָמאָווקע אין ארענדע ביז דער צייט, ווען אָב־לאָמאָוו וועט קומען אין דאָרף אריין און וועט זיך אליין צו־געוועהנען צו פארוואַלטען זיין גוט.

— דו וועסט קריגען דריי מאָל אזוי פיל, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איך וועל לאַנג דיין ארענדאַטאָר ניט זיין, איך האָב מיינע אייגענע געשעפטען. לאָמיר פאָרען אין דאָרף אריין גלייך, אָדער קום גלייך נאָך מיר. איך וועל זיין אין אָלגאַ'ס גוט: עס איז א דריי הונדערט ווערסט פון דיר, וועל איך זיך אריינכאַפּען קיין אָבלאָמאָווקע, ארויסטרייבען דיין פארוואַלטער, איינאָרדנען, און דערנאָך קום דו אליין. איך וועל שוין ניט אָפּטרעטען פון דיר.

אָבלאָמאָוו האָט א זיפץ געטאָן.

פאַר טעטיגקייט, איינאָרדנען זיך אַ גוט, האָבען צו טאָן מיט די פּויערים, פלאַנצען, בויען, דאָס קאָנסטו און דאָס דאַרפ־סטו טאָן... איך וועל פון דיר ניט אָפּטרעטען. איצט דאַרפ־סטו זיך ניט איינהערען בלויז צו דיין אייגענעם ווילען, נאָר אויך צו אַלגאָ'ס. זי וויל — דו הערסט? אַז דו זאָלסט ניט שטאַרבען אין גאַנצען, אַז דו זאָלסט זיך ניט באַגראָבען אַ לע־בעדיגען, און איך האָב איר צוגעזאָגט, אויסגראָבען דיך פון קבר...

— זי האָט מיך נאָך ניט פאַרגעסען! איך בין עס ניט ווערט! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט מיט האַרץ.

— ניין, זי האָט ניט פאַרגעסען און וועט, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט פאַרגעסען. זי איז ניט פון די פרויען, וואָס פאַר־געסען. דו וועסט נאָך דאַרפען קומען צו איר אין דאָרף אריין צו גאַסט.

— אָבער נאָר ניט איצט, ווי גאָט איז דיר ליב, ניט איצט, אַנדרעי! לאָז פאַרגעסען פריער. עס ליגט נאָך דאָ...

ער האָט אָנגעוויזען אויף זיין האַרץ.

— וואָס איז נאָך דאָרט? ליבע אפשר? — האָט אים שטאָלץ געפרעגט.

— ניין, ניט קיין ליבע, נאָר ווערטאָג, שאַנדע! — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט מיט אַ זיפץ.

— זאָל זיין אַזוי! טאָ קום צו זיך אין דאָרף אריין: דו דאַרפסט דאָך בויען. איצט איז דאָך זומער, די בעסטע צייט, לאָז זי ניט אַוועקגעהן אומזיסט...

— זי געהט ניט אַוועק אומזיסט. איך האָב אַ פאַרוואַל־טער און ער איז אַצינד אין דאָרף, און איך האָב צייט צו קומען שפּעטער, ווען איך וועל קומען אַ ביסעל צו זיך.

ער האָט זיך גענומען באַרימען פאַר שטאָלצ'ען, ווי אים איז געלונגען, ניט רירענדיג זיך פון אָרט, איינצואָרדנען אויפ'ן בעסטען אופן זיינע געשעפטען, ווי זיין פאַרוואַלטער קלייבט די ידיעות וועגען די אַנטלאָפענע פּויערים, אַז ער האָט פאַרקויפט פאַר אַ גוטען פּרייז די תבואה, אַז ער האָט אים שוין אַריינ־

# אבלאמאוו

— וואס שטערט מען דיר ניט?
— פארנעמען זיך...
— ווייסט, איליא, דא איז דאך די זעלבע אבלאמאווקע, נאר מיאוס'ער, עקעלהאפטער, — האט שטאלץ געזאגט ארומקוקענדיג זיך. — קום, לאמיר פארען אין דארף ארײן, איליא.
— יא, אין דארף ארײן בין איך גרײט צו פארען, דארט הויבט מען אן אין גיכען צו בויען, אבער ניט גלייך, לאמיך עס פריער מיר איבערלייגען.
— שוין ווידער איבערלייגען! איך ווייס ווי דו לייגסט זיך איבער, עס וועט זײן פונקט אזוי ווי מיט צוויי יאר, ווען דו האסט דיר איבערגעלייגט צו פארען קיין אויסלאנד. קומענדע וואך לאמיר פארען.
— דו ביסט גלייך מיט קומענדער וואך, — האט אבלאמאוו זיך פארטיידיגט. — דו קאנסט עס, ווייל דו האלטסט אין איין פארען, אבער איך דארף זיך צוגרייטען... איך האב דאך דא א גאנץ באלעבאטישקייט, ווי קאן איך עס אוועקווארפען מיט אמאל? איך האב דאך דארט גארנישט ניט.
— און וואס דארפסטו העז דארט האבען?
אבלאמאוו האט געשוויגען.
— דאס געזונט מיינס איז ניט אם בעסטען, אנדרעי, — האט ער געזאגט, — איך לייד פון אסטמא, די גערשטען האבען זיך ווידער גענומען ווייזען דא אויף איין, דא אויף א צווייט אויג, פון צייט צו צייט ווערען מיר די פיס געשוואלען. און עס טרעפט, אז ווען איך שלאף איין ביי נאכט, כאפ איך זיך מיט אמאל אויף, ווי עמיץ וואלט מיר א זעץ געטאן איבער דער פלייצע, אין קאפ ארײן...
— הער זיך איין, איליא, אויב דו ווילסט ניט ערנסט קראנק ווערען, מוזטו איבערבייטען דיין ארט לעבען. וועגען האפנונגען אויף דער צוקונפט, איז ניטא וואס צו רעדען: אויב אזא מלאך, אלגא, האט דיך אויף אירע פליגעל ניט אוועקגעטראגען פון אט דער בלאטע, וועל איך שוין זיכער גארנישט ניט קאנען טאן. אבער אויסקלייבען זיך א קליינעם פעלד

— זי טרויערט, זי גיסט ביטערע טרערען און שילט דיך...

שרעק, מיטגעפיל, חרטה האָבען זיך באוויזען אויף אָב־לאָמאָוו'ס פּנים, ווען שטאָלץ האָט דאָס געזאָגט.

— וואָס זאָגסטו, אנדרעי! — האָט ער געזאָגט, אויפ־שטעלענדיג זיך פון זיין פּלאַץ. — ווי גאָט איז דיר ליב, לאָז מיר די מינוט פאָרען, איך וועל צו אירע פיס פאַלען, בעטען אום אנטשולדיגונג...

— זיץ רואיג! — האָט אים שטאָלץ איבערגעשלאָגען און צולאַכט זיך, — זי איז פרעהליך, זי איז גליקליך, געהייסען דיר גריסען, געוואָלט אפילו שרייבען צו דיר, נאָר איך האָב איר אָפּגערעדט דערפון, געזאָגט איר, אז דאָס קאָן דיך נאָך אומ־רואיג מאַכען.

— געלויבט איז גאָט! — האָט אָבלאָמאָוו כמעט מיט טרערען ארויסגערעדט, — דו ווייסט גאָרנישט, אנדרעי, ווי איך בין צופרידען! ערלויב מיר דיר אַ קוש צו טאָן און לאָמיר אויסטרינקען פאַר איר געזונטהייט.

זיי האָבען אויסגעטרונקען צו באָקאַל שאַמפּאַניער.

— וואו איז זי איצט?

— זי איז איצט אין דער שווייץ. אין הערבסט וועט זי מיט דער טאַנטע קומען אין איר גוט אריין. צוליב דעם בין איך טאַקע אהער געקומען: עס איז נאָך אַלץ ניט באַזאָרגט געוואָרען. דער באַראָן האָט ניט דערענדיגט דעם פּראָצעס; אים איז גאָר איינגעפאַלען צו שדכנ'ען זיך צו אָלגאַ'ן...

— אזוי? הייסט דאָס, אז עס איז אמת... — האָט אָב־לאָמאָוו געפרעגט. — וואָס האָט זי געזאָגט דערצו?

— פאַרשטעהט זיך, וואָס: זי האָט אים אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך געפילט שלעכט און איז אוועקגעפאָרען, און איך בין געקומען פאַרענדיגען עס. קומענדע וואָך וועט שוין אַלץ זיין באַזאָרגט. און וואָס מאַכסטו? פאַרוואָס וואוינסטו אין אזא העק?

— דאָ איז רואיג, שטיל, אנדרעי, קיינער שטערט דאָ מיר נים.

## אבלאמאוו

— אַלנאַ? — האָט געזאָגט שטאַלץ, קוקענדיג אויף איס שארף.

אַבלאַמאָוו איז אויפגעשפּרונגען.

— וואָס? דו ווייסט דערפון? ... וואו איז זי אצינד?

— האָט ער געפרעגט, א קוק טוענדיג אויף שטאַלצ'ן.

ניט ענטפערענדיג, האָט שטאַלץ אַלץ ווייטער געקוקט אויף אים, ער האָט טיף ארייַנגעקוקט אין זיין נשמה.

— איך האָב געהערט, אַז זי איז אוועק מיט איר טאנטע קיין אויסלאַנד, ווי נאָר, — האָט אַבלאַמאָוו געזאָגט.

— ווי נאָר זי האָט דערזען איר טעות, — האָט שטאַלץ דערענדיגט.

— דו ווייסט עס אויך... — האָט געזאָגט אַבלאַמאָוו, ניט ווּיסענדיג, וואו זיך אהינצוטאָן.

— איך ווייס אַלץ, — האָט געזאָגט שטאַלץ, — איך ווייס אפילו וועגען צווייַגעל בעז. און דו שעמסט זיך ניט, און דיר טוט ניט וועה דאָס הארץ, איליא? ווערט דיר דיין הארץ ניט פארברענט פון חרטה?...

— רעד ניט, דערמאָן ניט! — האָט אַבלאַמאָוו אויף גיך אים איבערגעשלאָגען, — איך בין קראַנק געוואָרען, ווען איך האָב דערזען, וואָס פאַר א תהום עס ליגט צווישען מיר און איר, ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך בין זי ניט ווערט... אַך, אַנדרעי! אויב דו האָסט מיך ליב, טאָ מאַטער מיך ניט, דערמאָן מיר ניט וועגען איר... איך האָב איר שוין לאַנג גע־האַט אָנגעוויזען אויף איר טעות, אָבער זי האָט ניט געוואָלט גלויבען... גלויב מיר, איך בין ניט אינגאַנצען שולדיג אין דעם אַלעם...

— איך באַשולדיג דיך ניט, איליא, — האָט שטאַלץ פריינדליך און צערטליך אַרויסגערעדט, — איך האָב געלעזען דיין בריף. מער פון אַלעמען בין איך שולדיג, דערנאָך זי און ערשט דערנאָך א ביסעל דו.

— ווי פילט זי זיך איצט? — האָט אַבלאַמאָוו ציטערענ־דיג געפרעגט.

צו באזארגען פארשיידענע געשעפטען, געדארפט זיין אין דארף, דערנאך אין קיעוו, און נאך אין איינעגע פלעצער.

ביים טיש האט שטאליץ גערעדט ווייניג און געגעסען א סך. עס איז געווען קלאר, אז ער איז טאקע געוועו הונגעריג. די איבריגע געסט האבען שוין פון לאנג געגעסען שווייגענדיגער־הייט.

נאכ'ן עסען, ווען מען האט געהאט אלץ ראפגענומען פון טיש, האט אבלאמאוו געהייסען איבערלאזען אין דער אלטאנע דעם שאמפאניער און דאס סעלצער וואסער און איז געבליבען אליין מיט שטאלצ'ען.

זיי האבען א געוויסע צייט געשוויגען. א לאנגע צייט האט שטאליץ אויפמערקזאם באטראכט אבלאמאוו'ן.

נו, איליא? — האט ער ענדליך ארויסגערעדט, אבער אזוי שטרענג, אז אבלאמאוו האט ארונטערגעלאזען דעם קאפ און געשוויגען.

— הייסט דאס, אז „קיינמאל ניט״?

— וואס „קיינמאל ניט״? — האט איבערגעפרעגט אבלאמאוו, אזוי ווי ער וואלט ניט פארשטאנען.

— איך זע, אז דו האסט שוין פארגעסען: „איצט, אבער קיינמאל ניט!״

— איך בין שוין איצט ניט אזא... וואס דאמאלט, אנדרעי, — האט אבלאמאוו ענדליך ארויסגערעדט, — מיינע געשעפטען זיינען איצט אין דער בעסטער ארדענונג, איך פארברענג שוין מער ניט די צייט אויף גארנישט, דער פלאן איז שוין כמעט פארטיג, איך האב זיך אבאנירט אויף צוויי זשורנאלען, די ביכער, וואס דו האסט מיר איבערגעלאזען, האב איך שוין כמעט אלע איבערגעלעזען...

— ווארום ביסטו ניט געקומען קיין אויסלאנד? — האט שטאליץ אים געפרעגט.

— קיין אויסלאנד האט מיר געשטערט צו קומען... אים האט פארפעלט אטעם.

געפרעגט אויף אָבלאָמאָוו'ן. אַלע מיילער האָבען זיך צועפענט.

— דאָס האָט געוויס איינער פון מיינע פאַריעריגע באַ־קאַנטע דערמאַנט זיך אָן מיין געבורטסטאָג, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, — זאָג, אַז איך בין אין דער היים ניטאָ! — האָט ער אין דער שטיל אַ געשריי געטאָן זאכאר'ן.

זיי האָבען געגעסען אין גאָרטען, אין אַן אלטאנע. זאכאר האָט זיך אַ לאָז געטאָן אָפּזאָגען יענעם און האָט זיך צוזאמענ־געטראָפען אויפ'ן וועג מיט שטאָלצ'ען.

— אנדרעי איוואניטש! — האָט ער פריידיג ארויסגע־ברומט.

— אנדרעי! — האָט אָבלאָמאָוו אַ געשריי געטאָן אויפ'ן קול און ארומגענומען אים.

— פונקט אין צייט בין איך געקומען, פונקט צום מי־טאָג! — האָט שטאָלץ געזאָגט, — גיב מיר צו עסען, איך בין הונגעריג! קוים מיט צרות דיך אויפגעזוכט!

— קום, קום, זעץ זיך! — האָט צוטומעלט ארויסגערעדט אָבלאָמאָוו, זעצענדיג אים לעבען זיך.

ווי נאָר שטאָלץ האָט זיך באוויזען, איז טאראנטיעוו דער ערשטער פארשוואונדען פון טיש און גלייך נאָך אים איז פאר־שוואונדען איוואן מאטוועיאיטש. די באַלעבאָסטע האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון אָרט.

— איך האָב אייך געשטערט, — האָט שטאָלץ געזאָגט, אויפשפּרינגענדיג.

— וואו אנטלויפט איר? איוואן מאטוועיאיטש! מיכעי אנדרעיאיטש! — האָט אָבלאָמאָוו געשריען.

די באַלעבאָסטע האָט ער צוריקגעזעצט אויף איר פּלאַץ, אָבער איוואן מאטוועיאיטש'ען און טאראנטיעוו'ן איז אים ניט געלונגען צוריקצורופען.

— פון וואנען קומסטו? ווי לאנג פארבלייבסטו דאָ? — האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען פראגען.

שטאָלץ איז געקומען אויף צוויי וואָכען. ער האָט געהאט

טאַראַנטיעוו'ן, וואָס איז געזעסעןביים סוף פון טיש, האָט ער אין גאַנצען ניט דערלאַנגט קיין עסען, אָדער ער פלעגט יאָ אַ וואָרף טאָן אים אין טעלער וואָס ניט איז.

עס זיינען געווען פאַרזאַמעלט איוואַן מאַטוועיאַיטש'עס אַלע דינסטגענאָסען, אַ מאָן דרייסיג.

אַ גרויסער פאָרעל, געפילטע הינדלאַך, וואַכטלען, געפרוירענס און אויסגעצייכענטער וויין, דאָס אַלץ האָט מיט ווירדע באַשיינט דעם יום טוב.

צום סוף האָבען די געסט זיך אַרומגענומען, געלויבט אין הימעל אַריין דעם געשמאַק פון באַלעבאָס און גענומען זיך צו די קאָרטען.

ווען די געסט האָבען זיך גענומען פאַנאַנדערגעהן, האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען. ווידער האָט די פריערדיגע שטילקייט באַהערשט דאָס הויז ביז עס איז אָנגעקומען דער טאָג פון אָבּלאָמאָוו'ס געבורטסטאָג.

און אין דעם טאָג איז פון זייטיגע מענשען געווען בלויז איין איוואַן געראַסימאָוויטש און אַלעקסעיעוו, וועלכער האָט אין אָנפאַנג פון אונזער ערצעהלונג גערופען איליא איליטש קיין עקאַטערינהאָף. ער איז געווען אַ שווייגענדיגער גאַסט. אָבּלאָמאָוו האָט ניט נאָר ניט געוואָלט אָפּשטעהן פון איוואַן מאַטוועיאַיטש'ען, נאָר ער האָט זיך נאָך געמיט אים איבערצושטייגען.

שטאָט אַ פעטען פּיראָג, ווי אין איוואַן מאַטוועיאַיטש'עס געבורטסטאָג, האָבען זיך באַוויזען קליינע פּיראָגען אָנגעפילט מיט לופט; פאַר'ן סוף האָט מען דערלאַנגט אויסטערען, הינדלאַך, זיסע פלייִשען, ענגלישען סוף און די פיינסטע גרינצייג.

מען האָט זיך געהאַט נאָר וואָס גענומען פאַר'ן סוף; טאַראַנטיעוו האָט נאָר וואָס געהאַט אָנגעזידעלט די פּיראָגען און דעם קוכאַר פאַר דעם נאַרישען איינפאַל גאָרנישט אַריינצולייגען אין זיי, ווי דער הונט האָט גענומען שוידערליך בילען און זיך רייסען פון דער קייט.

אין הויף איז אַריינגעפאָרען אַן עקיפּאַזש און עמיץ האָט

.2

פייערליך איז פאַרביי דער יאָהאַנעסטאָג. איוואַן מאַט־
וועיאיטש איז שוין מיט אַ טאָג פריער ניט געגאַנגען צו זיין
באַשעפטיגונג, אַרומגעלאָפען איבער דער שטאָדט און אַלע ווײַ־
לע געבראַכט עפּעס צושלעפּען.

און שוין דריי טעג ווי אַגאַפּיאַ מאַטוועיעוונאַ לעבט נאָ־
אויף קאָפּע, בלויז פאַר איליאַ איליטש'ן האָט מען צוגעגרייט אַ
פּאָר געריכטען, די איבעריגע זיינען אויסגעקומען מיט וואָס ניט
איז.

די לעצטע נאַכט פאַר יאָהאַנעסטאָג, פאַר איר ברודער'ס
געבורטסטאָג, האָט זי זיך אין גאַנצען ניט געלייגט שלאָפען.
בלויז איין זאַכאַר איז זיך אויסגעשלאָפען פאַר זיך, פאַר איר
און האָט אויף די אַלע צוגרייטונגען געקוקט פון אויבען אַראָפּ,
מיט פאַראַכטונג.

— ביי אונז, אין אָבלאָמאָווקע, — האָט ער געזאָגט צו
די צוויי קוכאַרס, וואָס מען האָט גענומען פון דעם גראַף'ס
קיך, — האָט מען אויף יעדען יום טוב צוגעגרייט אַזויפיל, אַז
די פּריצים האָבען אַ גאַנצען טאָג געגעסען, און צומאָרגענס
האָבען זיי געגעסען. וואָס עס איז פון זיי איבערגעבליבען האָ־
בען מיר געהאַט אויף פינף טאָג. און קוים האָבען מיר געהאַט
געענדיגט — אַהאַ, ווידער געסט, און דאָ איז עס בלויז איינ־
מאָל אַ יאָר!

ביים טיש האָט ער דערלאַנגט צום ערשטען אָבלאָמאָוו'ן
און אין קיין פאַל ניט געוואָלט דערלאַנגען פריער עפּעס אַ הערן
מיט אַ גרויסען קרייץ אויפ'ן האַלז.

— אונזערער איז דאָך אַ פּריץ פון דור דורות! — האָט
ער געזאָגט. — און ווער זיינען דאָס!

פּאָלע פון שלאָפראָק אין דער האנט, — עפּעס אַ פּעטער פלעק.

— זי האָט אַ שמעק געטאָן דעם פלעק. — האָט ניט ארויסגע־טריפט פון לעמפּעל קיין קעראָסין אויף אייער שלאָפראָק?

— איך ווייס ניט וואו איך האָב אים פאַרשמירט.

— איך ווייס שוין! — האָט זיך אגאַפיא מאַטוועיעוונאַ מיטאמאָל אָנגעשטויסען. — דאָס קומט פון דער טיר. נעכטען האָבען מיר אויסגעשמירט די ענגעל, ווייל זיי האָבען געסקריפּעט. מוט עס שוין אויס, וועל איך עס איינוואַשען, מאָרגען וועט מען שוין גאָרנישט ניט באמערקען.

— טייערע אגאַפיא מאַטוועיעוונא! — האָט געזאָגט אָב־לאָמאָוו, ארונטערוואַרפענדיג אָן חשק פון דער פּלייצע דעם שלאָפראָק. — ווייסט איר גאָר וואָס? קומט מיט מיר אין דאָרף אריין. דאָרט איז אַ באַלעבאַטישקייט! פון קיין שום זאַך וועט דאָרט ניט פעלען!

— ניין, צו וואָס? — האָט זי געענטפערט מיט אַ זיפץ. — דאָ בין איך געבאָרען, דאָ לעב איך און דאָ וועל איך שוין שטאַרבען.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ לייכטער אויפרעגונג, אָבער די אויגען האָבען ביי אים ניט געגלאַנצט, האָבען זיך ניט אָנגעפילט מיט טרערען, זיין גייסט האָט זיך ניט געריסען צו העלדען־טאַטען, אין דער הויך. אים האָט זיך בלויז געוואָלט זעצען זיך אויף דער סאָפע און ניט ארונטערנעמען די אויגען פון אירע עלענבויגענס.

— איך שטוים צימערינג, —האָט זי גענטפערט, אריינ־קוקענדיג אין דעם שטויסעל, ווי עס וואָלט געווען א תהום, און קלאפענדיג אומ'רחמנות'דיג ווייטער.

— און אויב איך וועל אייך שטערען? — האָט ער גע־זאָגט אָננעמענדיג זי פאר די עלענבויגענס און ניט לאָזענדיג זי ווייטער קלאפען.

— לאָזט צו רו!

ער האָט זי אלץ געהאלטען פאר די עלענבויגענס און זיין פנים איז געווען ביי איר נאקען.

— זאָגט, וואָס וואָלט זיין, ווען איך זאָל זיך אין אייך... פארליבען?

זי האָט א שמייכעל געטאָן.

— וואָלט איר מיך ליב געהאט? — האָט אָבלאָמאָוו זי ווייטער געפרעגט.

— פארוואָס זאָל איך אייך ניט ליב האָבען? גאָט האָט געהייסען אלעמען ליב האָבען.

— און אז איך וועל אייך א קוש געבען? — האָט ער א מורמעל געטאָן, צובויגענדיג זיך צו איר באק, אז זיין אָטעם האָט איר א ברי געטאָן.

— איצט איז דאָך ניט די פאסכא, — האָט זי מיט א שמייכעל געזאָגט.

— גיט מיר א קוש!

— אז גאָט וועט געבען און מיר וועלען דערלעבען פאסכא, וועלען מיר זיך צוקושען, — האָט זי געזאָגט, ניט ווערענדיג פארוואונדערט, ניט פילענדיג זיך פארלאָרען, ניט ציטערענדיג נאָר שטעהענדיג גלייך, ווי א פערד ווען מען שפאנט אים. אָב־לאָמאָוו האָט איר א לייכטען קוש געטאָן אין האלז.

— גיט אכט, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל נאָך פאר־שיטען די צימערינג, וועט איר ניט האָבען פאר אייער געבעקס.

— אויך קיין אומגליק ניט! — האָט ער געענטפערט.

— וואָס איז דאָס, וואָס אייער שלאָפראָק איז ווידער אין פלעקען? — האָט זי באזאָרגט ארויסגערעדט, נעמענדיג די

גוט, אים פעלט גאָרנישט, ער בענקט נאָך גאָרנישט נים, אזוי ווי ער וואָלט ניט געדאַרפט האָבען מער פון דעם, וואָס ער האָט דאָ געהאט.

עס האָט געמאכט דעם איינדרוק ווי אַן אומזעבאַרע האַנט וואָלט אים דאָ פאַרזעצט, ווי מען פאַרזעצט אַ טייער געוויקס, אין שאָטען, ווייט פון פייער, אונטער אַ דאַך, וואָס היט אים אָפּ פון רעגען, און מ'געהט אַרום אַרום אים, מ'גיט אַכט אויף אים.

— וואָס טראָגט זיך די נאָדעל אזוי גיך פאַרביי אייער נאָז, אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונא, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, — אַז אָפּטמאָל האָב איך מורא, אַז איר זאָלט זיך ניט צונעהמען די נאָז צום קליידעל.

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— ווי נאָר איך וועל ענדיגען דעם נאָט, — האָט זי אזוי ווי צו זיך געזאָגט, — וועלען מיר עסען אָוונט ברויט.

— און וואָס האָבען מיר היינט פאַר אָוונטברויט ? — האָט ער געפרעגט.

— זויערע קרויט מיט לאַקס, — האָט זי געזאָגט. — דערצו קאַלבסט־פלייש און געדעמפּטע קאַשע.

— גרויסאַרטיג ! — האָט ער געזאָגט.

זי האָט געענדיגט נעהען, אָפּגעביסען דעם פאָדעם, פאַר־וויקעלט די אַרבייט און אַוועקגעטראָגען אין שלאָפצימער אַריין.

אָט אזוי האָט ער זיך דערנעהענטערט צו איר, ווי מען דערנעהענטערט זיך צו אַ וואַרעמען פייער, און איינמאָל האָט ער זיך דערנענטערט זער נאָענט, כמעט צום פלאַם.

ער האָט געשפּאַנט אין זיין צימער, און אַריינקוקענדיג דורך דער טיר צו דער באַלעבאָסטע האָט ער געזען ווי די עלענ־בויגענס באַוועגען זיך זער גיך.

— איר זייט שטענדיג פאַרנומען ! — האָט ער געזאָגט, אַריינגעהענדיג צו דער באַלעבאָסטע. — וואָס טוט איר אזוינס ?

עס ניט לאַנג צוריק געווען און וואָס האָט אים אַריינגעוואָרפן אין היץ בלויז די עראינערונג דערפון.

ער האָט זיך דערנענטערט צו אַגאַפיאַ מאַטוועיעווגאַ'ן, ווי ער וואָלט זיך דערנעענטערט צו פייער, וואָס מאַכט וואַרעמער און וואַרעמער, אָבער וואָס מען קאָן ניט ליב האָבן.

ער איז מיט פאַרגעניגען געבליבן אין איר צימער נאָכ'ן מיטאָג און גערויכערט זיך אַ לולקע, געקוקט ווי זי האָט אַריינגעלייגט אין בופעט דאָס געפעס און דאָס זילבערוואַרג, ווי זי האָט אָנגענאָמען קאָפע, ווי זי האָט באַזונדערס ריין געוואַשען איין טאַסע, אָנגעגאָסן זי פריער פאַר די אַנדערע, דערלאַנגט זי אים און געקוקט צי ער איז צופרידען.

ער האָט מיט פאַרגעניגען אָנגעשטעלט די בליקן אויף איר פולען האַלז, אויף די רונדע עלנבויגענס, ווען עס האָט זיך געעפענט די טיר צו איר צימער, און דאַמאָלט, ווען זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט ניט געעפענט אַליין, האָט ער זי געעפענט מיט'ן פוס און געוויצעלט זיך מיט דער באַלעבאָסטע, געשפּילט זיך מיט די קינדער.

אָבער עס איז אים ניט געווען לאַנגווייליג, אויב דער אין־דער־פרי איז פאַרביי און ער האָט זי ניט געזען; נאָך מיטאָג איז ער, שטאָט צו בלייבן מיט איר, זיך נאָר צוגעלייגט אויף אַ צוויי שעה; אָבער ער האָט געוואוסט, אַז ווי נאָר ער וועט זיך אויפהויבן, וועט שוין זיין פאַרטיג טיי, וועט זיין פאַרטיג אין דער זעלבער מינוט וואָס ער וועט זיך אויפהויבן.

און דאָס וויכטיגסטע איז דאָס, וואָס אַלץ איז געשען אַזוי געמיטליך, רואיג: אים איז קיינמאָל ניט באַפאַלען קיין אומרואיגקייט צי ער וועט היינט זען די באַלעבאָסטע צי ניט, וואָס וועט זי טראַכטען, וואָס זאָל ער איר ענטפערען אויף אירע פראַגען, ווי וועט זי אַ קוק טאָן אויף אים.

ער האָט ניט איבערלעבט קיין בענקשאַפט, קיין שלאָפלאָזע נעכט, קיין ביטערע טרערען. ער זיצט זיך און רויכערט און קוקט ווי זי נעהט, אַמאָל וואַרפט ער אַריין אַ וואָרט און אַמאָל זאָגט ער נאַרנישט, אָבער ער פילט זיך אַזוי רואיג, אַזוי

אין אירע זיך אייביג באַוועגענדע עלענבויגענס, אין אירע אויגען, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט פאַרזאָרגטערהייט אויף אַלץ, אין איר שטענדיגען באַוועגען זיך, אין איר קלאָר זיין אין יעדער הויזליכער און ווירטשאַפטליכער באַוועמליכקייט, האָט ער געזען דעם פאַרקערפּערטען אידעאַל פון אַרויאיג לעבען, א לעבען, וואס ער האָט עס איינגעזאַפּט אין זיך נאָך אין דער היים, אין פאָטערס הויז.

אַזוי ווי אין דער היים זיין פאָטער, זיין זיידע, די קינדער, די איינִיקלאַך און געסט זיינען זיך געזעסען אָדער געלעגען אין א פוילער רו, וויסענדיג, אַז אַרום זיי אין הויז איז דאָ אַן אויג, וואָס גיט אַכט אויף זיי, הענט, וואָס ווייסען ניט פון רו, וואָס וועלען זיי באַנעהען, געבען אַפּצועסען, אָנטאָן און אויסטאָן און לייגען אין בעט אַריין, און ווען זיי וועלען שטאַרבען וועלען זיי פאַרמאַכען זיי די אויגען, פּונקט אַזוי האָט אָבלאָמאָוו, זיצענדיג דאָ אומבאַוועגליך אויף דער סאָפע, געזען, אַז עס דרעהט זיך אַרום עפּעס לעבעדיגעס און גיכעס פון זיין נוצען וועגען, און, אַז מעג מאָרגען די זון ניט אויפגעהן, מעגען שטורעמס וועהען פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען, אָבער די סופּ און דאָס געבראָטענס וועט זיין פאַרטיג, זיין וועש וועט זיין ריין און פריש, דאָס שפּינוועבס וועט זיין אַרונטערגענומען פון די ווענט און ער וועט אפילו ניט וויסען ווי אַזוי עס איז געטאָן געוואָרען; ער וועט זיך פוילען צו טראַכטען וואָס וויל ער אייגענטליך, אָבער עס וועט גלייך באַוואוסט ווערען און עס וועט אים דערלאַנגט ווערען. און דערלאַנגט וועט עס אים ווערען ניט מיט פוילקייט, ניט מיט גראָבקייט, ניט מיט זאַכאַר׳ס הענט, נאָר מיט א פריינדליכען און מוטיגען בליק, מיט א שמייכעל פון טיפער איבערגעבענהייט, מיט ריינע הענט און נאַקעטע עלענבויגענס.

און וואָס א טאָג איז ער אַלץ פריינדליכער געוואָרען מיט דער באַלעבאָסטע. וועגען פאַרליבען זיך אין איר איז אים אפילו אויפ׳ן זינען ניט געקומען, פאַרליבען זיך, ווי ער איז

באַסטע און וואס פאר א זיג ער האָט אָפּגעהאַלטען אויף איר הארץ.

אין איר זאָרג וועגען זיין טיש, זיין וועש, זיינע צימערען האָט ער בלויז געזען די הויפּט־שטריכען פון איר כאראקטער, וואָס ער האָט שוין געהאט באמערקט אין איר ביי זיין ערשטען באזוך דאָ, ווען אַקולינאַ האָט פּלוצים אריינגעבראכט אין צימער אריין א האָן, און ניט קוקענדיג אויף דער באלעבאַסטעס אומצופרידענהייט מיט אַקולינאַ'ס אויפפיר, האָט זי דאָך באוויזען איר צו זאָגען, אז ניט דעם, נאָר דעם צווייטען האָן זאָל זי פארקויפען.

אגאפיא מאַטוועיעוונא האָט ניט נאָר ניט געקאָנט קאָקעטירען מיט אָבלאָמאָוו'ן, ווייזען אים אויף וועלכען עס איז וועג, וואָס עס קומט פאָר מיט איר, נאָר זי האָט, ווי געזאָגט, עס אפילו ניט רעכט באגריפען, זי האָט שוין אפילו געהאט פארגעסען, אז מיט א צייט צוריק פלעגט דאָס מיט איר קיינמאָל ניט פּאסירען, און איר גאנצע ליבע האָט זיך אויסגעדריקט בלויז אין איר אומגעהייערער איבערגעבענהייט.

אָבלאָמאָוו איז ניט קלאָר געווען דער אמת'ער כאראקטער פון אירע באציאונגען צו אים, און ער האָט עס אָנגענומען פאר איר נאטור. און דאָס געפיל פון דער אלמנה פשעניצין, אזא נאטירליך און ריין געפיל איז געבליבען א סוד פאר אבלאָמאָוו'ן, פאר די מענשען, וואָס האָבען זי ארומגערינגעלט און פאר איר אליין.

און עס איז באמת געווען אן אומאייגעננוציג געפיל, וואָרים, ווען זי האָט געשטעלט א ליכטעל פאר אים אין דער קירך, איז עס געווען בלויז פאר זיין געזונטהייט און ער איז קיינמאָל דערפון ניט געוואר געווארען. זי האָט קיינמאָל שפּעטער ניט דערמאָנט, ניט גערעדט וועגען דעם, אז זי איז געזעסען די נעכט ביי זיין בעט און ערשט אוועקגעגאנגען באגינען.

זיינע באציאונגען צו איר זיינען געווען פיל פשוט'ער:

איר ברודער — זיי ציטירען ניט, זיינען ניט רויט, נאָר ווייס, קליין. און זעצט ער זיך, און לייגט ער אריבער איין פוס איבער'ן צווייטען, שפּארט אָן דעם קאָפּ מיט דער האנט, טוט ער עס אזוי פריי, רואיג, שעהן; ער רעדט אזוי, ווי עס רעדט ניט איר ברודער, ווי עס רעדט ניט טאראנטיעוו, ווי עס האָט ניט גערעדט איר פארשטאָרבענער מאן. פילע האנדלונגען זיינע פארשטעהט זי ניט, נאָר זי פילט, אז עס איז שעהן, קלוג, אומגעווענליך; אפילו דאָס, וואָס זי פארשטעהט פון זיינע רייד, רעדט ער אויך אנדערש פון אנדערע מענשען.

וועש טראָגט ער דינע, בייט אלע טאָג, וואשט זיך מיט שמעקעדיגען זייף, פוצט זיך די נעגעל. און אין גאנצען איז ער אזא ריינער, אזא גוטער, ער איז אין די לאַגע גארניט צו טאָן, און ער טוט טאָקע גארנישט, אנדערע טוען פאר אים: ער האָט זיך זיין זאכאר און נאָך דריי הונדערט זאכארס!

ער איז א פּריץ, ער לויכט, גלאנצט! דערצו איז ער אזא גוטער: ווי איידעל ער געהט, ווי איידעל זיינען זיינע באוועגונגען, רירט ער זיך צו צו דער האנט, איז עס אזוי ווי עס וואָלט געווען סאמעט, און האָט זיך צוגערירט מיט דער האנט אמאָל איר מאן, איר יעדער ריר געווען ווי א קלאפּ. א זעץ! און ער רעדט און ער קוקט אזוי ווייך, מיט אזויפיל גוטסקייט...

זי האָט ניט געטראכט וועגען דעם, זי איז אין דעם ניט קלאָר געווען, נאָר אויב עמיצען וואָלט איינגעפאלען צו ער־קלערען דעם איינדרוק, וואָס אויף איר נשמה האָט געמאכט אָבלאָמאָוו, וואָלט ער געמוזט אזוי ערקלערען און ניט אנדערש.

איליא איליטש האָט געוואוסט די ווירקונג וואָס ער האָט ארייגעבראכט אין אָט דעם ווינקעל, אָנהויבענדיג פון איוואן מאַטוועיאיטש'ען און ענדיגענדיג מיט'ן הונט, וואָס האָט, זייט ער איז אהער געקומען, אָנגעהויבען באקומען דריי מאָל אזויפיל ביינער, אָבער ער האָט גאָר קיין אנונג ניט געהאט וואָס פאר א טיפע ווירקונג ער האָט געהאט אויף דער באלע־

**פּ**אַראַנטוואָרטליך געפיל, וואָס באַפאַלט דעם מענטשן, ווי אַ קראַנקהייט, האָט זי אָבער דאָך אירע אורזאַכן און געזעצן, און אויב ביז איצט זיינען זיי ווייניג אויסגעפאָרשט געוואָרן, איז דאָס דערפאַר, וואָס דער מענטש, וואָס ווערט באַפאַלן פון דער ליבע, האָט בילכערע דגות, ווי פאַרנעמען זיך מיט שטודירען, ווי אַזוי האָט דאָס דאָזיגע געפיל זיך אַריינגעגנב׳עט אין זיין האַרצען, ווי אַזוי עס באַהערשט, ווי דער שלאָף, די געפילען, פון וואָס פאַר אַ מאָמענט עס הויבט אָן דער פּולס, און גלייך נאָך אים דאָס האַרץ שטאַרק צו קלאַפּען, ווי עס וואַקסט פּלוצים אויף אַ געפיל מקרב צו זיין זיך, ווי ביסלעכווייז נעמט פאַרשווינדען דער אייגענער איך און געהט איבער אין אים אָדער אין איר, ווי דער שכל ווערט מיטאַמאָל אויסערגעוועהנליך טעמפּ, אָדער שאַרף, ווי דיין ווילען פאַרלאָזט דיך, ווי עס הויבט זיך אָן צו בויגען דער קאָפּ, ציטערען די קני, ווי עס באַווייזען זיך טרערען, פיבער...

אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ האָט פריער געזען ווייניג אַזוינע מענשען ווי אָבלאָמאָוו, און אויב זי האָט שוין יאָ אַמאָל געזען, איז עס געווען פון דער ווייטען. מעגליך, אַז זיי זיינען איר געפעלען געוואָרען, אָבער זיי האָבען געלעבט אין אַ צווייטער, ניט אין איר קרייז, און זי האָט ניט געהאַט קיין שום מעגליכקייט נאָענט צו ווערען מיט זיי.

איליאַ איליטש איז ניט געגאַנגען אַזוי ווי עס איז געגאַנגען איר פאַרשטאָרבענער מאַן, דער קאָלעגיען־סעקרעטאַר פּשעניצין, וואָס איז כמעט ווי געלאָפען, ער האַלט ניט אין איין שרייבען קיין פּאַפּירען, ער ציטערט ניט פאַר שרעק, אַז אָט־אָט פאַרשפּעטיגט ער, ער קוקט ניט אויף יעדען און אַלעמען אַזוי ווי ער וואָלט געבעטען, אַז מען זאָל אים איינשפּאַנען און רייטען אויף אים, נאָר ער קוקט פריי און שטאָלץ, ווי ער וואָלט געפאָדערט אונטערטעניגקייט צו זיך.

זיין פּנים איז ניט גראָב, ניט רויטליך, נאָר בלייך, איידעל; זיינע הענט זיינען ניט ענליך אויף די הענט פון

גלויבען, נים פארטראַכטענדיג זיך וואָס עס שטעלט אייגענטליך מיט זיך פאָר, נאָר בלינד זיך אונטערוואַרפענדיג אונטער אלע זיינע געזעצען.

עס איז אזוי ווי אליין געקומען פון זיך, אָן איר הילף, און זי האָט ליב געקראָגען אָבלאָמאָוו'ן פּשוט, נאַטירליך, פּונקט ווי זי וואָלט זיך פארקילט און באַקומען אַן אומהיילבארע קראַנקהייט.

און זי האָט עס אליין ניט פארדעכטיגט: ווען מען זאָל דאָס איר זאָגען, וואָלט עס געווען פאר איר א נייס, — זי וואָלט אַ שמייכעל געטאָן און פארשעמט זיך.

זי האָט זיך אויסגעלערענט די פּיזיאָנאָמיע פון זיין יעדער העמד, געוואוסט וועלכער זאָק זיינער האָט אַ לעכעל, געוואוסט מיט וועלכען פוס ער קריכט ארויס פון בעט, זי האָט באַ־מערקט, ווען עס האָט זיך אים געקליבען א גערשטען אויפ'ן אויג, וואָס פאר א מאכלים ער האָט אם ליבסטען און וויפיל ער קאָן עסען פון זיי; זי האָט באמערקט צי ער איז פרעהליך אָדער טרויעריג, צי ער איז א סך געשלאָפען אָדער ניט, און געטאָן האָט זי עס אזוי, ווי זי וואָלט עס געטאָן דאָס גאַנצע לעבען, און זי האָט זיך ניט געפרעגט: צו וואס? וואס גע־הערט זיך מיר אָן אָבלאָמאָוו? וואָס טומעל איך זיך אַזוי ארום אים?

ווען מען זאָל זי פרעגען צי זי האָט ליב אָבלאָמאָוו'ן, וואָלט זי ווידער א שמייכעל געטאָן און באַשטעטיגט, אָבער זי וואָלט דאָך פּונקט אזוי געענטפערט, ווען מען וואָלט עס זי געפרעגט אין דער ערשטער וואָך, ווען אָבלאָמאָוו האָט זיך אריינגעקליבען צו איר.

וואָס איז די אורזאך, פארוואָס האָט זי אים אייגענטליך ליב געקראָגען מיטאמאָל? פארוואָס האָט זי אָן ליבע חתונה געהאַט, אָן ליבע אָפּגעלעבט זיך ביז א דרייסיג יאָר, און דאָ מיטאמאָל איז עס אויף איר אָנגעפאלען?

כאָטש די ליבע ווערט אָנגערופען אַ קאפּריז, אָן אומ־

איז זי אפגעפאלען, פארוואס איז אויף איר ארויפגעפאלען אזא קאלטקייט, אזא אפאטיע צו אלץ? זי מאלט קאפע און ווייסט ניט וואס זי טוט, אדער זי לייגט אן אזויפיל ציקאריע, אז מען קען די קאפע ניט טרינקען, זי פילט קיין טעם ניט, ווי זי וואלט אין גאנצען קיין צונג ניט געהאט; דערקאכט ניט אמאל אקולינא די פיש, אז איר ברודער ווערט בייז און געהט אוועק פון טיש, זיצט זי זיך ווייטער, ווי זי וואלט גארנישט ניט באמערקט.

פריער האט קיינמאל ניט פאסירט, אז עמיץ זאל זי טרעפען אמאל א פארטראכטע, און איר פאסט גארנישט צו זיין פארטראכט. זי פלעגט שטענדיג ארומגעהן, באוועגען זיך, צו אלעם קוקט זי זיך איין און זי זעט אלץ, וואס קומט פאר ארום איר, און מיטאמאל, ווערט זי ווי פארשלאפען, דרעהט זיך ארום ווי אין חלום.

אבער ווי נאר אבלאמאוו איז לעבעדיגער געווארען, ווי נאר עס האט זיך צוריק באוויזען דער שמייכעל אויף זיין פנים, ווי נאר ער האט אנגעהויבען צו קוקען אויף איר, און ווי אין די אלטע צייטען פריינדליך אריינקומען צו איר, שפאסען מיט איר, איז זי גלייך פולער געווארען, די ארבייט האט ווידער גענומען ברענען אונטער אירע הענט.

בכלל האט דאס באלעבאטישקייט געקראגען ביי איר א נייעם זין, א נייעם ציל: די רו און די באקוועמליכקייט פון איליא איליטש. פריער האט זי אין דער באלעבאטישקייט געזען א פליכט און איצט — פארגעניגען.

אבער זי האט ניט געוואוסט וואס עס קומט מיט איר פאר, זי האט זיך קיינמאל ניט געשטעלט קיין פראגען, נאר זי האט אנגענומען דעם דאזיגען זיסען יאך אן וועלכע עס איז טענות, אן וועלכער עס איז אויפרעגונג און שרעק, אן ציטער־נישען, אן ליידענשאפט, אן געהיימניספולע פארגעפילען, אן דעם שפיל און מוזיק פון די נערווען.

זי האט זיך געפילט אזוי ווי זי וואלט מיט אמאל איבער־געגאנגען אין א נייע גלויבען און גענומען האלטען פון דעם

לענער, עפענט דעם לופטשיק און הערט זיך איין, צי עס איז ניט אמאל ער.

אויב מען קלאפט אן אין טויער, ווארפט זי ארויף אויף זיך א קליידעל און לויפט אין דער קיך אריין, דארט נעמט זי טרייסלען זאכאר׳ן און אניסיא׳ן און שיקט זיי עפענען דעם טויער.

מען קען אפשר זאגען, אז אין דעם האט זיך ארויסגעוויזען די געוויסענהאפטע באלעבאסטע, וואס וויל ניט, אז אין איר הויז זאל זיין אן אומארדנונג, אז איר שכן, זאל ווארטען ביי נאכט אויף דער גאס ביז דער שכור׳ער דווארניק וועט דערהערען און וועט אים עפענען, און דערצו קאן נאך א לאנג קלאפען אויפוועקען די קינדער.

מעגליך. אבער פארוואס, ווען אבלאמאוו איז קראנק געווארען האט זי קיינעם ניט אריינגעלאזען צו אים אין צימער אריין, און זי איז אין כעס געווארען — זי, אזא גוטע און מילדע — ווען אירם א קינד האט א געשריי געטאן, אדער צו־לאכט זיך אויפ׳ן קול?

און פארוואס איז זי גאנצע נעכט, מורא האבענדיג זיך צו פארלאזען אויף זאכאר׳ן אדער אניסיא׳ן, אפגעזעסען לעבען זיין בעט ביז אין דער פרי און פון דארט אוועק אין דער קירך און אויף די קני געבעטען פאר אים? פון דארט איז זי אוועק אין מארק אריין און מיט שרעק האט זי זיך אומגעקערט אהיים און עפענענדיג די טיר, האט זי געפרעגט אניסיא׳ן שעפ־טשענדיג:

— נו?

מען וועט זאגען, אז דאס איז ניט מער ווי מיטגעפיל, רחמנות, די הערשענדע עלעמענטען אין דער פרוי׳ס נשמה.

לאמיר זאגען, אז עס איז טאקע אזוי. אבער פארוואס, ווען אבלאמאוו איז געזונט געווארען און זייענדיג נאך דעם א גאנצען ווינטער טרויעריג, האט ער זעלטען גערעדט מיט איר, ניט אריינגעקוקט צו איר, ניט אינטערעסירט זיך מיט איר, ניט געוויצעלט זיך מיט איר, ניט געלאכט מיט איר — פארוואס

נעווארען ערשט שפעטער לויט די אומערווארטעטע פאלגען, וואס זיי האבען געבראכט מיט זיך.

ווארום איז זי אין דער לעצטער צייט געווארען אזוי, אז עס איז זי שווער צו דערקענען?

ווארום פריער, ווען עס פלעגט זיך צוברעכען דאס געבראטענס, אדער מען האט פארגעסען אריינלייגען גרינס אין דער סוף, פלעגט זי רואיג, אבער מיט ווירדע, פארווארפען אקולינא׳ן און גלייך פארגעסען אן דעם אינצידענט, אבער איצט, ווען דאס טרעפט זיך, שפרינגט זי אויף פון דער שטול, לויפט גלייך אין דער קיך אריין, גיסט אויס איר ביטער הארץ אויף אקולינא׳ס קאפ און נעמט זיך אפילו בלאזען אויף אניסיא׳ן, און צומארגענס גיט זי שוין אליין אכטונג, צי מען האט ווידער ניט פארגעסען וואס.

מען קען זאגען, אז זי שעמט זיך ווייזען אין די אויגען פון א פרעמדען מענשען פעלערהאפט אין אזא געגענשטאנד, אויף וועלכען עס איז קאנצענטרירט איר זעלבסטליבע און איר גאנצע טעטיגקייט.

מעגליך. אבער פארוואס פלעגען פריער אירע אויגען זיך נעמען קלעפען ארום אכט אזייגער אין אווענט, און אזייגער צען, ווען זי האט איינגעשלעפערט די קינדער און נאכגעקוקט צי עס איז פארלאשען דאס פייער אין דער קיך, צי דער קוימען איז פארמאכט, צי אלץ איז אויף זיין פלאץ, האט זי זיך געלייגט און קיין שום הארמאט איז ניט געווען בכוח זי אויפצואוועקען?

איצט אבער, ווען אבלאמאוו פארט אין טעאטער, אדער פארזיצט זיך ביי איוואן געראסימאוויטש׳ן ביז שפעט אין דער נאכט, קאן זי ניט איינשלאפען, זי ווארפט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, צלם׳ט זיך, זיפצט, פארמאכט די אויגען, אבער עס שלאפט זיך איר אלץ ניט!

אבער ווי זי דערהערט נאר א גערויש אויף דער גאס, הויבט זי אויף דעם קאפ, טיילמאל שפרינגט זי אויף פון נע־

דער, און צומאָרגענס איז אַלץ פון אָבלאָמאָוו'ס קיך איבער־געשטעלט געוואָרען אין איר קיך; זיין זילבערוואַרג און געפעס איז איבערגעשטעלט געוואָרען אין איר בופעט.

און פון איצט אָן איז דאָס איינקויפען פון צוקער, טיי, פּראָוויאַנט, דאָס זייערען אוגערקעס, דאָס מאַכען איינגע־מאַכטס, אָוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ ברייטען פוס.

אַגאַפיאַ מאַטווייעווגאַ איז אויסגעוואַקסען, אַניסיאַ האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט אירע הענט, ווי אַן אָדלערין אירע פליי־געל, און דאָס לעבען האָט גענומען רוישען ווי אַ גרויסער טייך.

אָבלאָמאָוו האָט געמיטאָגט צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה אַרום דריי אַזייגער, בלויז דער ברודער האָט געגעסען באַזונדער. ער האָט געגעסען ערשט שפּעטער און מערסטענס אין דער קיך, ווייל ער פלעגט קומען אַהיים שפּעט פון דער קאַנצעליאַריע.

טיי און קאַפע האָט פון איצט אָן אָבלאָמאָוו'ן דערלאַנגט די באַלעבאָסטע אַליין און ניט מער זאַכאַר.

זאַכאַר, אַז ער האָט געוואָלט, האָט ער אַמאָל אָפּגעווישט דעם שטויב, און אַז עס האָט זיך אים ניט געגלוסט, איז ווי אַ שטורעם אַריינגעפלויגען אַניסיאַ, און צוטייל מיט'ן פאַרטוך, און צוטייל מיט דער הוילער האַנט, כמעט מיט דער נאָז, בלאָזט זי אַמאָל אַרונטער, ווישט אָפּ. ראַמט אויף און פאַרשווינדט. אויב זי טוט עס ניט, טוט עס די ווירטין אַליין. ווען אָבלאָמאָוו געהט אַרויס אין גאָרטען, גיט זי אַ קוק צו אים אין צימער אַריין, און געפינט זי דאָרט אַן אומאָרדנונג, ניט זי אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און ברומענדיג עפּעס אונטער דער נאָז, ברייננגט זי אַלץ אין אָרדנונג.

אָבער ביסלעכווייז האָט דאָס לעבען זיך גומען ענדערען. באַזונדערס זיינען אַריינגעטראָטען ענדערונגען אין אַגאַפיאַ מאַטווייעווגאַ'ס לעבען, וואָס קיינער האָט זיי ניט באַמערקט, און ווינציגער פון אַלעמען — זי אַליין. זיי זיינען באַמערקט

פרישע שוואַמען; באַלד איז אויך אָנגעקומען די צייט פון יאַגדעס.

די באַלעבאַטישקייט אין הויז פון דער אלמנה פשעניצין האָט ניט נאָר דערפאַר אזוי געבליט, וואָס אגאַפיא מאַטוועי־עוונא, איז געווען אַן אויסגעצייכנטע באַלעבאָסטע, וואָס פירען אַ הויז איז געווען איר בארוף, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איוואַן מאַטוועיאיטש איז געווען, וואָס אָנבאַלאַנגט גאַסטראַ־נאָמיע, אַ גרויסער עפּיקורייער. ער איז געווען מער ווי נאַכ־לעסיג אין זיין קליידונג: אַ מלבוש האָט ער געטראָגען אַ וועלט מיט יאָרען און מיט עקעל און ערגערניש האָט ער אויס־געגעבען געלט אויף קויפען אַ ניי, און ליגען פלעגען ביי אים די קליידער אין אַ ווינקעל, צוזאַמענגעוואַרפען, וועש האָט ער געביטען בלויז איינמאָל אַ וואָך; אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דעם טיש האָט ער ניט געוואוסט פון שפּאָרען, נעגעבען מיט אַ ברייטער האַנט.

ער האָט זיך געפירט אזוי טיילווייז דערפאַר, וואָס נאָך אין דער צייט ווען ער האָט אָנגעהויבען צו דינען, האָט ער זיך באַשאַפען אזאַ מין לאָגיק: „וואָס עס טוט זיך אין בויך זעט מען ניט און דערפאַר וועט מען ניט פּלוידערען, אין דער צייט וואָס אַ קייטעל צום זייגער, אַ נייער פראַק, העלע שיך רופען אַרוים צופיל אויפמערקזאַמקייט.”

אָבלאָמאָוו, זעענדיג ווי די באַלעבאָסטע נעמט אזאַ נאָענ־טען אָנטייל אין זיין באַלעבאַטישקייט, האָט אַמאָל, אין אַ שפּאַס, איר פאָרגעלייגט, אַז זי זאָל אים אין גאַנצען שוין באַפרייען פון איבעריגע זאָרג און נעמען אויף זיך די פאַר־וואַלטונג פון זיין באַלעבאַטישקייט.

אַ פרייד האָט זיך צוגאָסען איבער איר פּנים. עס איז ברייטער געוואָרען איר טעטיגקייטס פעלד: שטאָט איין באַ־לעבאַטישקייט וועט זי איצט האָבען צוויי, אָדער איינס אַ גרויסעס. אויסער דעם קריגט זי צו אניסיאַ'ן.

די באַלעבאָסטע האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט'ן ברו־

און ווען די באַלעבאָסטע פלעגט ארײַנקומען צו אים אין א זונטאָג מיט'ן פּיראָג, פלעגט זי א־ם אָפּטמאָל טרעפען זיצען א פאַרוויינטען.

ביסלעכווייז, מיט דער צייט האָט דעם פלאַץ פון דעם לעבעדיגען טרויער פאַרנומען אַ שטומע גלייכגילטיגקייט. גאַנצע שטונדען איז איליא איליטש געזעסען און צוגעקוקט ווי עס פאַלט דער שניי, ווי ער דעקט צו בוימער, דעם צאַם, דעם הינער־שטאַל, ווי אַלץ איז געשטאָרבען און ליגט אנגעטאָן אין ווייסע תכריכים.

ער האָט זיך געקאָנט א לאַנגע צייט איינהערען צו דעם רוישען פון דעם קאָפע־מילכעל, צו דעם הונדס בילען און זיין רייסען זיך פון דער קייט און צו דעם גלייכמעסיגען קלאַפּען פון זייגער.

ווי פריהער, איז אויך איצט צו אים פון צייט צו צייט אריין די באַלעבאָסטע מיט א פאָרשלאַג צו קויפען עפּעס, אָדער עפּעס פאַרזוכען; ווי פריער, זיינען צו אים געלאָפען דער באַ־לעבאָסטעס קינדער, ער האָט זיי געצערטעלט, פאַרהערט זיי, און פויל און אומגערען האָט ער געשמייכעלט איינהערענדיג זיך צו זייערע קינדישע פּלוידערייען.

ביסלעכווייז איז אָבלאָמאָוו צוריק אריין אין זיין פריהער־דיגען אַרט לעבען.

דער פריהלינג, זומער און ווינטער זיינען פאַראיבער פויל, לאַנגווייליג. אָבלאָמאָוו האָט ווידער געוואַרט אויפ'ן פריהלינג און ער האָט געחלומ'ט וועגען א רייזע אין דאָרף.

אין אָנפאַנג פריהלינג האָט ער געגומען שפּאַצירען איבער'ן סאָד. מען האָט פאַרזעעט פאַרשידענע געמיזען, עס זיינען אָנגעקומען פאַרשידענע יומים־טובים.

ווידער האָט זיך דערהערט אונטערן פענסטער דאָס קוואַ־קען פון די הינער און דאָס קוויטשען פון דעם יונגען דור הינדלעך; עס האָבען זיך באַוויזען פּיראָגען מיט הינדלאַך און

וואָס אָנבאַלאַנגט די שטייערען, האָט זאַטערטי געשרי־בען, אַז דאָס געלט איז אוממעגליך צוזאַמענצוקלייבען, ווייל אַ טייל פּויערים זיינען אָרעם געוואָרען און אַ טייל איז אַוועק ערגעץ אַנדערש, און וואו זיי געפינען זיך — איז אומבאַקאַנט, און אַז ער קלייבט צוזאַמען אויפ'ן אָרט ידיעות, וועגען אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט'ן גוט.

וועגען אַ נייעם שאָסיי, וועגען בריקען, האָט ער געשרי־בען, אַז די צייט וועט ניט אַנטלויפען, אַז די פּויערים ווילען ליבערשט זיך שלעפּען איבער'ן באַרג און וועלדעל ,איידער זיך איצט געהן פאַרנעמען מיט דער אַרבייט פון אַ נייעם וועג און בריקען.

מיט איין וואָרט, די ידיעות און דאָס געלט איז געווען צופרידענשטעלענד און איליאַ איליטש האָט מער ניט געזען קיין שום נויטווענדיגקייט אַליין צו פאָרען אין דאָרף אריין און אַלץ איז אַזוי אַרום געווען באַזאָרגט ביז'ן נעקסטען יאָר.

דער באַפּולמעכטיגטער האָט אויך באַזאָרגט אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט'ן בויען פון הויז: צוזאַמען מיט'ן גובערנסקען אַרכיטעקט האָט ער באַשטימט די צאָל פון אַלע נויטיגע מאַטעריאַלען. ער האָט באַפוילען דעם סטאַראָסטאַ, אַז מיט'ן אָנקומען פון פרילינג, זאָל ער נעמען האַקען דעם וואַלד און געהייסען האָט ער אים אויך, אַז ער זאָל אויפשטע־לען אַ שייער פאַר די ציגעל, אַזוי אַז אבלאָמאָוו האָט זיך רואיג געקאָנט קומען צופאָרען אין הערבסט און אָנהויבען בויען דאָס הויז. ביז יענער צייט האָט מען אויך געהאָפט איינצומאָנען די שטייערען.

אין דער ערשטער צייט נאָך דעם ווי איליאַ איליטש איז קראַנק געוואָרען, איז ער געווען טרויעריג, ער האָט זיך גאַנצע שעה'ען געפונען אין אַ קרענקליכער פאַר'חלומ'טקייט און ער האָט טיילמאָל אין גאַנצען ניט געענטפערט אויף זאַכאַר'ס פראַגען, ער האָט ניט באַמערקט, ווי עס פאַלען ביי זאַכאַרן די טעלער פון דער טאַץ און ווי ער שטויבט ניט אָפּ דעם טיש,

# פערטער טייל.

## 1.

עס איז פאראיבער א יאָר זייט איליא איליטש איז קראַנק געווארען. גרויסע ענדערונגען האָט דאָס יאָר געבראכט אין פארשידענע טיילען פון דער וועלט: איין לאַנד האָט אויפ־געשטורעמט און דאָס צווייטע איז איינגעשטילט געווארען; אין איין לאַנד האָט אויפגעקויכטען א נייער שטערן און אין א צווייטען — פארלאָשען געווארען; אין איין אָרט האָט די מענשהייט אויפגעדעקט און באזיגט נאָך א זייט פונ'ם זיין, און אין א צווייטען זיינען חרוב געווארען גאנצע דורות. דאָרט, וואו דאָס אַלטע לעבען איז אונטערגעגאנגען האָט זיך, ווי גראָז, דורכגעשלאָגען א וועג א ניי לעבען.

און אין וויבורגער קוואַרטאַל, אין דעם הויז פון דער אלמנה פשעניצין, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די טעג און די נעכט פליסען זיך דאָרט רואיג, טראָגען ניט אריין קיין אומערוואַרטעטע, שטורמישע ענדערונגען אין דעם איינטינגען לעבען, כאָטש די פיר צייטען פון יאָר זיינען פארבייגעגאנגען דאָס יאָר פונקט אזוי ווי פאראיאָרען, אָבער דאָס לעבען איז פאָרט ניט געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, דאָס לעבען האָט אָנגענומען אַנדערע פארמען, אָבער אזוי לאנגזאם, אז מען האָט קוים געקאָנט באמערקען.

איליא איליטש איז געזונט געווארען. דער באַפּולמעכ־טיגטער זאַטערטי איז אַוועק אין דאָרף, האָט צוגעשיקט דאָס גאַנצע געלט, וואס ער האָט איינגענומען פון דעם פארקויף פון דער תבואה און פון דעם געלט איז אים באצאָלט געווארען די רייזע אויסגאבען און באלוינונג פאר זיין מי.

אין איין ווידערהאָלען, קוקענדיג אויף דעם שניי, וואָס האָט אליץ פארדעקט. — ער האָט אליץ פארשאָטען! — האָט ער שפעטער פארצווייפעלט א מורמעל געטאָן, געלייגט זיך אין בעט און איז איינגעשלאָפען מיט א שווערען שלאָף.

עס איז געוועזן נאָכמיטאג, ווען א סקריפ פון דער טיר האָט אים אויפגעוועקט; פון דער טיר האָט זיך ארויסגע־רוקט אן אנטבלויזטע האנט מיט א טעלערל.

— היינט איז זונטאג, — האָט ליבליך גערעדט די שטי־מע, — מיר האָבען געבאקען פיראָגען; וועט איר זיין אזוי פריינדליך און פארזוכען?

אָבער ער האָט גאָרניט נים געענטפערט: ער האָט געפיבערט.

דער טיר שטעהט אניסיא, און זאָל נאָר עפּעס ארונטערפאלען, וועט זי עס גלייך אונטערכאפּען און פארשעמען אים.

אָבער ער האָט בשלום דערטראגען די טאַץ ביז צום געלעגער; ער האָט שוין געוואלט אוועקשטעלען די טאַץ אויף דער שטול לעבען בעט און אויפוועקען אַבלאָמאָוו'ן, אבער ער האָט מיטאמאָל דערזען, אז דער פּריץ איז ניטאָ, אז דאָס געלעגער איז ניט צוקנייטשט.

ער האָט א צאַפּעל געטאָן און א גלאָז איז ארונטער־געפאלען און גלייך נאָכ'ן גלאָז א צוקער פּושקע. ער האָט גענומען כאפּען די זאכען אין דער לופט און ער האָט באַ־וואויגען מיט דער טאַץ אזוי, אז נאָך אַנדערע זאכען האָבען גענומען פאלען. אַלץ וואס אים איז געלונגען צו דערהאלטען אויף דער טאַץ איז געווען א לעפעלע.

— וואס פאר אן אומגליק איז דאָס? — האָט ער גע־זאָגט, קוקענדיג ווי אניסיא קלייבט צוזאמען שטיקלאך צוקער, ברויט און די שערבעלעך פון די גלעזער. — וואו קען זיין דער פּריץ.

און דער פּריץ זיצט זיך אין א שטול. זאכאר האָט א קוק געטאָן אויף אים און צועפּענט דאָס מויל.

— ווארום האָט איר זיך עפּעס, איליא איליטש, ניט גע־לייגט אין בעט אריין, נאָר איר זייט אפּגעזעסען א גאנצע נאכט אין שטול? — האָט ער געפרעגט.

אַבלאָמאָוו האָט ביסלעכווייז איבערגעדרעהט צו אים דעם קאָפּ, צוטראָגען געקוקט אויף זאכאר'ן, אויף דער אויסגעגאָסע־נער קאַפּע, אויף דעם צוקער, וואָס האָט זיך געוואלגערט אויפ'ן דיל.

— און ווארום האָסטו צובראכען די גלעזער? — האָט ער געפרעגט, דערנאָך איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער.

עס איז געפאלען א שווערער שניי און האָט פארדעקט די ערד.

„שניי, שניי, שניי!" — האָט ער אומזיניג געהאלטען

דורכ'ן אנזאמלען פון פרישע כוחות איז אנגעגאנגען זער לאנג־זאם.

אבלאמאוו האט אויף זיך ניט געפילט קיין קערפער, ער האט ניט געפילט קיין שום מידקייט, קיין שום פארלאנג. ער האט געקאנט ווי א שטיין אפליגען גאנצע טעג, אדער גאנצע טעג ארומגעהן, פארן, באוועגען זיך, ווי א מאשין.

אבער ביסלעכוויז, א דאנק שווערער אנשטרענגונג, אר־בייט זיך אוים ביים מענשען אדער אן אונטערטעניגקייט צום שיקזאל — און דאמאלט ערהאלט זיך דער ארגאניזם בים־לעכוויז, פאמעליך, — אדער דאס אומגליק דערשלאגט דעם מענשען און ער הויבט זיך שוין מער ניט אויף. דאס איז אפהענגיג פון דער שטארקייט פון אומגליק און אויך פון מענש.

אבלאמאוו האט ניט געדענקט וואו ער איז געזעסען, און צי ער איז בכלל געזעסען: ער איז אן געפילען געזעסען און ניט באמערקט ווי עס האט אנגעהויבען צו טאגען; ער האט יא און ניט געהערט, ווי עס האט זיך דערהערט דער זקנה'ס טרוקענער הוסט, ווי דער דווארניק האט גענומען האקען האלץ אין הויף, ווי אלץ האט גענומען טומלען אין הויז; ער האט יא און ניט געזען ווי די באלעבאסטע און אקולינא זיינען געגאנגען אין מארק אריין, ווי עס האט פארבייגעשימערט דער ווייסער פאקעט פארביי דעם פלויט.

ניט דאס קרעהען פון האן, ניט דאס בילען פון הונט און ניט דאס סקריפען פון דער טיר האבען אים געקאנט ארויס־נעמען פון זיין פארשטארטקייט. עס האט זיך דערהערט דער קלאנג פון גלעזער, דאס זידען פון סאמאוואר.

ענדליך האט זאכאר ארום צען אזייגער געעפענט די טיר מיט דער טאץ, ער האט, לויט זיין געוואוהנהייט, א קלאפ געטאן מיט'ן פוס אויף צוריק. כדי צו פארמאכען די טיר און, ווי געוואוהנליך, ניט געטראפען, א גליטש געטאן זיך, אבער ער האט דערהאלטען די טאץ א דאנק זיין לאנג־יעריגער פראק־טיק און אויך ווייל ער האט געוואוסט, אז הינטער אים אין

## .12

איין נאַט ווייס, וואו ער האָט זיך ארומגעשלעפּט, וואס ער האָט געטאָן דעם גאנצען טאָג, אהיים איז ער געקומען שפּעט ביי נאכט. די באלעבאָסטע האָט די ערשטע דער־הערט דעם קלאַפּ אין טויער און דאָס בילען פון הונט, און אויפגעוועקענדיג זאכאר'ן און אַניסיא'ן, האָט זי זיי געזאָגט, אז דער פּריץ איז אהיים געקומען.

איליא איליטש האָט כמעט ניט באמערקט, ווי זאכאר האָט אים אויסגעטאָן, ארונטערגעשלעפּט פון אים די שטיוועל און ארויפגעווארפען אויף אים דעם שלאַפראָק.

— וואס איז דאָס אזוינס? — האָט ער געפרעגט, א קוק טוענדיג אויף דעם שלאַפראָק.

— די באלעבאָסטע האָט אים היינט געבראכט: זי האָט אים אויסגעוואַשען און פאררירכט, — האָט זאכאר געזאָגט.

אזוי ווי אָבלאָמאָוו האָט זיך אוועקגעזעצט אזוי איז ער שוין געבליבען זיצען.

אלץ ארום איז פארזונקען געווארען אין שלאַף און אין פינסטערניש. ער איז געזעסען אונגעלעהנט אָן די הענט און ניט באמערקט די פינסטערניש און ניט געהערט דאָס שלאָגען פון זייגער. זיין שכל איז פארזונקען אין כאאָס פון אמקלאָ־רע, אומפארשטענדיגע געדאנקען; זיי האָבען זיך געטראָגען, ווי וואלקען אין הימעל, אָן א ציל און אָן א צוזאמענבונד צווי־שען זיך — ער האָט ניט געקאָנט כאפּען קיין איינציגען גע־דאנק.

זיין הארץ איז געווען דער'הרג'עט: דאָס לעבען האָט אין אים אויפגעהערט צו פּולסירען און דער צוריקקער צום לעבען

דיג זיך מיטאמאָל און מיט אַן אנטשלאָסענעם זשעסט איינ־
שטילענדיג איר אויסברוך. — עס וועט ניט בלייבען ווי
פריער! באאומרואיג זיך ניט דערפאר, וואָס דו האָסט
געזאָגט דעם אמת. איך בין עס ווערט... — האָט ער פאר־
צאָגט צוגעלייגט.

— איך האלט אין איין חלום'ען, פאנטאזירען! —
האָט זי געזאָגט. — איך האָב אַן אומגליקליכען כאראק־
טער. ווארום זיינען אנדערע, ווארום איז סאָניטשקא אזוי
גליקליך?

זי האָט זיך צואוויינט.

— געה אוועק! — האָט זי באשלאָסען, רייסענדיג דאס
נאסע טיכעל מיט דער האנט. — איך וועל ניט אויסהאלטען;
מיר איז נאָך טייער די פארגאנגענהייט...

זי האָט ווידער פארדעקט דאָס פנים מיט'ן טיכעל און
געמיט זיך איינצוהאלטען דאָס יאמערען.

— ווארום איז דאָס אלץ אוועק? — האָט זי מיט־
אמאָל א פרעג געטאָן, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ. — ווער
האָט דיך פארשאָלטען, איליא? וואס האָסטו אזוינס גע־
טאָן? דו ביסט גוט, קלוג, צערטליך, איידעל... און... געהסט
אונטער! וואס האָט דיך אומגעבראכט? עס האָט אפילו קיין
נאָמען ניט דאָס דאָזיגע אומגליק...

— עס האָט, — האָט ער געזאָגט אזוי שטיל, אז מען
האָט קוים געקאָנט הערען.

און מיט אויגען, וואס זיינען געוועזן פול מיט טרערען
האָט זי פרעגענדיג א קוק געטאָן אויף אים.

— אָבלאָמאָוויזם! — האָט ער ארויסגעפליסטערט, דער־
נאָך האָט ער גענומען איר האנט, געוואָלט א קוש טאָן, נאָר
ער האָט ניט געקאָנט, ער האָט בלויז זי שטארק צוגעדריקט
צו די ליפּען און הייסע טרערען האָבען גענומען טריפען אויף
אירע פינגער. ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, ניט ווייזענדיג
איר זיין פּנים, האָט ער זיך אומגעדרעהט און איז ארויס.

די טרערען. — איך בין ערשט איצט געוואר געווארען, אז איך האב ליב געהאט אין דיר בלויז דאס, וואס איך האב געוואלט, אז עס זאל זיין אין דיר, וואס שטאלץ האט מיר אנגעוויזען, וואס מיר ביידע האבען אויסגעטראכט. איך האב ליב געהאט דעם צוקונפטיגען אבלאמאוו! דו ביסט זאנפט, דו ביסט ערליך, איליא; דו ביסט צערטליך... א טויב; דו באהאלטסט דעם קאפ אונטער דעם פליגעל — און מער ווילסטו שוין גארנישט ניט. אבער איך בין ניט אזא: דאס איז פאר מיר ווייניג, איך דארף האבען נאך עפעס, אבער וואס — ווייס איך ניט. קאנסטו מיר אפשר זאגען, וואס איז דאס אזוינס, וואס עס פעלט מיר, קאנסטו עס אפשר געבען מיר...

אבלאמאוו'ן האבען זיך אזוי ווי אונטערגעזעגט די פיס; ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף א שטול און אפגעווישט מיט א טיכעל דעם שטערען.

דאס ארויסגערעדטע ווארט איז געוועזען גרויזאם. עס האט טיף געטראפען אבלאמאוו'ן: אינוויייניג אין אים האט עס אים אזוי ווי א ברי געטאן און פון דרויסען האט עס א וועה געטאן אויף אים מיט קעלט. אלס אן ענטפער האט ער אזוי רחמנות'דיג, קרענקליך־שעמעוודיג געשמייכעלט, ווי אן ארעמאן, וואס מען ווארפט אים פאר זיין נאקעטקייט. ער איז געבליבען זיצען מיט אט דעם שמייכעל פון אוממעכטיגקייט, א פארמאטערטער פון אויפרעגונג און באליידיגונג. זיין פארלאשענער בליק האט קלאר גערעדט: „יא, איך בין קארג, קלעגליך, ארעם... שלאגט מיך, שלאגט!..."

אלגא האט מיטאמאל דערזען וויפיל גאל עס איז געוועזען אין אירע ווערטער. זי האט זיך א ווארף געטאן צו אים.

— אנטשולדיג מיר, פריינד מיינער! — האט זי ארויסגערעדט צערטליך, אזוי ווי דורך טרערען. — איך ווייס ניט וואס איך רעד, איך בין א משוגע'נע! פארגעס עס! זאל אלץ בלייבען ווי עס איז פריער געוועזען.

— ניין! — האט אבלאמאוו ארויסגערעדט, אויפשטעלענ־

בערטראָגען, אז מיר זאָלען זיין צושיידט. נעם מיך אזוי ווי איך בין, האָב ליב דאָס גוטע אין מיר.

ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט זי אים געשאָקעלט אויף ניין.

— ניין... ניין... — האָט זי זיך געמיט שפּעטער ארויסרעדען, — פאר מיר און פאר מיינע ליידען האָסטו ניט וואס צו זארגען. איך קען זיך גוט: איך וועל מיין אומגליק אויסוויינען און מער וועל איך שוין ניט וויינען. אָבער איצט שטער מיר ניט צו וויינען... געה אוועק... אך, ניין, ווארט צו א ווײַלע!... דאָס שטראַפט מיך גאָט!... מיר טוט וועה, אוי, ווי מיר טוט וועה... אָט דאָ, דאָ, ביים הארצען...

זי האָט ווידער גענומען שלוכצען.

— און אויב דער וועהטאָג וועט ניט פארגעהן, — האָט ער געזאָגט, — און דיין געזונט וועט שוואכער ווערען? אזוינע טרערען זיינען גיפטיג. אָלגא, מלאך מיינער, וויין ניט... פארגעס אָן דעם אלעם...

— שטער מיר ניט, לאָז מיך וויינען! איך וויין נ׳ט אויף דער צוקונפט, איך וויין אויף דער פארגאנגענהייט... — האָט זי מיט די לעצטע כוחות ארויסגערעדט, — עס איז אוועק, עס איז פארוועלקט געוואָרען... ניט איך וויין דאָס, דאָס וויינען די עררינערונגען! דער זומער... דער פּארק... דו געדענקסט זיי? מיר טוט וועה דאָס הארץ אויף אונזער אליי, אויף אונזער בעז... דאָס אל׳ץ איז צוגעוואקסען געווארען צום הארצען און עס טוט וועה עס אָפּצורייסען!...

און א פארצווייפעלטע האָט זי געשאָקעלט דעם קאָפּ און געיאמערט און ווידערהאָלט:

— אָ, ווי דאָס איז פּיינליך, פּיינליך!

— דו קאָנסט דאָך נאָך שטארבען! — האָט ער מיטאמאָל ארויסגערעדט א דערשראקענער. — האָב אין זינען, אָלגא...

— ניין, — האָט זי אים איבערגעשלאָגען, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ און מיענדיג זיך א קוק צו טאָן אויף אים דורך

אָבער די פיס האָבען ניט געפאָלגט. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, איז אָבער אין מויל אים געווען טרוקען, דער צונג האָט זיך ניט באַוואויגען, קיין קול איז פון דער ברוסט ניט ארויס־געגאנגען. ער האָט איר אויסגעצויגען די האנט.

— הייסט דאָס... — האָט ער אָנגעהויבען מיט א דער־שלאָגענער שטימע, אָבער ער האָט ניט דערענדיגט און בלויז מיט'ן בליק האָט ער דערזאָגט: „זיי געזונט!”

אויך זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר זי האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, זי האָט אויסגעצויגען איר האנט צו אים, אָבער איר האנט איז ארונטערגעפאלען, ניט אָנרירענדיג זיינע. זי האָט אויך געוואָלט זאָגען: „זיי געזונט”, נאָר איר קול האָט זיך אין מיטען פון וואָרט איבערגעריסען, האָט אָנגענומען א פאלשען קלאנג. איר פּנים האָט אָנגעהויבען צו צוקען, זי האָט איר האנט און קאָפּ אוועקגעלייגט אויף זיין פּלייצע און צוויי־מערט זיך. דאס געוויין איז אזוי ווי ארויסגעפאלען פון אירע הענט. עס איז פארשוואונדען געוואָרען די חכמה און עס האָט זיך באוויזען די אומבאשיצטע פרוי.

— זיי געזונט, זיי געזונט... — האָט זיך יאָמערענדיג ארויסגעריסען פון איר הארץ.

ער האָט געשוויגען און א דערשראָקענער זיך איינגעהערט צו אירע טרערען, ניט וואַגענדיג צו שטערען איר. ער האָט ניט געפילט קיין רחמנות צו איר, ניט צו זיך. ער האָט איז גאנצען געמאכט א קלענליכען איינדרוק. זי האָט זיך ארונטער־געלאָזען אין שטול אריין און אָנשפּארענדיג זיך אָן טיש, האָט זי ביטער געוויינט. די טרערען האָבען ניט געפלאָסען, ווי א הייסער שטראָם, וואָס רייסט זיך מיטאמאָל ארויס א דאנק א פּלוצליכען און צייטווייליגען וועהטאָג, ווי דאמאָלט אין פּארק, נאָר זיי האָבען זיך געגאָסען ווי א טרויעריגער קאלטער הערבסט רעגען.

— אָלגא, — האָט ער ענדליך ארויסגערעדט, — וואָרום פּייניגסטו זיך? דו האָסט מיך ליב, דו וועסט ניט קאָנען אי־

ער האָט געשוויגען.

— ווען דו וואָלסט וויסען, ווי איך האָב דיך ליב...

— איך ווארט איצט ניט אויף קיין ליבעס־ערקלערונגען, נאָר אויף א קורצען ענטפער, — האָט זי אים כמעט טרוקען איבערגעשלאָגען.

— מאַטער מיך ניט, אָלגא! — האָט זיך אָבלאָמאָוו ביי איר געבעטען א טרויעריגער.

— זאָג, איליא, בין איך גערעכט צי ניט?

— יאָ, — האָט ער ארויסגערעדט קלאָר און אנטשלאָסען, — דו ביזט גערעכט.

— איז שוין צייט, אז מיר זאָלען זיך פאנאנדערגעהן, — האָט זי באשלאָסען, — איידער מען האָט דיך דאָ געטראָפען און געזעהן ווי איך בין צוטראָגען.

ער איז אלץ ניט געגאנגען.

— און אויב דו וואָלסט אפילו חתונה געהאט, וואָס וואָלט געווען שפּעטער? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט געשוויגען.

— דו וואָלסט וואָס א טאָג אלץ טיפער פארזונקען געוואָרען אין דיין שלאָף — ניט אמת אפשר? און איך? דו זעסט דאָך וואָס פאר א מענש איך בין? איך וועל קיינמאָל ניט אלט ווערען, איך וועל קיינמאָל ניט אויפהערן צו לעבען. און מיט דיר וואָלט מיר אויסגעקומען צו לעבען אן אומעטיג לעבען. פון איין יום טוב ווארטען אויפ'ן צווייטען, פאָרען צו גאסט, טאנצען און ניט טראכטען וועגען קיין שום זאך; מיר וואָלטען זיך געלייגט שלאָפען און געדאנקט גאָט, וואָס דער טאָג איז אזוי גיך אריבער, און אויפגעהויבען וואָלטען מיר זיך מיט דער האָפנונג, אז דער היינט זאָל זיין ענליך אויפ'ן נעכטען... דאָס איז דאָך אונזער צוקונפט... אמת? איז דען דאָס — לעבען? איך וועל איינגעטרוקענט ווערען, איך וועל שטארבען... און וועסטו דען זיין גליקליך?

ער האָט פּיינליך איבערגעפּירט די אויגען איבער'ן באלקען, ער האָט געוואָלט אויפהויבען זיך פון זיין אָרט, אנטלויפען,

ווי זי האָט א ווײַלע געשוויגען. — וועסטו מיר קיינמאָל ניט פּאָרוואַרפן, אז איך בין זיך מיט דיר צוגאנגען צוליב קאפּריז, אדער צוליב מיין שטאָלץ?

ער האָט א שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

— ביסטו זיכער, אז אונז איז גאָרנישט ניט געבליבען, קיין שום האָפענונג ניט?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז אן אמת... אָבער, עס איז מעגליך... — האָט ער אומאנטשלאָסען א ווײַלע שפּעטער צוגעלייגט — אין א יאָר ארום...

ער האָט ניט געהאַט גענוג מוט אין זיך צו דערלאנגען א טויט קלאַפּ זיין גליק.

— מיינסטו אויף אן אמת, אז אין א יאָר ארום וועט דיר געלינגען איינצוּאָרדנען דיין לעבען און דיינע געשעפטען? — האָט זי געפרעגט. — טראכט עס נאָכאמאָל איבער!

ער האָט א זיפץ געטאָן און פארטראכט זיך, ער האָט געקעמפט מיט זיך. זי האָט אויף זיין פּנים דורכגעלעזען דעם דאָזיגען קאמף.

— הער זיך איין, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב איצט א לאנגע צייט געקוקט אויף מיין מוטער'ס פּאָרטרעט, און מיר דאכט זיך, אז איך האָב פון אירע אויגען ארויסגעלעזען אן עצה און אָנגעשעפּט זיך מיט כוחות... אויב דו וועסט איצט ווי אן ערליכער מענטש... געדענק, איליא, מיר זיינען שוין ניט קיין קינדער און מיר שפּאסען איצט ניט: עס איז א פראגע וועגען אונזער לעבען! פרעג זיך ערנסט אן ביי דיין געוויסען און זאָג מיר — איך וועל דיר גלויבען, איך קען דיך. ענטפער מיר: וועסטו זיין פאר מיר דאס, אין וואס איך נויטיג זיך? דו קאָנסט מיך, פּאָלגליך, פאַרשטעהסטו, וואָס איך וויל זאָגען. אויב דו וועסט אָפען און איבערגעטראכטערהייט זאָגען י אָ, נעם איך צוריק מיין באשלוס. אָט האָסטו מיין האנט און איך וועל געהן מיט דיר וואו דו וועסט נאָר וועלען, אין דאָרף אריין, קיין אויסלאנד, אפילו אין וויבורגער קווארטאל!

— פאר וואס? — האט זי שוואך ארויסגערעדט.

— פאר אלץ, וואס איך האב געטאן מיט דיר...

— וואס האסטו געטאן?

— איך האב דיך ליב געהאט: דאס איז א באליידי־גונג!

זי האט מיט רחמנות א שמייכעל געטאן.

— פאר דאס, — האט ער גערעדט מיט אן ארונטערגע־לאזענעם קאפ, — וואס דו האסט געהאט א טעות... עס איז מעגליך, אז דו וועסט מיר מוחל זיין, ווען דו וועסט זיך דערמאנען, אז איך האב דיך געווארענט, אז ווי‏עסט זיך שע־מען אויפהויבען די אויגען, ווען דו וועסט אנהויבען חרטה צו קריגען...

— איך האב ניט קיין חרטה. אבער מיר טוט עס אזוי וועה, אזוי וועה... — האט זי געזאגט און אפגעשטעלט זיך, כדי צו כאפען דעם אטעם. — איך ווער איצט באשטראפט פאר מיין שטאלץ, — האט זי געזאגט, — איך האב זיך שוין צופיל פארלאזען אויף מיינע כחות, און דאס איז געווען מיין טעות, און ניט דאס פאר וואס דו האסט מורא גע־האט. איך האב גע'חלום'ט, אז איך וועל דיך אויפלעבען, אז דו קאנסט נאך לעבען פאר מיר, — אבער דו ביסט שוין פון לאנג א מת. איך האב ניט פאראויסגעזען מיין טעות, איך האב אלץ געהאפט, געווארט... און אט האב איך עס!... — האט זי מיט א זיפץ פארענדיגט.

זי איז אנטשוויגען געווארען און דערנאך האט זי זיך אוועקגעזעצט.

— איך קאן ניט שטעהן: עס ציטערען מיר די פיס. א שטיין וואלט לעבעדיג געווארען דערפון, וואס איך האב גע־טאן, — האט זי ווייטער גערעדט מיט א פארמאטערטער שטימע. — איצט וועל איך שוין מער קיין זאך ניט טאן, איך וועל אפילו אין זומער־גארטען ניט געהן: עס וועט שוין קיין זאך ניט העלפען: דו ביסט טויט! ביסט איינפאר־שטאנען מיט מיר, איליא? — האט זי צוגעלייגט, נאך דעם

אין גאנצען אנעדרש איינאָרדנען... — האָט ער ווייטער גע־רעדט; ביסלעכווייז איז זיין קול געוואָרען שטילער, ער האָט זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט און געוואָלט אריינדרינ־גען אין דעם געדאנק פון אירע אויגען, ליפּען און רעדענדיגע ברעמען, וואס איז געווען אין גאנצען ניי פאר אים. — איך האָב באשלאָסען מיטצופאָרען מיט'ן באפולמעכטיגטען אין דאָרף אריין... כדי דאָרט... — און שעפּטשענדיג האָט ער איר דערזאָגט.

זי האָט געשוויגען און געקוקט אויף אים אָנגעשטרענגט.

ניט זיכער, אומקלאָר, אָבער ער האָט זיך פאָרט פאָרגע־שטעלט, וואָס פאר א אורטייל עס ערווארט אים, און ער האָט גענומען דעם הוט, אָבער ער האָט זיך אַליין אָפּגעהאלטען צופּרעגען: אים האָט געשראקען צו הערען איר אורטייל, גע־גען וועלכען מען האָט שוין אפשר ניט געקאָנט אפּעלירען. ענדליך האָט ער געקראָגען מוט.

— האָב איך דיך ריכטיג פארשטאנען?... — האָט ער געפרעגט מיט א פארענדערטער שטימע.

זי האָט פאמעליך און מילד איינגעבויגען דעם קאָפּ אין צייכען פון איינשטימיגקייט. כאָטש ער האָט שוין פריער געהאט פארשטאנען איר מיין, אבער דאָך איז ער בלייך גע־ווארען און ניט גערירט זיך פון ארט.

זי איז געווען אביסעל פארמאטערט, אבער זי האָט אוים־געזען אזוי רואיג און אומבאוועגליך, ווי זי וואָלט געווען א שטיינערנע סטאטוע. דאָס איז געווען יענע איבערנאטירליכע רו, וואָס דאָס באליידיגטע געפיל גיט מיטאמאָל דעם מענ־שען, אז ער זאָל האָבען כוח, איינצוהאלטען זיך, אָבער דאָס איז בלויז אויף איין רגע. זי האָט אויסגעזען ווי א פאר־וואונדעטער, וואָס האָט איינגעהאלטען די וואונד מיט דער האנט, כדי צו זאָגען, וואָס ער דארף און דערנאָך שטאר־בען.

— דו וועסט מיך ניט פיינט קריגען? — האָט ער גע־פרעגט.

אויסלייגען געלט און דערנאָך וועט ער קומען און אים איינ־אָרדנען אָבלאָמאָווקע, אויפ׳ן בעסטען אופן. ער וועט דורכ־פירען וועגען, וועט אויפשטעלען בריקען, איינפירען שולען... און ער מיט אָלגא׳ן!... אָט דאָס איז דאָך דאָס גליק! ווי אזוי איז דאָס אלץ אים פריער ניט געקומען אויפ׳ן זינען!

מיטאמאָל איז אים געווארען לייכט, פרעהליך; ער האָט גענומען שפּאנען פון ווינקעל צו ווינקעל און צוקנאקען מיט די פינגער; ער האָט שיער ניט אויסגעשריען פאר פרייד און איז צוגעגאנגען צו אָלגא׳ס טיר און זי א רוף געטאָן מיט א פרעהליכער שטימע.

— אָלגא, אָלגא! איך געה אייך עפּעס זאָגען, — האָט ער ארויסגערעדט, צולייגענדיג די ליפּען צו דער טיר, — וואָס איר האָט קיינמאָל ניט ערווארט!

ער האָט געהאט באשלאָסען ניט אוועקצופאָרען פון איר היינט איידער ער וועט האָבען דורכגערעדט מיט דער טאנ־טע. „אוועקפאָרען פון דאנען וועל איך שוין אלס חתן.״

עס האָט זיך געעפענט די טיר און אָלגא האָט זיך בא־וויזען: ער האָט א קוק געטאָן און פארלאָרען דעם מוט; זיין פרייד איז אזוי ווי אין וואסער אריין: אָלגא איז מיט־אמאָל עלטער געוואָרען. זי איז בלייך, נאָר די אויגען גלאנ־צען, אין די צוגעשלאָסענע ליפּען, אין איר יעדען שטריך ליגט פארבאָרגען אן אינערליך אָנגעשטרענגט לעבען, וואָס איז געוועזן געשמידט, ווי מיט אייז, פון א געמאכטער רו און אומ־באוועגליכקייט.

אין איר בליק האָט ער דורכגעלעזען אן ענטשלוס, אָבער וועלכען — האָט ער ניט געוואוסט. אָבער דאָס האַרץ האָט אין אים אזא קלאפּ געטאָן, ווי עס האָט נאָך קיינמאָל ניט גע־קלאפּט. אזוינע מאָמענטען האָט ער נאָך ניט געהאט אין זיין לעבען.

— הער זיך איין, אָלגא, קוק ניט אויף מיר אזוי, מיר ווערט שרעקליך! — האָט ער געזאָגט. — איך האָב איבער־געטראכט און געקומען צום באשלוס, אז מען דארף די זאך

געשלאָפּען די נאכט. קאטיא פארמאך די טיר, און איר וואַרט צו, איך וועל באלד ארויס צו אייך.

אַבלאָמאָוו איז געבליבען אליין, ער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו דער טיר, ארייננעקוקט דורכ'ן לאָך פון שליסעל, אָבער ער האָט גאָרנישט ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט.

אין א האלבער שעה ארום האָט ער געפרעגט קאטיא'ן:

— וואָס מאכט די פריילין?

— ווי פריער, — האָט געזאָגט קאטיא, — זי האָט זיך געלייגט און מיך ארויסגעשיקט; שפּעטער בין איך נאָכ־אמאָל ארייננעגאנגען, האָב איך זי געטראָפען זיצען אין א שטול.

אָבלאָמאָוו איז ווידער ארייננעגאנגען אין זאל אריין, ווידער געקוקט אין דער שפּאלט פון דער טיר — מען הערט קיין שום זאך ניט.

ער האָט קוים־קוים אָנגעקלאפּט אין דער טיר — קיין ענטפער.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט און פארטראכט זיך. א סך זאכען האָט ער איבערגעטראכט אין די דאָזיגע אָנדערהאלבען שטונדען, נייע באשלוסען האָט ער אָנגענומען, אויף א סך זאכען האָט ער געגומען איצט אנדערש קוקען. ענדליך האָט ער באשלאָסען, אז ער וועט אליין מיטפאָרען מיט'ן באפולמעכטיגען אין דאָרף אריין, אָבער פריער פון אלין וועט ער בעטען די צושטימונג פון דער טאנטע, וועט חתונה האָבען מיט אָלגאַ'ן, וועט בעטען איוואַן געראסימאָוויטש'ן געפינען פאר זיי א דירה און וועט אפילו לייען געלט... א קליין ביסעל, וויפיל עס איז נויטיג אויף א חתונה.

דעם דאָזיגען חוב וועט ער באצאָלען מיט דעם געלט. וואָס ער וועט קריגען פון פארקויפען די תבואה. טאָ צו וואָס האָט ער געדארפט אזוי אָפּהענגדיג ווערען? אָ, גאָט מיינער! ווי אלץ קען זיך בייטען אין איין רגע! און דאָרט, אין דאָרף, וועט ער מיט דעם באפולמעכטיגטען זיך שוין א עצה געבען. און אז ער וויל, קאָן ער דאָך שרייבען שטאָלץ'ן וועט ער אים

זי האָט א קוק געטאָן אויף אים מיט א פּאָר גרויסע אויגען און געוואַרט.

— יא, — האָט ער אָנגעהויבען רעדען לאַנגזאַם, כמעט שטאַמלענדיג, — מיר דאַרפען זיך זען, וואָס זעלטענער. נעכטען האָט מען שוין וועגען אונז גערעדט אפילו ביי דער באַלעבאָסטע מיינער... און איך וויל עס ניט... ווי נאָר אַלץ וועט איינגעאָרדענט ווערען, דער באַפולמעכטיגטער וועט באַזאָרגען דאָס בויען פון הויז און וועט ברענגען געלט... דאָס אַלץ וועט מער ניט נעמען ווי א יאָר צייט... דאַמאָלט וועלען מיר מער זיך ניט צושיידען, וועלען זאָגען דער טאַנטע, און... און...

ער האָט א קוק געטאָן אויף אָלגאַ'ן: זי איז געפאַלען אין אוממאַכט. איר קאָפּ איז געווען אַרונטערגעלאָזען אויף א זייט, און פון די אַרונטערגעהאַנגענע ליפען האָבען זיך אַרויסגעזען ציין. אין איבערפלוס פון פרייד און פאַנטאַזיעס, האָט ער ניט באַמערקט, אז ביי די ווערטער „ווען אַלץ וועט איינגעאָרדענט ווערען", איז אָלגאַ בלייך געוואָרען און האָט שוין ניט געהערט דעם סוף פון דער פראַזע.

— אָלגאַ!... גאָט מיינער, זי איז געפאַלען אין חלשות!

— האָט ער געזאָגט און א צי געטאָן דאָס גלעקעל.

— די פריילין פילט זיך שלעכט, — האָט ער געזאָגט צו דער אַריינלויפנדיגער קאַטיא. — ברענג וואַסער, גיכער!... שפּירט...

— גאָט מיינער! א גאַנצען פריי־מאָרגען איז די פריילין געווען אַזאַ פרעהליכע... וואָס האָט מיט איר פּאַסירט? — האָט געמורמעלט קאַטיא, ברענגענדיג פון דער טאַנטעס טיש דעם שפּירט און א גלאָז וואַסער.

אָלגאַ האָט אויפגעעפענט די אויגען, מיט דער הילף פון קאַטיאַן און אָבלאָמאָוו'ן איז זי אויפגעשטאַנען פון דער שטול און וואַקלענדיג איז זי אוועק צו זיך אין שלאָפצימער.

— עס וועט איבערגעהן, — האָט זי מיט א שוואַכער שטימע אַרויסגערעדט, — שוואַכע נערוועז... איך בין שלעכט

אַבלאַמאַוו געזאָגט, — און איך בין זיך מודה, אז איך וואלט עס ניט וועלען. איך בין ניט צוגעוועהנט צו שלעפען זיך איבער וועגען, און באזונדערס נאָך ווינטער... איך בין בכלל קיינמאָל ניט געפאָרען.

זי האָט אלץ געהאלטען די אויגען ארונטערגעלאזען און באוועגט מיט דער נאָז פון איר שוך.

— און ווען איך זאָל אפילו פאָרען, — האָט אַבלאַמאָוו ווייטער גערעדט, — וועט סיי־ווי־סיי גאָרנישט ניט ארויסקומען דערפון, ווייל איך וועל זיך ניט קאָנען פאנאנדערקלייבען אין די אלע זאכען. די פויערים וועלען מיך נארען, דער סטאראָסטע וועט זאָגען וואָס אים וועט נאָר איינפאלען — און איך וועל מוזען אלץ גלויבען, ער וועט געבען געלט וויפיל אים וועט זיך נאָר וועלען. אך, ווען אנדרעי וואלט דאָ געוועזען, וואלט ער אלץ באזאָרגט, — האָט ער א טרויעריגער פארענדיגט.

אָלגא האָט א שמייכעל געטאָן, אייגענטליך האָבען בלויז אירע ליפען א שמייכעל געטאָן און ניט איר הארץ: אויפ'ן הארצען איז איר געווען זער ביטער. זי האָט גענומען ארויסקוקען פון פענסטער, פארמאכענדיג אויף העלפט איין אויג און נאָכקוקענדיג יעדען פארבייפאָרענדיגען קארעט.

— און מיין באפולמעכטיגער איז שוין געווען א פארוואלטער פון א גרויס גוט, — האָט ער ווייטער גערעדט, — אָבער דער גוטבאזיצער האָט אים אוועקגעשיקט בלויז דערפאר, וואס ער שטאמעלט. איך האָב אים געגעבען א פולמאכט, איבערגעגעבען מיינע פלענער: ער וועט איינקויפען אלע נויטינע מאטעריאלען פאר'ן בויען פון הויז, ער וועט צוזאמענגעמען די שטייערען, פארקויפען די תבואה, ברענגען געלט, און דאמאָלט... אָ, ווי איך בין צופרידען מיין ליבע אָלגא, — האָט ער געזאָגט, קושענדיג איר האנט, — וואס איך דארף דיך ניט פארלאָזען! איך וואָלט ניט איבערגעטראָגען צו זיין ווייט פון דיר! צו זיין איינער אליין אין א דאָרף איז דאָך א שרעק! אָבער איצט דארפען מיר זיין זער פארזיכטיג!

ער האָט געשוויגען.

— דו ביסט פארזאָרגט?

— איך האָב היינט באַקומען אַ בריף פון דאָרף, — האָט ער איינטאָניג ארויסגערעדט.

— וואו איז דער בריף? האָסט אים מיט זיך?

ער האָט איר דערלאַנגט דעם בריף.

— איך וועל זיך דאָ ניט קאָנען פאַנאַנדערקלייבען, — האָט זי געזאָגט, — אַ קוק טוענדיג אויף דער האַנטשריפט.

ער האָט גענומען דעם בריף און איר פאָרגעלעזען איר אויפ'ן קול. זי האָט זיך פארטראַכט.

— וואָס בלייבט איצט צו טאָן? — האָט זי געפרעגט, שווייגענדיג אַ ווײַלע.

— איך האָב זיך היינט באַראָטען מיט דער באַלעבאָס־טעס ברודער, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט, — און ער האָט מיר רעקאָמענדירט אַ באַפולמעכטיגטען, איסאַי פאָמיטש זאַ־טערטי, איך וועל אים איבערגעבען, אַז ער זאָל דאָס אַלץ ברענ־גען אין אָרדנונג.

— אַ פרעמדען, אומבאַקאַנטען מענשען! — האָט אָל־גאַ זיך אָנגערופען אין ערשטוינטע. — צוזאַמענצונעמען שטייערען, אַכטונג געבען ביים פארקויפען די תבואה!...

— ער זאָגט, אַז דאָס איז די ערליכקייט אליין, אַז שוין צוועלף יאָר דינגט ער מיט אים צוזאַמען... בלויז וואס ער שטמעלט אביסעל...

— און וואס איז פאַר אַ מענש דער באַלעבאָסטעס ברו־דער? דו קאָנסט אים?

— ניין; אבער ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענ־שען אַ טעטיגען און וועלכען מען קאָן זיך פארלאָ־זען, און אויסער דעם וואוין איך דאָך ביי אים אין הויז, וועט ער זיך שעמען מיך אָפּצונאַרען!

זי איז געזעסען און געשוויגען, האַלטענדיג די אויגען ארונטערגעלאָזען.

— אַז ניט וועט דאָך מיר אויסקומען צופאָרען, — האָט

## .11

„פיר חרשים! נאָך פיר חדשים פון זײַן זיך אין געהיים, פון פאַרדעכטיגע פּנים'ער, שמייכלען! — האָט אַבלאָמאָוו גע־טראַכט, געהענדיג אויף די טרעפּען צו די אילינסקים. — גאַט מיינער, ווען וועט עס זיך שוין ענדיגען? און אָלגאַ וועט איילען: היינט, מאָרגען. עס איז אוממעגליך זי איבערצייי־גען, זי איז איינגעשפּאַרט..."

אָבלאָמאָוו איז שוין כמעט צוגעקומען צו אָלגאַ'ס צ־מער און ער האָט נאָך קיינעם ניט באַגעגענט. אָלגאַ איז גע־זעסען אין איר קליינעם זאַל, וואָס איז געווען פאַר איר שלאָפ־צימער און איז געווען פאַרטיפט אין לעזען עפּעס אַ בוך.

ער האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזען פאַר איר, אַז זי האָט אַזש אויפגעציטערט, דערנאָך האָט זי פריינדליך, מיט אַ שמייי־כעל דערלאַנגט אים די האַנט, אָבער די אויגען האָבען נאָך אַזוי ווי דערענדיגט לעזען דאָס בוך: זי האָט אויסגעזען זער צוטראָגען.

— דו ביזט אַליין?

— יאָ, די טאַנטע איז אָוועקגעפאָרען אין צאַרסקאָיע סיעלאָ. זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל מיטפאָרען. מיר וועלען מיטאָגען כמעט אַליין: בלויז מאַריאַ סעמיאָנאָווגאַ וועט צו־קומען; אַז ניט, וואָלט איך דיך ניט געקאָנט היינט אויפ־נעמען. דו וועסט היינט ניט קאָנען רעדען מיט דער טאַנטע. אַך, ווי טרויעריג איז דאָס! דערפאַר אָבער מאָרגען... — האָט זי צוגעלייגט און אַ שמייכעל געטאָן. — וואָס וואָלסטו געזאָגט, ווען איך וואָלט היינט מיטגעפאָרען מיט דער טאַנטע? — האָט זי געפרעגט, וויצלענדיג זיך.

גענומפערט. — און ער וואַרפט דאָך אויגען אויף מיין שוועסטער... — האָט ער פּליסטערענדיג צוגעלייגט.

— מיינסט עס אויף אַן אמת? — האָט טאַראַנטיעוו געפרעגט אַן ערשטוניטער.

— האַלט נאָר ס'מויל! ערען וואָרט, אַז עס איז אזוי...

— דאָס, ברודער, — האָט טאַראַנטיעוו אַ פּאַרוואונדערטער אַרויסגערעדט, ווען ער איז געקומען צו זיך פון דער איבעררראַשונג, — מיר וואָלט דאָס קיינמאָל אויפ'ן זינען ניט געקומען! נו, און זי?

— וואָס זי? דו קענסט דאָך איר.

ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אַן טיש.

—וויים זי דען ווי צו פאַרטיידיגען אירע אינטערעסען? אַ בהמה, אַן אמת'ע בהמה: שלאָג איר, נעם איר אַרום, זי וויים נאָר איינס... שמייכעלט... אַ צווייטע אויף איר אָרט וואָלט שוין... אָבער איך וועל קיין אויג ניט אַרונטערלאָזען, דו פאַרשטעהסט דאָך, מיט וואָס דאָס שמעקט!

— אזוי לאנג ווי אין רוסלאנד וועלען זיין נאראָנים, וואָס וועלען אונטערשרייבען קאָנטראַקטען ניט געלעזענער־הייט, וועט זיך אונזער א ברודער נאָך קאָנען ווי־ניט־איז דורכשלאָגען. ווארים אזוי, איז זער שלעכט געוואָרען! וואָס האָב איך אפּגעשפּאָרט נאָך פינף און צוואנציג יאָר דינען? מען קאָן נאָך דורכלעבען די יאָרען אויף וויבור־גער קווארטאל, ווען מען זאָל ניט אַרויסווייזען די נאָז אויף גאָטס וועלט. עס זיינען שוין אוועק די צייטען, ווען מען האָט געקאָנט חתונה האָבען מ׳ט א רייך מיידעל, האָבען א הויז מיט טעפּיכער, אויסגעבען גוט די קינדער! און דו זעסט שוין ניט אויס ווי מען דאַרף, און די פינגער זיינען רויט, דאָס אלץ איז פון דעם וואס דו טרינקסט שנאַפּס, און ווי זאָל מען קיין שנאַפּס ניט טרינקען? פּרואוו נאָר ניט טרינקען! אונזער לעבען איז אצינד ערגער ווי פון א לאַקיי: א לאַקיי וועט איצט׳גע צייטען ניט אָנטאָן אזוינע שטיוועל, און א העמד בייט ער אלע טאָג. און אין אלץ זיינען שולדיג די נייע: ברעכבען זיך, לעזען ביכער, רעדען פראנצויזיש....

— אָבער קיין ארבייט קאָנען זיי ניט טאָן, — האָט טאראנטיעוו זיך אפּגערופען.

— ניין, פּארקערט, זיי ווייסען יאָ, וואָס זיי ווילען. איצט איז שוין אַן אַנדערע צייט, מען זוכט וואָס פּשוט׳ער, וואָס מער זיך איינצוברענגען.

— אָבער דער קאָנטראַקט א׳ז דאָך שוין אונטערגע־שריבען! — האָט געזאגט אבלאָמאָוו.

— יאָ, ברודער, און לאָמיר טאַקע אויסטרינקען! איצט וועט זאטערטי אויסזויגען א ביסעל אין אָבלאָמאָווקע. אבער איך האָב אלץ מורא, אז ער זאָל ניט חתונה האָבען.

— איך זאָג דאָך דיר, אז דו האָסט ניט וואס מורא צו האָבען. געדענקס מיין ווארט.

— ווירקליך? — האָט איוואן מאטוועיאיטש פרעהליך

דיר רינגען, — ניסט אין גאנצען פופציג רובל פאר אזא שכן!

— איך האָב מורא, ער זאָגט אַלץ, אז ער וועט זיך ארויסקלייבען, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש באמערקט.

— דו וועסט נאָך דארפען לאַנג ווארטען ביז ער וועט אַך ארויסקלייבען! דו וועסט אים אפילו ניט קאָנען ארויס־טרייבען!

— און דאָס וואָס ער האָט חתונה? מען זאָגט דאָך, אז ער וועט אין גיכען חתונה האָבען!

— ער וועט חתונה האָבען? ווילסט זיך מיט מיר וועטען, אז ער וועט ניט חתונה האָבען? — האָט טאַראַנ־טיעוו געענטפערט — ער קאָן דאָך אָן זאכאַר'ן ניט געהן שלאָפען, וועט ער גאָר נעמען און חתונה האָבען! ביז איצט האָב איך אים אין אַלץ ארויסגעהאָלפען, זיין וואָלטע־טער נעווען: אָן מיר וואָלט ער שוין לאַנג פון הונגער גע־שטאָרבען, אָדער געזעסען אין א תפיסה. ווען דער נאַד־זיראַטעל קומט, ווען דער באַלעבאָס פון הויז וויל עפּעס פון אים געוואר ווערען, קאָן ער דאָך קיין מויל ניט עפענען — אַלץ איך! ער האָט גאַר קיין קאָפּ ניט אויף זיך...

— זער אַן אַריגינעלער מענש: וואָס עס טוט זיך אין באַצירקס געריכט, ווייס ער ניט, וואָס עס קומט פאר אין דעפּאַרטאַמענט, ווייס ער אויך ניט; וואָס פאר א פּויערים האָט ער — געדענקט ער ניט. וואָס פאר א קאָפּ דאָס האָט! איך האָב זיך שיער ניט צולאַכט! — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש.

— און וואָס פאר א קאָנטראַקט האָט מען דאָס מיט אים געמאַכט! — האָט טאַראַנטיעוו זיך איבערגענומען. — א קינסטלער ביסטו, איוואַן מאַטוועיאיטש אויף צו שרייבען קאָנטראַקטען, ערען וואָרט א קינסטלער! אַמאָל האָב איך אויך געקאָנט, אָבער שוין ניט איצט. אונטערגעשריבען ניט געלעזענערהייט! און אין קאָנטראַקט זיינען פאַראַן סעדער, פערד — שטאַלען און שייערס!

## 10.

און אין דעם זעלבען אָווענט זיינען איוואַן מאַטוועיאיטש און טאראנטיעוו געזעסען אין אַ צימער פון צווייטען שטאָק אין אַ צוויי שטאָקיג הויז, וואָס איין זייט פון אים איז ארויסגעגאנגען צו דער גאס, וואו אָבלאָמאָוו האָט געוואוינט און די צווייטע צום ברעג.

דאָס איז געווען אַ מין קרעטשמע, וואו ביי דער טיר זיינען שטענדיג געשטאַנען אַ צוויי־דריי ליידיגע דראָשקעס און די קוטשערס זיינען געזעסען אין אונטערשטען שטאָק פון דער קרעטשמע מיט גלעזלעך אין די הענט. דער אויבער־שטער שטאָק איז געווען באַשטימט פאר די „הערען" פון ווי־בורגער קווארטאל.

פאר איוואַן מאַטוועיאיטש'ען און טאראַנטיעוו'ן איז גע־שטאַנען אַ פלאַש ראָם און טיי.

— אמת'ר יאַמייקער, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש געזאגט, אָנגיסענדיג זיך מיט אַ ציטערדיגער האנט ראָם אין גלאָז אריין, — זאָג זיך ניט אָפּ, ברודער, פון אזא כיבוד.

— זיי זיך מודה, אז עס איז דאָ פאר וואָס צו שטעלען ראָם, — האָט זיך טאראַנטיעוו אָפּגערופען. — דאָס הויז וואָלט פארפוילט געווארען און אויף אזא שכן וואָלט עס זיך אלץ ניט דערווארט.

— אמת, אמת, — האָט אים איוואַן מאַטוועיאיטש איבערגעשלאָגען. — און אויב עס זאָל אונז געלינגען און זאַטערטי זאָל פאָרען אין דאָרף אריין, וועט שוין זיין פאר וואָס צו טרינקען!

— אָבער דו ביסט קארג, ברודער: מען דארף זיך מיט

— די ערליכקייט אליין! איר האָט זיך ניט וואָס צו באַאומרויִקן! ער וועט אַלץ טאָן כדי צופרידענצושטעלען זיין באַלעבאָס. שוין צוועלף יאָר ווי ער דינט ביי אונז.

— ווי אזוי וועט ער קאָנען פאָרען, אויב ער דינט? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— דאָס מאַכט ניט. ער וועט נעמען אורלויב אויף פיר חדשים. איר באַשליסט זיך נאָר, וועל איך אים שוין אהער־ברענגען. ער וועט דאָך ניט פאָרען אומזיסט...

— געוויס ניט, — האָט אָבלאָמאָוו באַשטעטיגט.

— איר באַשטימט אים רייזע אויסגאַבען, טעגליכע הוצאות און א סומע אלס באַלוינונג, וועָן ער וועט ענדיגען די ארבייט. ער וועט פאָרען!

— איך בין אייך זער דאַנקבאַר: איר האָט מיך באַ־פרייט פון א סך דאגות, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, דער־לאַנגענדיג אים די האַנט. — וואָס איז זיין נאָמען?

— איסאַי פאָמיטש זאַטערטי, — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש, אָפּווישענדיג אויף גיך די האַנט אין ארבעל פון דער צווייטער האַנט, און, נעמענדיג אויף א רגע אָבלאָ־מאָוו'ס האַנט, האָט ער גלייך זיינע באַהאַלטען אין ארבעל אריין. — איך וועל מאָרגען איבעררעדען מיט אים און אים אהער ברענגען.

— און זייט ביי מיר אויף מיטאָג, וועלען מיר אַלץ דורכרעדען. איך בין אייך זער, זער דאַנקבאַר! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, באַגלייטענדיג איוואַן מאַטוועיאיטש'ן צו דער טיר.

**איר:** איר זייט דאָך דורכגעגאַנגען אמת'ע וויסענשאַפטען...

— אמת, — האָט אָבלאָמאָוו באַשטימט מיט א זיפץ, — איך בין דורכגעגאַנגען העכערע אַלגעברע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, רעכט־וויסענשאַפט, אבער דאָך טויג איך ניט פאר קיין דינסט־אַרבייט. איך בין געקומען אין דאָרף אריין, ארומגעקוקט זיך א ביסעל ווי עס פירט זיך ביי אונז אין הויז און אין גוט און אין ארום אונז — אָבער דאָ האָט זיך אַלץ געפירט נאָך אַנדערע געזעצען. איך בין געקומען אהער און געהאַפּט מיט מיין פּאָליטישע עקאָנאָמיע דערשלאָגען זיך צו עפּעס... אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אז מיינע קענטשאַפטען וועלען מיר אפשר צוניץ קומען אויף דער עלטער, אָבער פריער פאר אלעם דאַרף איך קריגען א ראַנג, און צו דעם איז נויטיג בלויז איין קענטשאַפט — שרייבען פאַפּירען. איך האָב זיך ניט געטויגט דערפאַר און בין געוואָרען א פּריץ, אָבער איר האָט זיך יאָ אויסגעטויגט דערצו, זייט דערפאַר אזוי גוט און זאָגט מיר וואָס זאָל איך טאָן אצינד?

— יאָ, מען קאָן, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש ענדליך ארויסגערעדט.

אָבלאָמאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר אים און געוואַרט וואָס ער וועט זאגען.

— יאָ, מען קאָן עס אָנפאַרטרויען א מענשען, וואָס ווייס די זאַך און די פולמאַכט איבערמאַכען אויף זיין נאָמען, — האָט צוגעלייגט איוואַן מאַטוועאיטש.

— אָבער וואו געפינט מען אזא מענשען? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— פאַראַן ביי אונז א באַאַמטער, איסאַי פאָמיטש זאַטערטי. ער שטאַמעלט א ביסעל, אָבער זער א טעטיגער מענש. דריי יאָהר צייט איז ער געווען פאַרוואַלטער פון א גרויס דאָרף, און דער גוט־באַזיצער האָט אים אָפּגעזאָגט בלויז דערפאַר, וואָס ער שטאַמעלט א ביסעל. ער וועט אָנקומען צו אייך.

— קאָן מען זיך אויף אים פאַרלאָזען?

האָט מיט דעם זעלבען אונטערטעניגען געלעכטערל באַמערקט דער באַלעבאָסטעס ברודער.

עס האָט אויסגעפעלט מוט און עס איז אויך ניט נויטיג געווען אַנטפּלעקען זיך פאַר אָט דעם באַאַמטען ביז דער טיפעניש פון דער נשמה.

„איך ווייס גאַרנישט וועגען ביכער”, איז צוגעקומען צו זיין קעל, אָבער עס איז ניט אַרונטער פון צונג און עס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ טיפען זיפץ.

— מען דאַרף זיך מיט עפּעס פאַרנעמען, — האָט רואיג צוגעלייגט איוואַן מאַטוועיאיטש, אַזוי ווי ער וואָלט דורכ־געלעזען אין אָבלאָמאָוו'ס אויגען דעם ענטפער וועגען די ביכער, — עס אי זאוממעגליך, אז...

— עס איז מעגליך, איוואַן מאַטוועאיטש, און אָט האָט איר אַ לעבעדיגען ביישפּיל — מיך! ווער בין איך? וואָס בין איך אַזוינס? גייט און פרעגט ביי זאַכאַר'ן און ער וועט אייך זאָגען: „אַ פּריץ!” יאָ, איך בין אַ פּריץ און איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן! טוט איר עס, אויב איר קאָנט, העלפט מיר, אויב איר ווייסט ווי, און פאַר אייער מי נעמט זיך וויפיל איר ווילט אליין... צוליב דעם איז דאָך די וויסענשאַפט.

ער האָט גענומען שפּאַנען איבער'ן צימער. איוואַן מאַט־וועאיטש איז געשטאַנען אויף איין אָרט און אַלע ווײַלע האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער אין יענעם ווינקעל, וואו אָבלאָמאָוו איז אַוועק. אַ ווײַלע האָבען זיי ביידע געשוויגען.

— וואו האָט איר זיך געלערענט? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט, בלייבענדיג שטעהן פאַר אים.

— איך האָב אָנגעהויבען אין גימנאַזיום, אבער דער פאָטער האָט מיך אַרויסגענומען פון זעקסטען קלאַס. וואָס איז ווערט אונזער גאַנץ וויסען? לעזען, שרייבען, אַ ביסעל רעכענען, דאָס אַלץ. אבער איך האָב זיך איינגעאיבט אין מיין אַרבייט און איך שלאָג זיך ווי ניט איז דורך. ניט ווי

באלעבאטישקייט ניט פירען, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש געזאָגט מיט אַן אונטערטעניג שמייכעל. און אויפשטעלענדיג זיך, האָט ער איין האַנט פאַרלייגט אויף הינטען און די צווייט'ע אונטער'ן בוזעם. — אַ גוטבאַזיצער דאַרף קענען זיין גוט און וויסען ווי אומצוגעהן דערמיט... — האָט ער אַרויסגערעדט באַלערענדיג.

— אָבער איך ווייס ניט. לערנט מיך אויס, אויב איר ווייסט ווי.

— איך אַליין האָב זיך מיט דעם געגענשטאַנד ניט פאַר־נומען. מען דאַרף זיך באַראָטען מיט מענשען, וואָס וויסען וועגען דעם. אָט שרייבט מען אייך אין בריף, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש ווייטער גערעדט, אָנצייגענדיג מיט'ן נאָגעל פון מיטעלסטען פינגער אויף אַ פּלאַץ אין בריף, — אַז איר זאָלט ווערען אַ ריכטער, אַ גרויסאַרטיגער פּלאַן! איר וואָלט דאָרט געלעבט, געדינט אין געריכט און אין דער זעלבער צייט באַקענט זיך מיט דער פאַרוואַלטונג פון דאָרף.

— איך הויב ניט אָן צו וויסען, וואָס אַזוינס איז אַ באַ־צירקס געריכט, וואָס מען טוט אין אים! — האָט שאַרף, אָבער מיט אַ שטילער שטימע אַרויסגערעדט איליא איליטש, צוטרע־טענדיג כמעט צו איוואַן מאַטוועיאיטש'עס נאָז.

— איר וועט זיך צוגעוועהנען. איר האָט דאָך דאָ אין אַ דעפּאַרטמענט געדינט: אומעטום איז די זעלבע אַרבייט, בלויז אַ קליינע אונטערשיד אין דער פאָרם... ווען איר זאָלט האָבען אַ נומען סעקרעטאַר, וואָס בלייבט אייך דאַמאָלט צו טאָן? אונטערשרייבען בלויז. אויב איר ווייסט נאָר ווי אין די דע־פּאַרטאַמענטען ווערט די אַרבייט געטאָן...

— איך ווייס ניט ווי די אַרבייט ווערט געטאָן אין די דעפּאַרטאַמענטען, — האָט אָבלאָמאָוו מאָנאָטאָן געזאָגט.

איוואַן מאָטוועאיטש האָט געוואָרפען אַ בליק אויף אָב־לאָמאָוו'ן און געשוויגען.

— איר האָט אפּנים געהאַלטען אין איין לעזען ביכער?—

— וויפיל פויערים צאָלען אייך שטייער? — האָט איוואן מאטוועיאיטש געפרעגט.

— איך... איך ווייס ניט: שוין לאנג אין דאָרף ניט גע־וועז.

— דאָס דאַרף מען וויסען. אָן דעם קאָן מען ניט וויסען וויפיל איר דאַרפט קריגען פון דאָרף.

— געוויס דאַרף מען, — האָט אָבלאָמאָוו נאָכגעזאָגט.
— דער שכן שרייבט אויך דאָס זעלבע, דאַרף זיך אונטערררוקען דער ווינטער.

— דאכט זיך... עס דאַרף ערגעץ זיין ביי מיר... שטאָלץ האָט אמאָל אליץ פארשריבען, אָבער עס איז שווער צו געפינען: זאכאר האָט עס מסתמא ערגעץ־וואו פארשטעקט... איך וועל עס אייך שפּעטער ווייזען... דאכט זיך, אז דרייסיג רובל פון א משפחה...

— וואָס פאר א פויערים זיינען אייערע? ווי לעבען זיי? — האָט איוואן מאטוועיאיטש געפרעגט. — זיינען זיי רייך, אָרעם?

—הערט זיך איין, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, צוגעהענדיג צו אים און אָננעמענדיג אים צוטרויליך פאר די לאצען פון זיין ראָק.

איוואן מאטוועיאיטש האָט אויף שנעל זיך אויפגעהויבען, אָבער אָבלאָמאָוו האָט אים צוריקגעזעצט אויף זיין שטול.

— הערט זיך איין, — האָט אָבלאָמאָוו ווידערהאָלט כמעט שעפּטשענדיג, — איך ווייס גאָרנישט וועגען דאָרף, איך ווייס ניט ווען מען זעעט, ווען מען שניידט, ווען מען פארקויפט, איך ווייס ניט וואָס איז האָבער און וואָס איז ווייץ; איך ווייס ניט צי איך בין רייך, אָדער אָרעם, צי איך וועל אין א יאָר ארום זיין זאט, אָדער הונגעריג — איך ווייס גאָרנישט ניט! — האָט ער מיט טרויער פאַרענדיגט, ארויסלאָזענדיג איוואן מאטוועי־איטש׳עס לאצען און מאכענדיג א טריט אויף צוריק, —דער־פאר דאַרפט איר רעדען און ראָטען מיר, ווי מען ראָט א קינד...

—וואָס הייסט? מען דאַרף וויסען, אָן דעם קאָן מען קיין

.9

אויף דעם זעלבען אופן וואָס דאָס ערשטע מאָל, איז דער באַלעבאָסטע׳ס ברודער איצט אריין אין צימער, ער האָט זיך פונקט אזוי פּאַרזיכטיג אוועקגעזעצט אויף א שטול, די הענט אריינגערוקט אין די אַרבעל און געוואַרט, וואָס איליא איליטש וועט זאָגען.

— איך האָב געקראָגען א זער אומאַנגענעמען ענטפער אויף דער פּולמאַכט, וואָס איך האָב געשיקט צו מיינס א שכן, — האָט אַבלאָמאָוו געזאָגט. — זייט אזוי פריינדליך און לעזט עס דורך.

איוואַן מאַטוועיאיטש האָט גענומען דעם בריף און מיט די אויגען דורכגעלאָפּען די שורות; דער בריף האָט געציטערט אין זיינע פינגער. ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער דעם בריף אוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש און די הענט האָט ער באַהאַלטען אויף דער פּלייצע.

— וואָס איז אייער מיינונג וועגען דעם? — האָט אַבלאָמאָוו אים געפרעגט.

— זיי ראַטען אייך אהין צו פאָרען, — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש. — צוועלף הונדערט ווערסט איז ניט אזוי שרעקליך! אין א וואָך ארום וועט זיך איינשטעלען דער וועג, וועט איר פאָרען.

— אָבער איך בין אינגאַנצען אָפּגעוועהנט פון צו פאָרען; איך בין זיך מודה, אז אזוי ווי איך בין אָפּגעוועהנט פון פאָרען און דערצו איז איצט ווינטער, וואָלט מיר שווער געווען, וואָלט זיך מיר זער ניט געוואָלט... דערצו איז איינעם אליין אין דאָרף זער לאַנגוויילי׳ג.

פאראן חברה־לייט, וואָס לעבען דאָס גאַנצע לעבען אָפּ אויף יענעמ'ס רעכענונג, כאַפּען רעכטס און לינקס און עס אַרט זיי ניט! ווי אַזוי זיי קאָנען רואיג איינשלאָפען, רואיג עסען — איז אומפאַרשטענדליך! אַ חוב! און די פאָלגען פון אַ חוב זיינען דאָך — אַרבייטען ווי אַ קאַטאָרזשניק, אָדער אַנוועקען די ערע.

פאַרזעצען אפשר אָבלאָמאָווקע? אבער איז דען דאָס ניט קיין חוב? האַלט אין איין צאָלען, יעדעס יאָר צאָל, אַז עס וועט שוין ניט בלייבען מיט וואָס צו לעבען.

אויף נאָך אַ יאָר איז דאָס גליק אוועקגערוקט געוואָרען! אָבלאָמאָוו האָט פּיינליך צוזיפצט זיך און אַ וואָרף געטאָן זיך אויפ'ן בעט, אָבער ער האָט זיך באַדענקט און אויפגעהויבען זיך. און וואָס האָט געזאָגט אָלגאַ? און זי גלויבט אין זיינע כוחות! און זי וואַרט, אַז ער וועט געהן פאַראויס און וועט דערגעהן צו יענער הויך, וואו ער וועט איר אויסשטרעקען די האַנט און וועט זי פירען נאָך זיך, און וועט איר ווייזען איר וועג! יאָ, יאָ; אָבער פון וואָס הויבט מען אָן?

ער האָט געטראַכט, געטראַכט, דערנאָך האָט ער זיך מיט־אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערען און איז אוועק אין דער באַ־לעבאָסטע'ס דירה.

— אייער ברודער איז אין דער היים? — האָט ער גע־פרעגט די באַלעבאָסטע.

— ער איז אין דער היים, אָבער ער שלאָפט שוין.

— וועט איר אַזוי גוט זיין און אים בעטען מאָרגען אָפּ־צוטרעטען ביי מיר, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, — איך דאַרף אים זען.

האָט נעמיינט, אַז אין בריוו איז באַשטימט געזאָגט וויפיל איינ־קונפט ער וועט האָבען און, פאַרשטעהט זיך, וואָס מעהר, אַ זעקס־זיבען טויזענט, למשל; אַז דאָס הויז איז נאָך גוט, אַז אין פאַל פון נויט קאָן מען נאָך אין אים וואוינען פאַר דער צייט, וואָס עס וועט געבויט ווערען דאָס נייע הויז; און, שליסליך, אַז דער באַפּולמעכטיגער וועט גלייך צושיקען אַ דריי־פּיער טויזענט רובל — מיט איין וואָרט, אַז אין דעם בריוו וועט ער געפינען דעם זעלבען געלעכטער, דעם זעלבען שפּיל פון לעבען און ליבע, וואָס איז אָלגאַ'ס בריוו.

ער האָט שוין כּמעט ניט געשוועבט איבער'ן צימער, ער האָט שוין מעהר ניט געשפּאַסט מיט אַניסיאַ'ן, ער האָט זיך שוין מעהר ניט געררייצט מיט האָפנונגען אויף גליק: דאָס אַלץ האָט מען געדאַרפט אָפּלייגען אויף דריי מאָנאַטען; אָך, ניין! אין דריי מאָנאַטען ארום וועט ער ערשט קאָנען באַקענען זיך מיט זיין גוט, און וועגען דער חתונה...

„פריער ווי אין אַ יאָר ארום טאָר מען גאָרניט טראַכטען וועגען דער חתונה, — האָט ער דערשלאָגען ארויסגערעדט, — יאָ, יאָ, אין אַ יאָר ארום ערשט און ניט פריער!" דערצו דאַרף ער נאָך דערענדיגען זיין פּלאַן, ערשט דערנאָך... דערנאָך...

ער האָט אַ זיפץ געטאָן.

„לייען ערגעץ געלט!" האָט דורכגעבליצט דורך זיין קאָפּ. אָבער ער האָט גלייך אָפּגעשטויסען פון זיך אָט דעם געדאַנק.

„ווי אַזוי קאָן איך דאָס טאָן? און אויב די געשעפטען וועלען געהן שלעכט און איך וועל ניט האָבען אָפּצוגעבען, וועט מען דאָך אויף מיר אָנגעבען אין געריכט און דער נאָמען אָבלאָמאָוו, וואָס איז ביז איצט געוועזען אומבאַפּלעקט, ריין..." זאָל גאָט מיך אָפּהיטען דערפון! דאַמאָלט וואָלט ער זיך שוין געדאַרפט געזעגנען מיט זיין רו, מיט זיין שטאָלץ... ניין, ניין! לייט, וואָס לייען, דרעהען זיך, מוזען אַרבייטען אָן אַן אויפהער, שלאָפען ניט, פּונקט ווי אַ טייוועל וואָלט געזעסען אין זיי! יאָ — אַ חוב איז אַ טייוועל, אַ ניט־גוטער, וואָס מען קאָן פון אים ניט פּטור ווערען מיט קיין אַנדער מיטעל, ווי מיט געלט.

איך, ניט קאָנענדיג זיך דערוואַרטען אויף אייער ענטפער, צו־זאמענגערעדט זיך מיט אראָנצאָוו'ן און ביעלאָוואָדאָוו'ן וועגען דורכפירען א וועג דורך נעלקי, אזוי אַרום וועט אָבלאָמאָווקע בלייבען ווייט אָן א זייט. און צום שלוס, בעט איך אייך ווידער צו קומען וואָס גיכער: אין א צייט פון א דריי מאָנאַט וועט אייך קלאָר ווערען, וואָס איר האָט צו ערוואַרטען פון אייער דאָרף פאַר'ן נעקסטען יאָר. א פּראָפּאָס, איצט זיינען וואַלען: וואָלט איר ניט וועלען ארויסשטעלען אייער קאַנדידאַטור פאַר א באצירקס־ריכטער? איילט זיך צו. אייער הויז אין אין א זער שלעכטען צושטאַנד, איך האָב געהייסען דעם קוטשער אין די צוויי אַלטע מוידען, וואָס האָבען דאָרט געוואוינט, אַז זיי זאָלען זיך ארויסקלייבען, ווייל עס איז געפערליך דאָרט צו זיין".

צום בריף איז געווען צוגעלייגט א צעטעל, וואו עס איז געווען אויסגערעכענט וויפיל מען האָט ארונטערגענומען תבואה, וויפיל מען האָט געמאָלען, וויפיל מען האָט אריינגעשאָטען אין די שייערס, וויפיל עס איז באשטימט צום פאַרקויף, און ענליכע קלייניגקייטען וועגען באַלעבאַטישקייט.

„קיין גראָשען געלט וועט ניט זיין קיין גאַנצע דריי מאָ־נאַטען, ס'מען אליין אין דאָרף, אליין פאַרנעמען זיך מיט די פּויערים, פאַרנעמען זיך מיט וואַלען" — אזוי ווי געשעפּענסטער זיינען די דאָזיגע ווערטער באַפאַלען אָבלאָמאָוו'ן. ער האָט זיך געפילט, ווי ער וואָלט מיט אמאָל פאַרוואָרפען געוואָרען אין א וואַלד, וואו אונטער יעדען בוים און בוש איז געלעגען באַ־האַלטען א גזלן, א מת, א ווילדע חיה.

„ניין, איך וועל זיך ניט אונטערגעבען, דאָס וואָלט געווען א שאַנדע!" האָט געזאָגט צו זיך אָבלאָמאָוו, וועלענדיג באַקע־נען זיך מיט אָט די אַלע געשפּענסטער און שאָטענס, פּונקט ווי א פּייגלינג, וואָס באַמיט זיך דורך האַלב־פאַרמאַכטע אויגען א קוק צו געבען ביי נאַכט אין חושך אריין און אַלץ וואָס ער פילט איז א קעלט ביים האַרצען, א פאַר'חלש'טקייט אין די הענט און אין די פיס.

און אויף וואָס אָבלאָמאָוו האָט אַלץ געהאָפט! אָבלאָמאָוו

— אויב איך וועל נאָר ניט פאַרגעסן. אָבער ווי גאָט איז אייך ליב, מיינט ניט, אַז דאָס איז געוועזן פריילין...

— וואָס איז דאָס מיין דאגה, ווער עס קומט צוגעהן צו מיין שכן? — האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע, ווען ער האָט גע־נומען אַרויסגעהן. — טאָ פאַרגעסט ניט, אַז ווען איר וועט דאַר־פן זיך לאָזן נעהען העמדער, צו זאָגן מיר, און מיינע באַ־קאַנטע וועלן עס פאַר אייך מאַכן... איינע רופט מען ליזאַ־וועטאַ ניקאָלאָוונאַ און די צווייטע — מאַריאַ ניקאָלאָוונאַ.

— גוט, גוט, איך וועל ניט פאַרגעסן, אָבער איר זייט אַזוי גוט און מיינט ניט, אַז...

און ער איז אַרויס, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטאָן און אַוועקגעפאָרן צו אָלגאַ'ן.

קומענדיג ביי נאַכט אַהיים, האָט ער ביי זיך אויפ'ן טיש געפונען אַ בריף פון דאָרף, פון זיין שכן דעם באַפולמעכטיגען. ער האָט זיך געכאַפּט צום בריף — און ער איז אָפּהענגטיג גע־וואָרן.

„איך בעט זער, די פולמאַכט איבערגעבען אימיצען אַנ־דערש (האָט געשריבען דער שכן), וואָרים איך האָב אַזויפיל אַרבייט, אַז איך קאָן ניט, רעדענדיג אָפנהערציג, אַכטונג גע־בען אויף אייער גוט ווי עס דאַרף צו זיין. אַם בעסטען וואָלט געווען, אַז איר זאָלט קומען אַהער, און נאָך בעסער וואָלט גע־ווען, אַז איר זאָלט זיך אין גאַנצען באַזעצען אין אייער גוט. איר האָט אַ גוט גוט, אָבער עס איז זער פאַרלאָזען, די פויערים זיינען צובאַלעוועט געוואָרן, פאָלגען ניט דעם נייעם סטאַראָ־סטאַ און דער אַלטער איז אַ דרעה־קאָפּ, מען דאַרף אויף אים אַכטונג געבען. עס איז שווער צו באַשטימען, ווי גרויס אייער איינקונפט קאָן זיין. ביי דער איצטיגער אומאָרדנונג, גלויב איך ניט, אַז איר קאָנט קריגען מער ווי אַ דריי טויזענט רובל און דאָס ערשט, אויב איר וועט דאָ זיין. אויב איר וועט אַליין אַכטונג געבען ביים פאַרקויפען די תבואה, וועט איר האָבען געלט אַרום אַפּריל. בארעם איז איצט אפילו קיין גראָשען געלט ניטאָ. וואָס אַנבאַלאַנגט, ווידער, דעם וועג איבער ווערכליעוו, האָב

טען זיך אויף איר מיט'ן עלענבויגען. — וואס שטופסט דו זיך, וואו מען בעט דיך ניט...

אניסיא איז פארשוואונדען. אבלאמאוו האט מיטביידע פויסטען א מאך געטאן אויף זאכאר'ן, דערנאך האט ער שנעל אן עפען געטאן די טיר, וואס האט געפירט צו דער באלעבאסטע'ס צימערען. אגאפיא מאטוועיעווגא איז געזעסען אויפ'ן דיל און איבערגעלייגט וועש אין אן אלטען קופערט. לעבען איר זיינען געלעגען שמאטקעס, אלטע קליידער, קנעפלאך, שטיקלאך פוטער.

— הערט זיך איין, — האט אבלאמאוו אנגעהויבען צו רעדען פריינדליך, אבער מיט אן איינגעהאלטענער אויפרעגונג, — מיינע מענשען טרייבען דא גאט ווייס וואסערע רכילות, ווי גאט איז אייך ליב, גלויבט זיי קיין ווארט ניט.

— איך האב קיין שום זאך ניט געהערט, — האט געזאגט די באלעבאסטע. — וואס פלוידערען זיי דאס?

— אט וועגען דעם נעכטיגען וויזיט, — האט אבלאמאוו ווייטער גערעדט, — זיי זאגען, אז עס איז דא געווען א געוויסע פריילין...

— וואס איז דאס אונזער דאגה, ווער עס קומט צו א שכן?

— האט געזאגט די באלעבאסטע.

— אבער איך בעט אייך זער, אז איהר זאלט ניט גלויבען: עס איז א געמיינער ליגען! קיין שום פריילין איז דא גיט געווען: עס איז געקומען א נעהטארין, וואס נעהט פאר מיר העמדער, זי איז געקומען אנמעסטען די העמדער.

— וואו האט איר זיך באשטעלט העמדער? ווער נעהט עס פאר אייך? — האט די באלעבאסטע שנעל א פרעג געטאן.

— אין פראנצויזישען מאגאזין...

— ווייזט זיי מיר, ווען זיי וועלען זיי אייך ברענגען. איך האב צוויי מיידלאך, מאכען זיי אזוינע דינע שטעך, וואס קיין שום פראנצויזין וועט עס ניט מאכען. איך האב געזען זייער ארבייט, זיי נעהען פאר'ן גראף מעטלינסקי: קיינער קאן ניט נעהען אזוי ווי זיי. ווי קומען די, וואס איר טראגט צו זייערע!

.8

צומאַרגענס, ווען זאַכאַר האָט אויפגעראַמט דאָס צימער, האָט ער געפונען אויפ׳ן שרייב־טיש אַ קליינע האַנט־שו, ער האָט זי אַ לאַנגע צייט באַטראַכט, אַ שמייכעל געטאָן, דערנאָך זי דערלאַנגט אָבלאָמאָוו׳ן.

— מסתמא האָט עס די פריילין אילינסקאַיאַ פאַרגעסען, — האָט ער געזאָגט.

— טייוועל! — האָט איליאַ איליטש אַרויסגעדונערט, אַרויסרייסענדיג פון זיינע הענט די האַנט־שו. — דו לייגסט! וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלען, אַז דאָס איז געווען פריילין אילינסקאַיאַ! דאָס איז אַ נעהטאָרין געקומען אָנמעסטען מיר די העמדער! ווי וואַגסטו אויסצוטראַכטען אַזוינע זאַכען?

— וואָס פאַר אַ טייוועל בין איך? וואָס טראַכט איך אויס? מען רעדט דאָך שוין וועגען דעם ביי דער באַלעבאָסטע...

— וואָס רעדט מען? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— מען רעדט דאָרט, אַז די פריילין איז דאָ געווען מיט אַ מיידעל...

— גאָט מיינער! — האָט מיט שרעק אַרויסגערעדט אָבלאָמאָוו. — און פון וואַנען קענען זיי פריילין אילינסקאַיאַ? דאָס האָסטו אָדער אַניסיאַ צופּלוידערט...

מיט אַמאָל האָט אַניסיאַ אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון פאָדערצימער.

— ווי שעמסטו זיך ניט, זאַכאַר טראָפימיטש, צו טרייבען רכילות? גלויבט אים ניט, פריץ, — האָט זי געזאָגט, — קיינער האָט ניט געזאָגט און קיינער ווייס ניט, איך שווער ביי גאָט...

— נו־נו־נו! — האָט אַ ברום געטאָן זאַכאַר און פאַרמאַס־

די ביכער, וואָס אָלגאַ האָט אים געהאַט צוגעשיקט און ער האָט דורכגעלעזען אַ באַנד און אַ האַלב.

„מאָרגען דאַרף אָנקומען דער ענטפער פון דאָרף", האָט ער געטראַכט, און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט... געקלאַפּט... ענדליך שוין!

דייטונג! אַך!...״ — האָט ער אַ טיפען זיפץ געטאָן, צודרייקענדיג די האַנד־שו צו די ליפען.

די באַלעבאָסטע האָט אַרויסגעקוקט פון דער טיר און אים באַוויזען אַ שטיק לייוונט, וואָס מען האָט געבראַכט צום פאַרקויפען, און אים געפרעגט צי ער דאַרף עס ניט.

אָבער ער האָט איר גאַנץ טרוקען געדאַנקט, ער האָט אַפילו קיין טראַכט ניט געטאָן אַ קוק צו טאָן אויף אירע עלענבויגענס און ער האָט זיך אַנטשולדיגט, ווייל ער איז זער פאַרנומען. דערנאָך האָט ער זיך פאַרטיפט אין זכרונות פון דעם לעצטען זומער, ער האָט פאַנאַנדערגעקליבען אין געדאַנק אַלע איינצעלהייטען, ער האָט זיך דערמאָנט אָן יעדען בוים, בויש, באַנק, אָן יעדען אַרויסגערעדטען וואָרט און עס האָט איצט אין זיינע אויגען אויסגעזען פיל ליבער, ווי עס איז געוועזן אין יענער צייט, ווען ער האָט זיך דערמיט געלאָבט.

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס עס קומט מיט אים פאָר. ער האָט געזונגען, פריינדליך געשמועסט מיט אַניסיאַ'ן, געוויצעלט זיך, וואָס זי האָט קיין קינדער ניט און ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס טויפען, זאָל זי נאָר האָבען אַ קינד. מיט מאַשאַ'ן האָט ער געמאַכט אַזאַ טומעל, אַז די באַלעבאָסטע האָט אַרויסגעקוקט און אַריינגעטריבען מאַשאַ'ן אין הויז אַריין, אַז זי זאָל ניט שטערען אָבלאָמאָוו'ן „פאַרנעמען זיך״.

דער אַנדערער האַלבער טאָג האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט זיין געהויבענע שטימונג. אָלגאַ איז געוועזן פרעהליך, זי האָט געזונגען, און דערנאָך האָט מען געזונגען אין דער אָפערע, שפעטער האָט ער ביי זיי געטרונקען טיי און ביים טיי איז אָנגענאַנגען אַזאַ אָפענהערציגער, אמת'ער געשפרעך צווישען אים, דער טאַנטע, דעם באַראָן און אָלגאַ'ן, אַז אָבלאָמאָוו האָט זיך געפילט פאַר אַ פאָלשטענדיגען מיטגליד פון אָט דער קליינער פאַמיליע. גענוג שוין געלעבט איינער אַליין: איצט האָט ער זיין אייגען ווינקעל. און ווי גוט איז אים!

ביי נאַכט איז ער ווייניג געשלאָפען: ער האָט דערלעזען

שליסען זיך ביי זיך אין קאבינעט, דורכפירען אליין דעם שאָ־
סיי אין אָבלאָמאָווקע, דורכלעזען א נאָר־וואָס ערשינען בוך,
וועגען וועלכען אלע רעדען, און נאָך היינט האָט זיך אים גע־
וואָלט זיין אין דער אָפּערע...

יאָ, היינט איז זי געווען ביי אים, ער וועט זיין ביי איר,
דערנאָך וועלען זיי זיין אין דער אָפּערע. ס'איז אַן אינהאלטס־
רייכער טאָג! ווי לייכט אָטעמט זיך אין אָלגאָ'ס נאָנטקייט,
אין די שטראַלען פון איר מיידעלישען גלאַנץ, פון איר מוט,
פון איר יונגען, אָבער דינעם און טיפען געזונטען פארשטאנד!
ער איז געגאנגען ווי ער וואָלט געשוועבט איבער'ן צימער.

„פּאַראָויס! פּאַראָויס! — זאָגט אָלגאָ — העכער, העכער,
צו יענעם פונקט, וואו דער כוח פון צערטליכקייט און גראציע
פארלירט זיין רעכט און עס הויבט זיך אָן די הערשאפט פון
מאנספערזאָן!"

ווי קלאָר זעט זי דאָס לעבען! ווי זי לעזט דאָס אין אָט
דעם טיפען בוך איר וועג, און מיט'ן אינסטינקט דערפילט
אויך זיין וועג! ביידע לעבענס, ווי צוויי טייכען, דארפען
זיך צוזאמענגיסען: ער איז איר וועגווייזער, פירער.

זי זעט זיין קראפט, קען זיינע פעהיגקייטען, ווייס, וואָס
ער קאָן טאָן און געדולדיג וואַרט זי אויף זיין הערשאפט! אָ,
הערליכע אָלגאָ! ניט אויפגערעגטע, פּשוט'ע, אָבער אנטשלאָ־
סענע פרוי, נאטירליך, ווי דאָס לעבען אליין!

„און אין אמת'ן ווי עקעלדיג דאָ איז! — האָט ער גע־
זאָגט, ארומקוקענדיג זיך, — און דער דאָזיגער מלאך האָט זיך
אַרונטערגעלאָזען אין אָט דעם קויט, הייליג געמאכט עס מיט
זיין אנוועזענהייט!"

ער האָט מיט ליבע א קוק געטאָן אויפ'ן שטול, וואו זי
איז געזעסען און זיינע אויגען האָבען מיט אמאָל א לויכט גע־
טאָן: אויפ'ן דיל, לעבען דעם שטול, האָט ער דערזען א
קליינינקע האנד־שו.

„א משכון! איר האנט: דאָס איז א צייכען, אַן אָנ־

# אבלאמאוו

זי האָט זיך צולאכט.

— שרעק זיך ניט פאר מיר, — האָט זי אים בארואיגט, — די מאנטע איז אוועקגעפאָרען אויף א גאנצען טאָג. בלויז די אם ווייס אַז איך בין ניט אין דער היים, אויך קאטיא. באַגלייט מיך.

זי האָט אים דערלאנג די האנט. רואיג, מיט דער פולער באוואוסטזיין פון איר אומשולד, איז זי דורכגעגאנגען דעם הויף און געזעצט זיך אין איר קארעט. דער הונט האָט זיך געריסען פון דער קייט און ווילד געבולען.

פון די פענסטער פון דער באַלעבאָסטעס זייט האָבען ארויסגעקוקט קעפ; פון הינטער א פּלויט האָט זיך ארויסגערוקט אניסיא'ס קאָפּ.

ווען דער קארעט האָט זיך פארדרעהט אין דער צווייטער גאַס אריין, איז אניסיא געקומען און געזאָגט, אַז זי איז אויסגעלאָפען דעם גאנצען מארק, נאָר קיין שפארגעל האָט זי ניט געקענט קריגען. זאכאר איז צוריקגעקומען אין א דריי שעה ארום און איז דורכגעשלאָפען א גאנצען מעת-לעת.

אָבלאָמאָוו האָט לאנג ארומגעשפּאנט אין צימער און ער האָט ניט געפילט אונטער זיך די פיס, און ער האָט ניט גערערט זיינע אייגענע טריט: ער איז געגאנגען אזוי, ווי ער וואָלט געשפּאנט איבער'ן דיל.

ווי נאָר עס איז פארשטומט געוואָרען דער סקריפּ פון דער קארעט, וואָס האָט אוועקגעפירט זיין לעבען, זיין גליק — איז זיין אימרואיגקייט פארשוואונדען, דער קאָפּ און דער אלסעל האָבען זיך ביי אים אויסגעגלייכט, דער באגייסטערטער גלאנץ האָט ווידער באלייכטען זיין געזיכט און זיינע אויגען זיינען געווען פייכט פון גליק, פון פרייד. זיין אָרגאניזם האָט דורכגעשטראָמט א ווארעמקייט, א פרישקייט, ער איז געוואָרען מוטיג. און פונקט ווי פריער, האָט זיך אים איצט געוואָלט זיין ווייט: ביי שטאָלצ'ן, מיט אָלגא'ן אין דארף, אין וועלדעל, אין פעלד, און אַט האָט זיך אים פארוואָלט פאר־

אויף א מענשען די ליבע פון אזא פרוי, ווי דו! קוק, גיב א קוק אויף מיר: בין איך דען ניט אצינד אויפגעשטאנען קיין תחית־המתים? קום אוועק פון דאנען! אוועק! אוועק! איך קען דאָ מער קיין רגע ניט בלייבען; מיר איז דאָ דערווידער, מיר איז דאָ ענג! — האָט ער געֿרעדט, ארומקוקענדיג זיך מיט אן אויפריכטיגען עקעל. — לאָז מיך דעם היינטיגען טאָג אויס־לעבען מיט אָט דעם געפיל... אך, ווען דאָס דאָזיגע פייער זאָל מיך ברענען מאָרגען, און שטענדיג, ווי עס ברענט מיך אצינד! אָבער ווען איך זע דיך ניט, ווער איך פארלאָשען, איך זינק! איצט האָב איך אויפגעלעבט, אויפגעשטאנען תחית המתים! מיר דאכט זיך... אָלגא, אָלגא! דו ביסט שענער פון אלץ אויף דער וועלט, דו... דו...

ער איז צוגעפאלען צו איר האנט מיט'ן פנים און פאר־גליווערט געווארען. דאָס מויל האָט שוין ניט געקענט ארויס־ברענגען מער קיין ווערטער. ער האָט צוגעדריקט די האנט צום הארצען, כדי איינצוהאלטען די אויפרעגונג און ווענדענדיג אויף אָלגא'ן זיין ליידענשאפטליכען, פייכטען בליק, איז ער גע־בליבען אומבאוועגליך.

„ער איז צערטליך, צערטליך, צערטליך!" האָט אָלגא געזאָגט צו זיך, אָבער זי האָט דערביי א זיפץ געטאָן און איז ווידער פארזונקען געווארען אין געדאנקען.

— עס איז שוין צייט פאר מיר צו געהן! — האָט זי צערטליך ארויסגערעדט, אויפכאפענדיג זיך פון איר פארטראכט־קייט.

ער האָט זיך מיטאמאָל אויסגעניכטערט.

— גאָט מיינער, דו ביסט דאָך דאָ! ביי מיר? — האָט ער גערעדט און דער באגייסטערטער בליק איז פארביטען גע־וואָרען אויף א גיך ארומקוקען זיך אין אלע זייטען. קיין באַ־גייסטערטע ווערטער זיינען שוין מער ניט געגאנגען פון מויל.

ער האָט איילינג א כאפ געטאָן דעם הוט און דעם סאלאָפ און, אין צוטומעלטקייט, האָט ער געוואלט איר אָנטאָן אויפ'ן קאָפ דעם סאלאָפ.

האָט ער געזאָגט, אוועקשטעלענדיג זיך אויף די קני און אויפ־שטעלענדיג זיך.

זיינע אויגען האָבען אויפגעגלאַנצט, ווי אמאָל אין פּאַרק. ווידער האָבען שטאָלץ און ווילענס־קראַפט אַרויסגעלויכטען פון זיי.

— איך בין איצט גרייט צו געהן, וואו דו וועסט הייסען און טאָן, וואָס דו וועסט באַפעלען. איך פיל, אז איך לעב, ווען דו קוקסט אויף מיר, ווען דו רעדסט, זינגסט...

א פאַרזונקענע אין געדאַנקען, האָט אָלגאַ זיך איינגעהערט צו אָט די לײדענשאַפטליכע אויסגוסען.

— הער זיך איין, איליאַ, — האָט זי געזאָגט, — איך גלויב אין דיין ליבע און אין מיין קראַפט איבער דיר. וואָרום אָבער שרעקסטו מיך מיט דיין אומאַנטשלאָסענהייט און דער־פירסט מיך ביז צווייפעל? דו זאָגסט, אז איך בין דיין ציל, אָבער דו געהסט צו דיין ציל אַזוי לאַנגזאַם, אַזוי שרעקעדיג; לאַנג איז נאָך דער וועג, וואָס דו דאַרפסט דורכגעהן; דו דאַרפסט ווערען העכער פון מיר. איך וואַרט דאָס פון דיר! איך האָב געזעהן, ווי גליקליכע מענשען ליבען זיך, — אַלץ ברענט אונטער זייערע הענט, און זייער דו איז ניט ענליך אויף דיינער; זיי לאָזען ניט אַרונטער די קעפּ; זייערע אויגען זיינען ברייט אָפען, זיי שלאָפען כמעט ניט, זיי באַוועגען זיך שטענדיג! און דו... ניין, עס איז ניט ענליך אויף קיין ליבע, עס זעט ניט אויס, אַז איך זאָל זיין דיין ציל...

און מיט צווייפעל האָט זי א שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ.

— דו, בלויז דו!... — האָט ער גערעדט, קושענדיג אירע הענט אויפגערעגטערהייט. — בלויז דו! גאָט מיינער, וואָס פאַר א גליק! — האָט ער גערעדט ווי פון היץ. — און דו מיינסט, אַז עס איז מעגליך דיך צו גענאַרען, אַז עס איז מעג־ליך ווידער איינצודרימלען נאָך אַזאַ ערוואַכונג, אַז עס איז מעג־ליך ניט צו ווערען קיין העלד? איר וועט דערזעהן, דו און אַנ־דרעי, — האָט ער ווייטער גערעדט, אַרומקוקענדיג זיך מיט באַגייסטערטע אויגען, — צו וואָס פאַר א הויכען עס הויבט

— אָבער ווען מען זאָל עס אָפּלייגען אויף אַ דריי טעג, וואָלסטו זיך איבערגעטראַכט, דערשראָקען זיך, באַזונדערס ווען זאַכאַר אָדער אַניסיאַ וואָלטען גענומען פּלוידערען וועגען דעם... ניין, דאָס איז קיין ליבע ניט!

— דו צווייפעלסט אין מיין ליבע? — האָט אָבלאָמאָוו הייס ארויסגערערט. — דו מיינסט, אַז איך בין אַזוי לאַנגזאַם אוים מורא פאַר זיך און ניט אוים מורא פאַר דיר? אַז איך פאַרשטעל ניט, ווי אַ וואַנט, דיין נאָמען, אַז איך וואַך ניט, ווי אַ מוטער, אַז די רכילות זאָלען ניט דערגרייכען דיין אויער... אַך, אָלגאַ! פאָדער באַווייזען! איך ווידערהאָל דיר נאָכאַמאָל, אַז אויב דו וואָלסט געקאָנט זיין מיט אַ צווייטען גליקליכער, בין איך גרייט אָפּצוטרעטען אים מיינע רעכט. אויב מען וואָלט געדאַרפט שטאַרבען פאַר דיר, וואָלט איך מיט פרייד געשטאָרבען! — האָט ער דערענדיגט מיט טרערען.

— דאָס איז אַבסאָלוט ניט נויטיג! קיינער פאָדערט פון דיר ניט דיין לעבען! צו וואָס דאַרף איך דיין לעבען? דו טו נאָר, וואָס מען דאַרף! פאַלשע מענשען האָבען אַ שוואַכקייט פאַרצולייגען קרבנות, וואָס קיינער דאַרף ניט האָבען, אָדער וואָס מען קען ניט ברענגען, כדי צו זיין פטור פון די, וואָס מען דאַרף. איך ווייס, דו ביסט ניט קיין פאַלשער — אָבער...

— דו קאָנסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלען, וויפיל געזונט עס האָבען מיך געקאָסט די אַלעליידען און זאָרגען! — האָט ער ווייטער גערעדט. — דאָס איז דער איינציגער געדאַנק, וואָס פאַרנעמט מיך זייט איך האָב דיך דערקאָנט... און איך ווידערהאָל, אַז אויך איצט ביסטו מיין איינציגע זאָרג. איך וועל שטאַרבען, איך וועל אראָפּ פון זינען, אויב דו וועסט ניט זיין מיט מיר! זייט איך האָב דערקענט טראַכט איך, אָטעם איך, לעב איך מיט דיר! טאָ וואָס איז עס פאַר דיר אַ וואונדער, אַז אין די טעג, ווען איך זע דיך ניט, שלאָף איך איין און מיין גייסט זינקט? מיר ווערט אַלץ דערווידער, איך לאַנגווייליג זיך. איך ווער ווי אַ מאַשין: איך געה, טו און ווייס ניט וואָס איך טו. דו ביסט די קראַפט און דער פייער פון דער מאַשין,—

# אבלאמאוו

שמאמלענדיג, — ווען מען הייבט זיך אויף אין־דער־פרי, נעמען זיי ראַמען די צימערען און שטערען דיר דערוויַיל, דער־נאָך הייבט מען אָן צו רעדען וועגען מיטאָג, דערוויַיל קומען אריין דער באַלעבאַסטע׳ס קינדער און בעטען נאַכצוקוקען, צי זיי האָ־בען ריכטיג געמאַכט די אויפגאַבען, דערוויַיל ווערט פאַרטיג דער מיטאָג... נאָכ׳ן מיטאָג, ווידער, קען מען דאָך ניט לעזען...

— דו פלעגסט דאָך שלאָפען נאָך מיטאָג, — האָט זי גע־זאָגט מיט אַזאַ זיכערהייט, אַז נאָך אַ רגע׳דיגער אומבאַשטימט־קייט, האָט ער שטיל געענטפערט:

— יאָ.

— וואָרום?

— כדי די צייט זאָל זיך ניט ציען אַזוי לאַנג: דו ביסט, אַלנא, ניט געווען מיט מיר, און דאָס לעבען איז דאָך אַזוי לאַנג־ווייליג, אַזוי אומערטרעגליך אָן דיר.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זי האָט שטרענג אַ קוק גע־טאָן אויף אים.

— איליאַ! — האָט זי ערנסט אַרויסגערעדט. — גע־דענקסטו, ווי אין פּאַרק, ווען דו האָסט מיר געזאָגט, אַז אין דיר האָט אויפגעפלאַמט דאָס לעבען, און האָסט מיך פאַרזיכערט, אַז איך בין דער אידעאַל פון דיין לעבען און האָסט גענומען מיין האַנט און געזאָגט, אַז זי איז דיינע — געדענקסטו, ווי איך האָב צוגעשטימט?

— קען מען דאָס פאַרגעסען? האָט דען דאָס ניט געהאַט קיין אַנטשיידענדע ווירקונג אויף מיין לעבען? זעסטו דען ניט, ווי איך בין גליקליך?

— ניין, איז זע עס ניט; דו האָסט מיך גענאַרט — האָט זי קאַלט אַרויסגערעדט, — דו זינקסט ווייטער...

— אָפּגענאַרט! ווי שעמסטו זיך ניט אַזוינס צו זאָגען? איך שווער ביי גאָט, אַז איך וואָלט זיך אַצינד געוואָרפען אין אַ תהום אַריין!...

— יאָ, ווען דער תהום זאָל זיך געפינען נעבען דיינע פיס און טאָקע אין דעם מאָמענט, — האָט זי אים איבערגעשלאָגען,

עס לעשען זיך מיר מיינע האָפנונגען און מיין פארשטאַנד...
איגגיכען ווערען מיר אויפהערען פארשטעהן איינער דעם צוויי־
טען: דאָס איז אַ שלעכטער סימן.

זיי האָבען געשוויגען.

— וואָס האָסטו געטאָן די אַלע טעג? — האָט זי גע־
פרעגט און צום ערשטען מאָל באַקוקט דאָס צימער. — ביי
דיר איז דאָ ניט אַזוי גרויסאַרטיג: וואָס פאַר אַ קליינע צי־
מערען! אַזוינע קליינע פענסטער און אַזוינע אַלטע טאַפּעטען...
וואו זיינען דיינע איבעריגע צימערען?

ער האָט זיך געכאַפּט איר ווייזען זיין דירה, כדי אַזויאַרום
פּטור צו ווערען פון צו ענטפערען איר אויף דער פראַגע, וואָס
ער האָט די אַלע טעג געטאָן. דערנאָך האָט זי זיך געזעצט
אויף דער סאָפע און ער אויפ'ן טעפּיך, ביי אירע פיס.

— וואָס האָסטו געטאָן די גאַנצע צוויי וואָכען? — האָט
זי אים גענומען אויספרעגען.

— געלעזען, געשריבען, געטראַכט וועגען דיר.

— דורכגעלעזען מיינע ביכער? וואו זיינען זיי? איך
וועל זיי נעמען מיט זיך.

זי האָט גענומען פון טיש אַ בוך און אַ קוק געטאָן אויף
דער געעפענטער זייט: די זייט איז געווען פארשטויבט.

— דו האָסט ניט געלעזען! — האָט זי געזאָגט.

— ניין, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די צוקנייטשטע קישענס, אויף
דער אומאָרדנונג, אויף די פארשטויבטע פענסטער, אויף דעם
שרייב טיש, זי האָט איבערגעקליבען אַ פּאָר בויגען פּאַפּיר, וואָס
זיינען געווען באַדעקט מיט שטויב, זי האָט אַ טרייסעל געטאָן
די פּען אין דעם טרוקענעם טינטער און מיט אַ פאַרוואונדערונג
אַ קוק געטאָן אויף אים.

— וואָס האָסטו פאַרט געטאָן? — האָט זי איבערגע־
חזר'ט איר פראַגע. — דו האָסט ניט געלעזען און ניט געשריי־
בען?

— עס איז קיין צייט ניט געווען, — האָט ער אָנגעהויבען,

זיי זאָלען ווייסען וועגען אונזערע צוזאמענקונפטען, און דער־פאר האָב איך מורא...

— דו האָסט מורא, ציטערסט, ווי א אינגעל... איך פאר־שטעה ניט! דו גנב'עסט דען מיך?

אים איז געוואָרען אומבאקוועם. זי האָט אויפמערקזאם געקוקט אויף אים.

— הער זיך איין, — האָט זי געזאָגט, — דאָ איז פאראן עפּעס א ליגען, עפּעס אזוינס, וואָס דארף ניט זיין... זעץ זיך נענטער און דערצעהל מיר אַלץ, וואָס עס דריקט דיר אויפ'ן הארצען... ווען עס זאָל זיך האנדלען בלויז וועגען פארזיכ־טיגקייט, האָסטו געקאָנט קניט זיין ביי מיר איין טאָג, צוויי טעג, זאָל זיין א וואָך, אָבער דו וואָלסט יעדענפאלס געשריבען, געלאָזט ווייסען וועגען זיך. דו ווייסט דאָך גאנץ גוט, אז איך בין שוין ניט קיין קינד און מיך קען מען ניט שרעקען מיט אזוינע נארישקייטען. זאָג, וואָס זאָל דאָס אַלץ באדייטען?

ער האָט זיך פארטראכט, דערנאָך האָט ער א קוש געטאָן איר האנט און א זיפץ געטאָן.

— אָט וואָס, אָלגא, דאכט זיך מיר איז עס באמת, — האָט ער געזאָגט,—מיין געדאנק איז די גאנצע צייט אזוי אָנגעשראָקען וועגען דיר צוליב די אַלע רכילות, איך בין אויסגעמאטערט פון דאגות, דאָס הארץ איז אין איין אויפרעגונג פון די חלומות און האָפנונגען וואָס זיינען יאָ און ניט מקוים געוואָרען, אז מיין גאנצער אָרגאניזם איז צוטרייסעלט געוואָרען, ער פאָדערט כאָטש א צייטווייליגע בארואיגונג...

— וואָרום איז מיין אָרגאניזם ניט אזוי צוטרייסעלט און איך זוך בארואיגונג בלויז נעבען דיר?

— דו האָסט יונגע, שטארקע כוחות און דו האָסט ליב רואיג, קלאָר, אָבער איך... אָבער דו ווייסט דאָך, ווי איך האָב דיך ליב! — האָט ער געזאָגט פאלענדיג אויפ'ן דיל און קושענ־דיג אירע הענט.

— איך ווייס נאָך אַלץ זער ווייניג! דו ביסט אזא זאָנ־דערבארער, אז איך אַליין ווייס ניט וואָס אויסצוטראכטען...

איך וואָלט איבערגעטראַכט ! ער האָט מורא געהאַט מיך באַ־אומרואיגען מיט רייד פון לאַקייען, און ער האָט גאָר ניט מורא געהאַט, אַז איך זאָל זיך אויף אַן אמת דערשרעקען ! איך הער אויף דיך צו פאַרשטעהן.

— איך האָב געמיינט, אַז זייערע פּלוידערייען וועלען דיך באַאומרואיגען. קאַטיאַ, מאַרפאַ, סעמיאָן און אָט דער אידיאָט ניקיטאַ, איין גאָט ווייס, וואָס זיי האָבען אָנגערעדט.

— איך ווייס שוין לאַנג, אַז זיי רעדען, — האָט אָלגאַ גלייכגילטיג געזאָגט.

— וואָס, דו ווייסט ?

— יאָ. קאַטיאַ און די אַם האָבען שוין פון לאַנג דער־טראָגען צו מיר די נייס, זיי האָבען מיך געפרעגט וועגען דיר, באַגריסט מיך...

— שוין באַגריסט דיך אפילו ? — האָט מיט שרעק גע־פרעגט אָבלאָמאָוו. — און וואָס האָסטו געזאָגט אויף דעם ?

— געדאַנקט זיי. דער אַם האָב איך געשאָנקען אַ טיכעל און קאַטיאַ'ן האָב איך צוגעזאָגט, אַז איך וועל איר צוהעלפען, זי זאָל קאָנען חתונה האָבען מיט'ן קאָנדיטאָר : זי האָט אויך אַ ראָמאַן.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט דערשראָקענע און פאַר־וואונדערטע אויגען.

— דו ביסט אַלע טאָג ביי אונז, איז גאַנץ נאַטירליך, אַז מענשען זאָלען רעדען, — האָט זי צוגעלייגט, — זיי זיינען די ערשטע, וואָס הויבען אָן צו רעדען. מיט סאָניטשקאַ'ן איז אויך געווען דאָס זעלבע. וואָס שרעקט עס דיך אַזוי ?

— אָט פון וואַנען עס נעמען זיך די קלאַנגען ! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט, ציענדיג די ווערטער.

— זיינען זיי דען אָן אַ גרונט ? זיי זיינען דאָך אמת.

— אמת ! — האָט, ניט פרעגענדיג און ניט אָפּלייקענ־דיג, נאָכגעזאָגט אָבלאָמאָוו. — יאָ, — האָט ער אַ ווײַלע שפּע־טער צוגעלייגט, — דו ביסט גערעכט, אָבער איך וויל ניט, אַז

א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, איין גאָט ווייס וואָס איך האָב איבערגעטראַכט און שיער זיך ניט אַוועקגעלייגט א קראַנקע אין בעט אַריין? — האָט זי געפרעגט, אָנשטעלענדיג אויף איס א פּאָר דורכדרינגענדיגע אויגען.

— דו ווייסט ניט, אָלגא, וואָס עס קומט פּאָר דאָ ביי מיר, — האָט ער געזאָגט אָנווייזענדיג אויף זיין האַרץ און זיין קאָפּ, — איך ציטער ווי אין פיבער. דו ווייסט ניט, וואָס עס האָט פּאַסירט?

— וואָס נאָך האָט פּאַסירט? — האָט זי אים קאַלט געפרעגט.

— ווי ווייט האָבען זיך שוין פּאַרשפּרייט די קלאַנגען וועגען דיר און מיר! איך האָב דיך ניט געוואָלט באַאומרואיגען, און דערפאַר האָב איך זיך ניט געוויזען פאַר דיר!

ער האָט איר דערצעהלט, וואָס ער האָט געהערט פון זאַכאַר'ן, פון אַניסיאַ'ן, ער האָט איר דערמאָנט וועגען די רייד פון די פראַנטען און ער האָט געענדיגט דערמיט, אַז פון דאַמאָלט אָן שלאָפט ער ניט, אַז אין יעדען בליק זעט ער א פראַגע, א פּאָרוואורף, אָדער גאָר געמיינע אָנדייטונגען אויף זייערע צוזאַמענקונפטען.

— אָבער מיר האָבען דאָך באַשלאָסען, אַז מיר זאָלען עס ערקלערען דער טאַנטע נאָך לעצטע וואָך, — האָט זי ערקלערט, — וואָלטען דאָך די קלאַנגען פון זיך אַליין אויפגעהערט.

— אמת; אָבער איך האָב ניט געוואָלט רעדען מיט דער טאַנטע ביז דער היינטיגער וואָך, ביז איך וועל האָבען דעם ענטפער פון דאָרף. איך ווייס דאָך, אַז זי וועט מיך ניט פרעגען וועגען מיין ליבע, נאָר וועגען מיין גוט, וועט וועלען וויסען איינצעלהייטען, און וועגען דעם אַלעם קאָן איך איר גאָרנישט ניט זאָגען, איידער איך באַקום פון דאָרף דעם ענטפער.

זי האָט אָפּגעזיפצט.

— ווען איך זאָל דיך ניט קענען, — האָט זי א פאַרזונקענע אין געדאַנקען, אַרויסגערעדט, — ווייס איין גאָט, וואָס

— דו ביסט געזונט? דו ליגסט ניט? וואָס איז מיט דיר? — האָט זי גיך געפרעגט און באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס ווען זיי זיינען אריין אין הויז.

— איצט איז מיר שוין בעסער, די געשוויל־אַכץ אין האַלז איז שוין אריבער, — האָט ער געזאָגט, צוריר־ענדיג זיך צום האַלז און געבענדיג א לייכטען הוסט.

— טאָ פאַרוואָס ביסטו נעכטען ניט געוועזן? — האָט זי אים געפרעגט, קוקענדיג אויף אים מיט אַזוינע פאָרשענדע אויגען, אַז ער האָט ניט געקאָנט ארויסרעדען קיין וואָרט.

— ווי האָסטו זיך, אָלגאַ, באַשלאָסען אויף אַזאַ שריט? — האָט ער מיט שרעק ארויסגערעדט. — דו גיסט דיר אָפּ א רעכענונג, וואָס דאָס הייסט?

— וועגען דעם וועט מען רעדען שפּעטער! — האָט זי אַן אומגעדולדיגע אים איבערגעשלאָגען. — איך פרעג דאָך דיך: וואָס זאָל דאָס באַדייטען, וואָס מען האָט דיך ניט געזען?

ער האָט געשוויגען.

— דו ביסט ניט געוועזן קראַנק, דיר האָט דער האַלז ניט וועה געטאָן, — האָט זי געזאָגט אויפהויבענדיג די ברעמען.

— ניט געוועזן, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט מיט א קול פון א שול־אינגעל.

— גענאַרט מיך! — האָט זי ארויסגערעדט מיט ערשטוי־נונג. — צו וואָס האָסטו דאָס געטאָן?

— איך וועל דיר אַלץ ערקלערען, אָלגאַ, — האָט ער זיך גענומען פאַרטיידיגען, — א וויכטיגע אורזאַך האָט מיר גע־שטערט צו זיין ביי דיר די לעצטע צוויי וואָכען... איך האָב זיך געשראָקען...

— וואָס? — האָט זי געפרעגט, זעצענדיג זיך אויף א שטול און ארונטערנעמענדיג פון זיך דעם הוט און דעם סאַלאָפּ.

ער האָט צוגענומען די זאַכען און אוועקגעלייגט אויף דער סאָפע.

— פּאַר רייד, פאַר רכילות...

— און גאָר זיך ניט געשראָקען דערפאַר, וואָס איך בין

אניסיא'ן, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָגען מיט איר הינטער'ן טויער. — ער האָט מיך ארויסגעטריבען שפּאַצירען, געגעבן צוואַנציג קאָפּיקעס. וואו זאָל איך געהן שפּאַצירען?

—דער פּריץ וויל אזוי, — האָט געענטפערט אניסיא. — דו נעה צו דעם גראַף'ס קומישער, ארטעמי, טרינק אים אָן מיט טיי דאָס מאָל, ווייל שטענדיג גיט ער דיר טיי, און איך וועל א לויף טאָן אין מארק אריין.

— וואָס זאָל דאָס באדייטען, ארטעמי? — האָט זאכאר אויך אים געפרעגט. — דער פּריץ האָט מיך ארויסגעטריבען שפּאצירען און געגעבען נאָך אויף ביר.

— קלייבט ער זיך ניט אליין אָנצו'שכור'ן? — האָט ארטעמי זיך שארפזיניג אָנגעשטויסען. — האָט ער אויך דיר געגעבען, אז דו זאָלסט ניט מקנא זיין.

ער האָט א ווארנק געטאָן זאכאר'ן און א מאך געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף עפּעס א גאַס.

— קום! — האָט זאכאר ווידערהאָלט און אויך א מאך געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף יענער גאַס.

„וואָס איז דאָס פאר א נייס: ער טרייבט געהן שפּאצירען!" האָט זאכאר מיט א שמייכעל געזאָגט צו זיך.

זיי זיינען אוועק, אָבער אניסיא, ווי נאָר זי איז אָנגעקומען צו דער ערשטער גאַס, האָט זיך אוועקגעזעצט זען, וואָס דאָ וועט זיין.

אָבלאָמאָוו האָט זיך איינגעהערט און געוואַרט: אָט האָט זיך עמיץ גענומען פאר דער פּאָרטקע, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט א פארצווייפעלט בילען פון הונט און א רייסען זיך פון דער קייט.

„א פארשאָלטענער הונט!" האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט און א קריץ געטאָן מיט די ציין. ער האָט א כאַפּ געטאָן דעם הוט און איז צוגעלאָפען צו דער פּאָרטקע, האָט זי געעפענט און כמעט אין די ארעמס דערטראָגען אָלגא'ן ביז צום גאַניק.

זי איז געוועזן אליין. קאטיא האָט געוואַרט אויף איר ניט ווייט פון טויער אין דעם קארעט.

— איך וועל שוין ליבערשט מיר זיצען אויפ'ן גאניק. וואו וועל איך זיך געהן שלעפען אין אזא קעלט? איך קען אויך בלייבען זיצען ביים טויער...

—ניין, ווייטער פון טויער, — האט אבלאמאוו שנעל ארויסגערעדט, — אין דער צווייטער גאס זאלסטו געהן, אט דארט, לינקס, אין פארק, אויף יענער זייט...

„וואס איז דאס פאר א נייס? — האט געטראכט זאכאר. — ער טרייבט גאר געהן שפאצירען. פריער איז דאס קיינ־מאל ניט געוועזן".

— איך וועל שוין ליבערשט געהן זונטאג שפאצירען, איליא איליטש.

— דו געהסט צי ניט? — האט אבלאמאוו א געשריי גע־טאן מיט פארשצירעטע ציין און א טראט געטאן צו זאכאר'ן!

זאכאר איז פארשוואונדען און אבלאמאוו האט א רוף גע־טאן אניסיא'ן.

— געה אין מארק אריין און קויף איין אלץ וואס מען דארף פאר'ן מיטאג, — האט אבלאמאוו איר געזאגט.

— איך האב שוין אלץ איינגעקויפט; באלד וועט דער מיטאג זיין פארטיג, — האט זי געזאגט אונטער דער נאז.

— האלט דאס מויל און פאלג וואס מען הייסט! — האט אבלאמאוו אזא געשריי געטאן, אז אניסיא איז אזש פארציטערט געווארען.

— קויף . . . קויף שפארגעל, — האט ער דעררעדט, ניט וויסענדיג נאך וואס איר צו שיקען.

— וואו וועל איך דאס היינט קריגען שפארגעל, איליא איליטש?

— ארויס! — האט אבלאמאוו א געשריי געטאן און זי איז אנטלאפען. — לויף מיט אלע דיינע כוחות אהין און קוק זיך ניט אום, — האט ער איר נאכגעשריען. — פון דארט אבער זאלסטו שוין געהן פאמעלעך, ניט געאיילט, און פאר צוויי א ווייגער זאלסטו ניט וואגען זיך דא ווייזען!

— וואס זאל דאס באדייטען? — האט זאכאר געזאגט

— איך וועל נים געהן, — האָט זאכאר ארויסגערעדט אנטשלאָסען.

— ניין, דו זאָלסט יאָ געהן! — האָט אַבלאָמאָוו געזאָגט איינגעשפּאַרטערהייט.

— ווער געהט דאָס צו גאסט אין מיטען וואָך? איך וועל ניט געהן! — האָט זאכאר געזאָגט.

— געה דיר, זיי ניט איינגעשפּארט, הוליע א ביסעל, ווען רייז פריץ טוט דיר די גנעדיגקייט און לאָזט דיך אָפּ . . . געה דיר אביסעל צו דיינע פריינד.

— כאפּט זיי דאָס גוטע יאָר, די פריינד מיינע!

— דו ווילסט זיי אינגאנצען ניט זען גאָר?

— איינס ווי איינס לומפּען, אז עס ווילט זיך אפילו ניט קיין קוק טאָן אויף זיי.

— געה שוין, געה שוין אמאָל! — האָט אָבלאָמאָוו ווי־דערהאָלט און דאָס בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ אריין.

— ניין, היינט וועל איך א גאנצען טאָג זיין אין דער היים און זונטאָג, זעט איר, איז שוין עפּעס אנדערש, דאמאָלט בין איך גרייט צו געהן! — האָט זאכאר זיך אָפּגעזאָגט גאנץ גלייכ־גילטיג.

— איצט! די מינוט! — האָט אָבלאָמאָוו אים גענומען טרייבען אָן אויפגערעגטער. — דו מוזט!

— וואו וועל איך זיך געהן שלעפּען זיבען וויערסט! — האָט אים געענטפערט זאכאר.

— געה דיר אויף א שעה צוויי שפּאצירען! לופטער זיך א ביסעל דורך! האָסט דאָך אזא פארשלאָפענע צורה!

— א צורה ווי יעדער פון אונזערע ברידער! — האָט גע־זאָגט זאכאר און פויל ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער.

„אוי, גאָט מיינער, זי וועט גלייך קומען!" האָט אָבלאָמאָוו געטראכט און זיך אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערען.

— טו א געפעליגקייט און געה דיר א ביסעל שפּאצירען, דו זעסט דאָך, אז מען בעט דיך! נא דיר צוואנציג קאָפּיקעס, וועסטו האָבען מיט וואס צו טרינקען ביר דו און דיינע פריינד.

ווי פאר אים איז שוין געשטאנען קאטיא. די באלעבאסטע איז אוועק.

— קאטיא! — האט אבלאמאוו ארויסגערעדט און ער־שטוינטער. — ווי אזוי? ווי קומסטו אהער? וואס זאל דאס באדייטען?

— די פריילין איז דא, — האט זי ארויסגעפליסטערט, — זי האט געהייסען פרעגען...

אבלאמאוו'ס געזיכט האט זיך אינגאנצען פארענדערט.

— אלגא סערגעיעווגא! — האט ער א דערשראקענער ארויסגערעדט. — ניין, דאס קאן ניט זיין, דאס האסטו בלויז געשפאסט מיט מיר, קאטיא, ניט אזוי? זאג שוין, מאטער מיך ניט!

— ערען ווארט, אז עס איז אמת: אין א גערונגענעם קארעט געקומען, אפגעשטעלט זיך אין טיי געשעפט, זיי ווארטען דארט און וועלען באלד אהער קומען. געשיקט האט מיך די פריילין אייך זאגען, אז איר זאלט ערגעץ אוועקשיקען זא־כאר'ן. אין א האלבע שעה ארום וועט די פריילין דא זיין.

— וועל איך שוין בעסער אליין געהן! זי קאן דא אהער ניט קומען! — האט ער געזאגט.

— איר וועט עס ניט דערוויזען. די פריילין קען יעדע מינוט אריינקומען. די פריילן מיינט, אז איר זייט ניט גע־זונט. זייט געזונט, איך לויף: די פריילן איז אליין, זי ווארט אויף מיר . . .

און זי איז אוועק.

מיט אן אומערהערטער שנעלקייט האט אבלאמאוו אנגעטאן שיך, וועסט און קראגען און א רוף געטאן זאכאר'ן.

— זאכאר, ניט לאנג צוריק האסטו מיך געבעטען, אז איך זאל דיך אפלאזען אויף דער צווייטער זייט, אויף גאראכאווער גאס, דאכט זיך, ווילסט דארט געהן עמיצען באזוכען, צו גאסט געהן, קענסט איצט געהן! — האט אבלאמאוו גערעדט מיט א איבערהאפטער אויפרעגונג.

און די איבעריגע מענשען, ווי גארנישט וואלט פאסירט: זיי באמערקען עס אפילו ניט, זיי עסען זיך די מאכלים, וואס זיינען צוגעגרייט געווארען פאר אים און פלוידערען צווישען זיך אזוי פרעהלעך, אזוי גלייכגילטיג.

עס האט זיך שוין געענדיגט דער מיטאג, עס איז שוין אווענד און ער איז אלץ נאך ניטא. ביז צען א זייגער האט נאך געברענט אין איר א האפנונג, א מורא. צען איז זי אוועק צו זיך אין צימער.

אין אנפאנג האט זי אויסגעגאסען אין גערדאנק אויף זיין קאפ די גאנצע ביטערניש, וואס האט זיך אנגעקליבען אין איר הארץ. עס איז ניט געווען קיין איין ביייסענדער סארקאזם, קיין איין גיפטיגע באמערקונג, וואס האבען זיך נאר געפונען אין איר לעקסיקאן, אז זי זאל דערמיט אין די גערדאנקען ניט שטעכען אים.

„ער איז קראנק, ער איז איינער אליין... ער קען אפילו קיין בריף ניט אנשרייבען . . . ״ האט דורכגעבליצט אין איר קאפ.

דער גערדאנק האט אינגאנצען באהערשט איר וועזען און האט איר ניט געלאזען צומאכען מיט קיין אויג א גאנצע נאכט. אין א פיבערדיגען דרעמעל איז זי געלעגען א צוויי שעה, זי האט ביי נאכט גערעדט פון היין, אבער אין־דער־פרי, ווען זי האט זיך אויפגעהויבען איז זי געווען רוהיג, אנטשלאסען, כאטש איר פנים איז געווען בלייך.

מאנטאג אין־דער־פרי האט די באלעבאסטע אריינגעקוקט אין אבלאמאוו׳ס קאבינעט און געזאגט:

— עפעס א מיידעל פרעגט אויף אייך.

— אויף מיר? עס איז אוממעגליך! — האט אבלאמאוו געענטפערט. — וואו איז זי?

— אט איז זי. זי האט א טעות געהאט און געקומען אויף אונזער זייט. אריינלאזען זי?

אבלאמאוו האט נאך ניט געוואוסט, וואס צו באשליסען,

רייזע אנצוג קומען געזעגענען זיך מיט איר אויף א מאָנאט צייט, וועט זי אים מיטאמאָל זאָגען, אז ביז זומער דאַרף מען נים פאַרען, און אז זומער וועלען זיי פאָרען צוזאמען...

אזוי האָט זי גע'חלומ'ט, און זי איז אוועקגעלאָפען צום באַראָן און אים געבעטען, אז ער זאָל דערווייל קיינעם ניט דער־צעהלען אָט די נייס, אבסאָלוט ק י י נ ע ם נ י ט. אונטער אָט דעם ק י י נ ע ם נ י ט האָט זי געמיינט איין אָבלאָמאָוו'ן.

— געוויס, געוויס וועל איך קיינעם ניט זאָגען, און צו וואָס דאַרף מען עס זאָגען? — האָט ער צוגעשטימט. — אפשר בלויז מסיע אָבלאָמאָוו'ן, ווען עס זאָל ארויפקומען אויף די רייד...

אָלגא האָט אויסגעהאלטען און גלייכגילטיג אים געענט־פערט:

— ניין, אפילו אים זאָגט אויך ניט.

— א געזעץ, ווי איר ווייסט, איז פאר מיר אייער ווילען...

— האָט דער באַראָן ליבליך צוגעלייגט.

זי איז ניט געוועזען אינגאנצען פריי פון כיטרע גענג. ווען איר האָט זיך זער געוואָלט א קוק טאָן אויף אָבלאָמאָוו'ן און עס זיינען דערביי געווען מענשען, האָט זי צום ערשטען א קוק גע־טאָן אויף איינעם, אויף א צווייטען, א דריטען און ערשט שפע־טער האָט זי איבערגעפירט די בליקען אויף אָבלאָמאָוו'ן.

וויפיל איינפאלען — און דאָס אלץ פאר אָבלאָמאָוו'ן! ווי־פיל מאָל האָבען צוויי רויטע פלעמלעך זיך אָנגעצונדען אויף אירע באקען! וויפיל מאָל האָט זי אָנגערירט אָט איין, אָט דעם צווייטען קלאוויש, כדי צו זען צי דער פאָרטעפיאַן איז ניט צו הויך געשטימט, וויפיל מאָל האָט זי איבערגעלייגט די נאָטען פון איין פלאַץ אופ'ן צווייטען! און ער איז נאָך אלץ ניטאָ! וואָס זאָל דאָס באדייטען?

עס איז שוין דריי, עס איז שוין פיר א זייגער, און ער איז אלץ ניטאָ! האלב פינף האָט איר שעהנהייט, איר פאנאנ־דערבליהונג גענומען פארשווינדען: מען האָט געקאָנט זען, ווי זי נעמט וועלקען און א בלייכע האָט זי זיך אוועקגעזעצט ביים טיש.

זי האָט געוואָלט נאָכפּאָלגען ביז צום סוף, ווי די ליבע וועט מאַכען אין זיין פוילער נשמה אַן איבערקערעניש, ווי די משא, וואָס דריקט אים אַזוי, וועט אינגאַנצען אַרונטערפאַלען פון אים, ווי ער וועט ניט קענען איינשטעהן אין אָנגעזיכט פון דעם פאַרשטעהענדיגען גליק, ווי ער וועט דערהאַלטען אַ צופרידענ־שטעלענדען ענטפער פון דאָרף און וועט אַ שטראַלענדער קומען צולויפען, צופליען און וועט אים אַוועקלייגען צו אירע פיס, ווי זיי ביידע וועלען, איבעריאָגענדיג איינער דעם צווייטען, זיך לאָ־זען צו דער טאַנטע, און ווי שפּעטער...

און דערנאָך וועט זי אים פּלוצים זאָגען, אַז זי האָט אויך אַ גוט, אַ גאָרטען, אַ פּאַווילִיאָן, אַן אַרויסקוק צום טייך, און אַ הויז, אין וועלכע מען קען זיך אַריינקלייבען, דערפאַר דאַרף מען פריער פאָרען אהער און ערשט שפּעטער קיין אָבלאָמאָווקע.

„ניין, איך וויל ניט, אַז עס זאָל אָנקומען אַ צופרידענשטע־לענדער בריף פון דאָרף, — האָט זי מיטאַמאָל אַ טראַכט געטאָן, — ער וועט דערמיט אַזוי שטאָלץ ווערען, אַז ער וועט אפילו ניט דערפילען קיין פרייד, וואָס איך האָב אַן אייגען גוט, אַ הויז, אַ גאָרטען... ניין, בעסער זאָל ער קומען צו מיר אַ צוטראָגענער צו־ליב אַ שלעכטען ענטפער, אַז אין דאָרף איז אַן אומאָרדנונג, אַז ער דאַרף אַליין דאָרט זיין. ער וועט לויפען קיין אָבלאָמאָווקע, וועט אויף גיך מאַכען אַלע נויטיגע פאַראָרדנונגען, פילעס וועט ערפאַרגעסען, ניט דערוויסען, איינאָרדנען ווי־ניט־איז און וועט קומען צופליען צוריק, און דאָ וועט ער מיטאַמאָל געוואָר ווערען, אַז עס איז ניט נויטיג געווען דאָס גאַנצע לויפען — עס איז דאָ אַ הויז, אַ גאָרטען און אַ פּאַווילִיאָן מיט אַן אַרויסקוק צום טייך, אַז עס איז דאָ וואו צו זיין אויסער זיין אָבלאָמאָווקע... ניין, ניין, זי וועט אים אין קיין פאַל ניט זאָגען אַצינד, זי וועט אויס־האַלטען ביז דער ענדע. זאָל ער אַהין אַרויספאָרען, זאָל ער זיך אַביסעל אויפטרייסלען, לעבעדיגער ווערען, און אַלץ פאַר איר, אין נאָמען פון זייער צוקונפטיגען גליק! און אפשר ניט? צו וואָס שיקען אים אין דאָרף אַריין, פאַנאַנדערשיידען זיך אויף אַ צייט? ניין, ווען ער וועט אַ בלייכער, אַ טרויעריגער אין אַ

געזונט, מיין ליבע אָלגאַ סערגעיעוונאַ, דאַרפט איר האָבען די לופט פון דאָרף און פעלד.

ער האָט איר איינינגע מאָל געקושט די האַנט, אַז עס זיי־נען געבליבען קליינינקע פלעקלעך אויף אירע פינגער פון זיינע געפאַרבטע וואָנסען.

— יאָ, דעם דאָרף, — האָט זי געענטפערט אַ פאַרזונקענע אין געדאַנקען, אָבער געענטפערט האָט זי ניט אים, עמיצען אַנ־דערש האָט זי געענטפערט.

— אַ פּראָפּאָס וועגען דאָרף, — האָט ער צוגעלייגט, — נעקסטען מאָנאַט ענדיגט זיך אייער פּראָצעס און אין אַפּריל וועט איר שוין קאָנען פאָרען אין אייער גוט אריין. אייער גוט איז ניט גרויס, אָבער עס ליגט אין אַ וואונדערבאַרער געגענט. איר וועט זיין צופרידען! וואָס פאַר אַ הויז! וואָס פאַר אַ גאָרטען! איין הייזעל איז דאָרט דאָ אויפ׳ן באַרג, וואָס איר וועט זער ליב קריגען. פון דאָרט זעט מען דעם טייך... איר קאָנט דאָס אַלץ ניט געדענקען... איר זייט געווען פינף יאָר, ווען אייער פאָטער האָט פאַרלאָזען דאָס דאָרף און אייך מיטגענומען מיט זיך.

— אָ, ווי איך וועל זיין צופרידען! — האָט זי געזאָגט און פאַרטראַכט זיך.

„איצט איז שוין אַלץ געענדיגט, — האָט זי געטראַכט ביי זיך, — מיר וועלען פאָרען אהין, אָבער ער וועט דערפון פריער ניט געוואָר ווערען, ווי . . . "

— קומענדען מאָנאַט, באַראָן? — האָט זי פלינק אַ פרעג געטאָן. — טאַקע אמת?

— אַזוי אמת, ווי עס איז אמת, אַז איר זייט שטענדיג שעהן און באַזונדערס היינט, — האָט ער געזאָגט און איז אַוועק צו דער טאַנטע.

אָלגאַ איז געבליבען שטעהן אויף איר פריערדיגען פּלאַץ און זיך פאַרטראַכט וועגען דעם נאָענטען גליק, אָבער זי האָט באַשלאָסען ניט דערצעהלען אָבלאָמאָוו׳ן וועגען דעם און וועגען אירע פּלענער.

# אבלאמאוו

דער קוש אין דער פריילנ'ס האַנט האָט פּאַסירט אין איין סעקונדע. „אַך, ווי דאָס איז געטען פּונקט אין צייט: מאָרגען איז דאָך זונטאָג און ער וועט קומען!" האָט אָלגאַ אַ טראַכט געטאָן און שנעל זיך אָנגעטאָן, זי האָט אויף גיך אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי און איז אַוועק מיט דער טאַנטע עפּעס איינקויפן.

זי האָט געבעטען דער טאַנטע, אַז זיי זאָלען מאָרגען פאָרען אין דער קירך, וואָס אַבלאַמאָוו האָט איר געוויזען, ווען זיי זיינען לעצטענס געפאָרען אין אַ שיפעל אויף דער ניעווא.

— גוט, מיין טייערע, — האָט איר געענטפערט די טאַנטע, — אָבער וואָס איז עס דיר איינגעפאַלען עפּעס מיטאַמאָל? עס איז דאָך אַזוי ווייט און דערצו ווינטער.

און אָלגאַ'ן איז עס איינגעפאַלען דערפאַר, וואָס אַבלאַמאָוו האָט איר אָנגעוויזען אויף דער קירך. זי האָט אין דער קירך געוואָלט בעטען פאַר אים, אַז ער זאָל געזונט ווערען, אַז ער זאָל זי ליב האָבען, אַז ער זאָל זיין גליקליך מיט איר, אַז... אַז די דאָזיגע אומבאַשטימטקייט, אומענטשלאָסענהייט זאָל וואָס ניכער פאַראיבער... אָרעמע אָלגאַ!

עס איז אָנגעקומען אויך דער זונטאָג. אָלגאַ האָט דעם גאַנצען מיטאָג איינגעאָרדענט לויט אַבלאָמאָוו'ס געשמאַק.

זי האָט אָנגעטאָן אַ ווייס קלייד, זי האָט באַהאַלטען אונטער די שפּיצען דעם בראַסלעט, פאַרקאַמט זיך אַזוי ווי ער האָט ליב. שבת נאָך האָט זי געהייסען אָנשטעלען די פּיאַנאָ און אין־דער־פרי האָט זי געפּרואָווט זינגען. איר שטימע איז היינט פּונקט אַזוי קלאָר, ווי זי איז געווען זומער אין דאָרף. דערנאָך האָט זי גענומען וואַרטען.

ווען דער באַראָן איז געקומען און זי אָנגעטראָפען אין אַט דער ערוואַרטונג, האָט ער געזאָגט אַז זי איז איצט ווידער שעהן געוואָרען ווי זי איז עס געווען זומער־צייט, נאָר איז אַביסעל אָפּגעפאַלען.

— די אָפּוועזענהייט פון דאָרף־לופט און אַ קליינע אומאָרדנונג אין אייער אַרט לעבען, איז צו זען, האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף אייער געזונט, — האָט ער געזאָגט. — פאַר אייער

נאָך ניט אויף זיכער, צי מען האָט שוין אויפגעשטעלט די ברוי־סען.

— קאַטיאַ, מען האָט שוין אויפגעשטעלט די בריקען? — האָט אָלגאַ דעם זעלבען טאָג געפרעגט איר שטוב־מיידעל, ווי נאָר זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין־דער־פרי.

— איך ווייס ניט, פרייליין. איך האָב היינט נאָך ניט גע־זען ניט דעם קוטשער און ניט דעם דוואָרניק; ניקיטאַ, ווידער, ווייס ניט.

— דו ווייסט קיינמאָל ניט וואָס איך דאַרף וויסען! — האָט אָלגאַ געזאָגט אַן אומצופרידענע, ליגענדיג אין בעט און באַטראַכטענדיג דאָס קייטעל אויף איר האַלז.

— איך וועל גלייך געוואָר ווערען, פרייליין. איך האָב פריער ניט געוואַגט אַוועקצוגעהן, ווייל איך האָב געמיינט, אַז איר וועט זיך גלייך אויפכאַפּען, ווען ניט וואָלט איך שוין לאַנג געלאָפען געוואָר ווערען. — און קאַטיאַ איז פאַרשוואונדען פון צימער.

און אָלגאַ האָט אַרויסגערוקט די שיפלאָד פון טיש און אַרויסגענומען פון דאָרט אָבלאָמאָוו'ס לעצטע צעטעלע. „קראַנק, ער איז קראַנק, — האָט זי אַ פאַרזאָרגטע אַ טראַכט געטאָן, — ער איז דאָרט איינער אליין, אים איז לאַנגווייליג, ער בענקט... אָ, גאָט מיינער, וועט נאָך לאַנג . . . "

און איידער זי האָט נאָך געענדיגט איר געדאַנק, איז די צו־פלאַמטע קאַטיאַ אַריין אין צימער.

— אויפגעשטעלט, היינט ביי נאַכט האָט מען זיי אויפגע־שטעלט! — האָט זי מיט פרייד אַרויסגערעדט און אַ כאַפּ גע־טאָן אויף די הענט אָלגאַ'ן, וואָס איז שנעל אויפגעשפּרונגען אויפ'ן בעט, האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איר אַ יאַקעל און אונ־טער גערוקט איר די שטעקשיכלעך. אָלגאַ האָט אויף גיך גע־עפענט די שופלאָד, האָט עפּעס פון דאָרטען אַרויסגענומען און עס אַריינגערוקט קאַטיאַ'ן אין דער האַנט אַריין, און קאַטיאַ האָט איר אַ קוש געטאָן די האַנט. דאָס אַלץ — דער שפּרונג פון גע־לעגער, דאָס אַריינרוקען פון דער מטבע אין קאַטיאַ'ס האַנט און

דערנאָך... דערנאָך וועט ער מיט דעם רעכט און פּליכט פון א חתן ברענגען אַלגאַ'ן א מתנה...

„א מתנה!" האָט ער מיט שרעק ווידערהאָלט און צולאַכט זיך מיט א ביטער געלעכטער.

א מתנה! און אין קעשענע האָט ער ניט מער ווי צוויי הונדערט רובל! און אויב מען זאָל אפילו שיקען געלט פון דאָרף, וועט מען ערשט שיקען אָרום ניי־יאָר און אפשר נאָך שפּעטער, ווען זיי וועלען פאַרקויפען די תבואה, און ווען מען וועט פאַרקויפען די תבואה און וויפיל וועט מען פאַר איר קריגען — דאָס אַלץ דאַרף ערקלערען דער בריף, אָבער קיין בריף איז נאָך אַלץ ניטאָ. וואָס בלייבט איצט צו טאָן? זיי געזונט מיין צוויי וואָכיגע רו!

און אין מיטען פון די אַלע דאגות האָט ער געזען אַלגאַ'ס געזיכט, אירע פּוכיגע, באַוועגליכע ברעמען און אירע גרויליך־בלויע אויגען, איר גאַנץ קעפּעל, און דעם צאָפּ אירען, וואָס זי האָט אַזוי נידעריג אַרונטערגעלאָזען אויף איר נאַקען און וועלכער האָט אַזוי ווי פאַרענדיגט די נאָבעלקייט פון איר פיגור, אַנהויבענדיג פון איר קאָפּ ביז אירע פּלייצעס און איר טאַליע.

אָבער ווי נאָר ער פלעגט אויפציטערען פאַר ליבע, זיינען גלייך אויף אים, ווי א שטיין, אַרויפגעפאַלען די פינסטערע געדאַנקען: וואָס טוט מען, ווי האַנדעלט מען, ווי הויבט מען אָן צו רעדען וועגען דער חתונה, וואו נעמט מען געלט, מיט וואָס וועט ער לעבען שפּעטער?...

„לאָמיר נאָך צו וואַרטען א ביסעל! אפשר וועט מאָרגען אָדער איבערמאָרגען קומען א בריף." און ער האָט גענומען אויסרעכענען ווען עס דאַרף אָנקומען אין דאָרף אַריין זיין בריף, ווי לאַנג דער שכן קאָן אויפהאַלטען מיט אַן ענטפער און ווי לאַנג דאַרף געהן דער בריף פון דאָרף.

„אין א דריי, אָדער אַם העכסטען פיר טעג דאַרף אָנקומען דער ענטפער; וועל איך צוואַווארטען און ערשט דאַמאָלט פאָרען צו אַלגאַ'ן", האָט ער באַשלאָסען. אויסער דעם ווייסט ער דאָך

האָט ער שוין אָנגעהויבען צו שמועסען. ער איז שוין געווען אַזוי צוגעוועהנט צו אירע עלענבויגענס, אַז ער האָט לויט זייערע באַוועגונגען געקאָנט וויסען, וואָס זי טוט איצט.

ער האָט שוין אפילו געפּרואווט פאַרפירען אַ שמועס מיט דער באָבע, אָבער זי קאָן אין קיין פאַל ניט דערענדיגען קיין געשפּרעך: פאַרהאַקט זיך אין מיטען וואָרט, שפּאַרט זיך אָן מיט דער האַנט אָן דער וואַנט, קאָרטשעט זיך איין און הויבט אָן צו הוסטען און דערנאָך נעמט זי קרעכצען, און מיט דעם ענדיגט זיך דער גאַנצער געשפּרעך.

בלויז דער באַלעבאָסטע'ס ברודער זעט ער אינגאַנצען ניט, זען זעט ער בלויז אַמאָל ווי עס שימערט דורך דער גרויסער פּאַקעט פאַרביי דעם פענסטער, אָבער אים זעט ער ניט, ווי ער וואָלט אינגאַנצען אין הויז ניט געווען. איינמאָל איז אָבלאָמאָוו אומגערען אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער, וואו זיי עסען, האָט דער ברודער אויף גיך אָפּגעווישט זיך מיט די פינגער די ליפּען און פאַרשוואונדען צו זיך אין צימער אַריין.

איינמאָל, ווען אָבלאָמאָוו האָט זיך אַ זאָרגלאָזער אויפגעכאַפּט פון שלאָף און גענומען זיך צו דער טאַסע קאָפע, איז אַריינגעקומען זאַכאַר און אים איבערגעגעבען, אַז מען האָט אויפגעשטעלט די בריקען. אָבלאָמאָוו'ס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן.

„און מאָרגען איז זונטאָג, — האָט ער געזאָגט צו זיך, — מען דאַרף פאָרען צו אָלגאַ'ן און מוטיג אַ גאַנצען טאָג איבערטראָגען די נייגעריגע און פילבאַדייטענדע בליקען פון זייטיגע מענשען, דערנאָך איר ערקלערען, ווען איך קלויב זיך איבעררעדען מיט דער טאַנטע.”

און ער געפינט זיך אָבער נאָך אַלץ אויף יענעם פונקט, וואו ער קען נאָך דערוויילֿ זיך ניט אַ ריר טאָן פאָראויס.

ווי לעבעדיג האָט ער פאַר זיך געזען, ווי ער ווערט ערקלערט פאַר אָלגאַ'ס חתן, ווי אויף דעם צווייטען און דריטען טאָג קומען צופאָרען פאַרשידענע הערען און דאַמען, ווי ער ווערט מיטאַמאָל אַ געגענשטאַנד פאַר נייגעריגקייט, ווי עס ווערט געגעבען דער אָפיציעלער מיטאָג, ווי מען טרינקט פאַר זיין געזונטהייט...

## 7.

עס איז אריבער א וואָך.

יעדען אין־דער־פרי האָט אָבלאָמאָוו, ווי נאָר ער האָט זיך אויפגעהויבען, אָן אומרוהיגער זיך נאָכגעפרעגט, צי מען האָט שוין אויפגעשטעלט די בריקען.

— ניין, נאָך ניט! — האָט מען אים געזאָגט און ער האָט זיך רוהיג פארבראכט דעם טאָג, איינהערענדיג זיך צו דעם טיקען פון זייגער, צו דעם גערויש פון קאָפע־מילכעל און צום זינגען פון די קאנארעקלעך.

די הינדלעך האָבען שוין מער ניט געפּישטשעט, זיי זיינען שוין פון לאנג געוואָרען ערנסטע הינער און זיינען געלעגען באַהאלטען אין די הינער־שטאלען. די ביכער, וואָס אָלגא האָט אים צוגעשיקט האָט ער ניט דערוויזען דורכצולעזען: אזוי ווי ער האָט דאָס בוך אוועקגעלייגט אויף דער הונדערט און פיפטע־זייט מיט'ן איינבונד ארויף, אזוי ליגט עס שוין א פּאָר טעג.

דערפאר פארנעמט ער זיך איצט עפטער מיט דער באלע־באָסטע'ס קינדער וואניא איז זער א פארשטענדיג איינגעל: נאָך דריי מאָל, געדענקט ער שוין אויף אויסווייניג די הויפּט־שטעדט פון אייראָפּא, און איליא איליטש האָט אים צוגעזאָגט אז ווי נאָר ער וועט זיין אויף יענער זייט ניעווא, וועט ער אים פון דאָרט ברענגען א מתנה א קליינעם גלאָבוס. און מאשא האָט אים ארומגעזוימט דריי נאָזטיכלעך, אמת, זי האָט עס גע־טאָן זער שלעכט, אָבער דערפאר איז געווען זער קאָמיש צו קו־קען, ווי די קליינע הענטלעך האָבען געארבייט און ווי זי איז אלע וויילע געלאָפען אים ווייזען ווי ווייט זי האלט שוין

מיט דער באלעבאָסטע האָט ער געהאלטען אין איין שמו־עסען. ווי נאָר ער האָט דערזען אין דער טיר אירע עלענבויגענס,

קייט באגריסט ניקיטא׳ן, וואס איז צום צווייטן מאל געקומען מיט א צעטעלע פון דער פריילין װעגן אבלאמאוו׳ס געזונט־חיים און אויך מיט נאך ביכער.

אבלאמאוו, מורא האבענדיג אז אים זאל ניט אויסקומען דורכצוגעהן די ניעווא, האט זיך באהאלטען פון ניקיטא׳ן, און ער האט געענטפערט אלגא׳ן, אז דער האלז איז ביי אים גע־שוואלען אביסעל און ער האט נאך מורא ארויסצוגעהן פון הויז, און אז „דער פינסטערער מזל שטערט אים אויף נאך א פאר טעג דאס גרויסע פארגעניגען פון צו זען די אומפארגלייכבארע אלגא״.

ער האט שטרענג אנגעזאגט זאכאר׳ן ניט דערוועגען זיך צו פלוידערען מיט ניקיטא׳ן, און ער האט אים ווידער מיט די אויגען באגלייט ביז דער פארטקע, און ער האט א מאך געטאן מיט׳ן פינגער אניסיא׳ן, ווען זי האט געהאט ארויסגעשטעלט די נאז פון דער קיך און געוואלט שוין ניקיטא׳ן עפעס פרעגען.

און אַבלאַמאַוו׳ן איז דאָס טאָסע געקומען צום ערשטען אויפ׳ן זינען, האָט שנעל ארונטערגעלאָזען זיינע פיס אויפ׳ן דיל, אַבער, ווען ער האָט עס איבערגעטראכט נאָכאמאָל, האָט ער מיט א פארזאָרגט געזיכט און טיפען זיפּץ פאמעליך זיך צוריקגעלייגט אויף זיין פּלאַץ.

„ניין, זאָלען בעסער איינגעשטילט ווערען די אַלע ריידע־רייען, זאָלען די זייטיגע מענשען, וואָס באזוכען אָלגא׳ס הויז, א ביסעל פארגעסען זיך אָן מיר און דערזען זאָלען זיי מיך אַלע טאָג ערשט דאמאָלט, ווען מיר וועלען ערקלערט ווערען חתן־כלה.״

„עס איז שווער, עס איז לאנגווייליג צו ווארטען, אַבער מען קאָן זיך ניט העלפען״, האָט ער צוגעלייגט מיט א זיפּץ, נעמענ־דיג זיך פאר די ביכער, וואָס אָלגא האָט אים צוגעשיקט.

ער האָט דורכגעלעזען א פופצעהן זייטען. מאשא איז גע־קומען און אים געפרעגט צי ער וויל ניט געהן צו דער ניעווא, ווייל אַלע געהען זען ווי דער טייך וועט זיך שטעלען. ער איז געגאנגען און זיך אומגעקערט ערשט אין אָוועגד.

אזוי זיינען פאריבער טעג. איליא איליטש האָט זיך גע־לאנגווייליגט, האָט געלעזען, געגאנגען אין די גאסען שפּאצירען, און אין דער היים האָט ער פון לאנגווייליגקייט ארייגגעקוקט אין דער באַלעבאָסטע׳ס טיר מיט דער האָפענונג, אז אים וועט געלינגען אויסצורעדען א פּאָר ווערטער. ער האָט אפילו איינ־מאָל צומאָלען דער באַלעבאָסטע א דריי פונט קאָפע מיט אזא פלייס, אז דער שטערען איז אים אזש נאס געוואָר.

ער האָט איר שוין אפילו איינמאָל פאָרגעלייגט א בוך צום לעזען. לאנגזאם באוועגענדיג מיט די ליפּען האָט זי דורכגע־לעזען פאר זיך דעם נאָמען פון בוך און, צוריקגעבענדיג אים דאָס בוך, האָט זי אים געזאָגט, אז ארום ניי־יאָר וועט זי דאָס בוך נעמען ביי אים און וועט מאכען, אז וואניא זאָל עס פאָר־לעזען אויפ׳ן קול, וועט עס אויך די באָבע קאָנען הערען, ווייל איצט האָט זי דערפאר קיין צייט נים.

דאָס ווילדע בילען פון הונט און זיין רייסען זיך פון דער

דעם ענטפֿער האָט געבראַכט ניקיטאַ, דער זעלבער, וואָס איז געווען, לויט אַניסיאַ'ס רייד, דער הויפּט שולדיגער אין די אַלע רכילות. ער האָט געבראַכט פֿון אָלגאַ'ן אייניגע נייע ביכער מיט'ן אויפֿטראַג זיי דורכלעזען און איר זאָגען, ווען זיי וועלען זיך זען, צי עס איז ווערט, אַז זי זאָל זיי אויך לעזען.

זי האָט געבעטען, אַז ער זאָל איר גלייך ענטפֿערען וועגען זיין געזונטהייט. אָבלאָמאָוו האָט איר אויפֿגעשריבען אַ בריף און אים אָפּגעגעבען ניקיטאַ'ן, און גלייך פֿון פֿאָדער־צימער האָט ער אים אַרויסגעפֿירט אין הויף אַריין און מיט די אויגען אים באַגלייט ביז צו דער פֿאָרטקע, אַז עס זאָל אים ניט איינפֿאַלען אָפּצוטרעטען אין דער קיך און דאָרט ווידערהאָלען זיינע „רכילות", און אַז זאַכאַר זאָל ניט געהן אין גאַס אים באַגלייטען.

ער האָט זיך דערפֿרעהט מיט אָלגאַ'ס פֿאָרשלאַג אָפּצוהי־טען זיך און צוליב דעם ניט קומען צו זיי אפֿילו דעם זונטאָג, און ער האָט איר געשריבען, אַז כדי ער זאָל פֿאָלשטענדיג גע־זונט ווערען איז ווירקליך נויטיג, אַז ער זאָל זיין נאָך אַ פּאָר טעג אין דערהיים.

דעם זונטאָג איז ער געווען מיט אַ וויזיט ביי דער ווירטין, געטרונקען קאָפֿע, געגעסען הייסען פּיראָג און געשיקט זאַכאַר'ן אויף יענער זייט ניעוואַ נאָך געפֿרוירענס און קאָנפֿעקטען פֿאַר די קינדער.

זאַכער האָט זיך קוים מיט צרות צוריקגעקערט. די ניעוואַ האָט גענומען פֿאַרפֿראָרען ווערען, מען האָט צוגענומען די ברי־קען. אָבלאָמאָוו האָט שוין ניט געקאָנט טראַכטען וועגען זען אָלגאַ'ן אפֿילו קומענדען מיטוואָך.

געוויס, מען האָט זיך נאָך איצט געקאָנט אַריבערכאַפּען אויף יענער זייט ניעוואַ, באַזעצען זיך ביי איוואַן געראַסימאָ־וויטש'ן אויף אַ פּאָר טעג און פֿאַרברענגען, אפֿילו מיטאָג'ען, יעדען טאָג ביי אָלגאַ'ן.

און עס וואָלט געגאָלטען פֿאַר אַ ריכטיגען אויסרייד: די ניעוואַ האָט גענומען פֿאַרפֿראָרען ווערען און ער האָט ניט דער־וויזען אַריבערצוכאַפּען זיך.

דערשפּרייטען די רכילות! זיץ אין דער היים! — האָט אַב־לאָמאָוו צוגעלייגט מיט כעס.

עס איז אריבער דער מיטוואָך. דאָנערשטאָג האָט אָבלאָ־מאָוו ווידער באַקומען פון אָלגאַ'ן אַ בריף דורך דער פּאָסט. זי האָט זיך אָנגעפרעגט, וואָס זאָל דאָס באַדייטען, וואָס האָט דאָס אַזוינס פּאַסירט, וואָס ער איז ניט געווען ביי זיי. זי האָט גע־שריבען, אַז זי האָט דעם גאַנצען אָוונד געוויינט און כמעט ניט צוגעמאַכט קיין אויג ביי נאַכט.

„עס וויינט און עס שלאָפט ניט, דאָס דאָזיגע מלאכ'ל! — האָט אָבלאָמאָוו אויסגעשריען. — גאָט מיינער! פאַרוואָס האָט זי מיך ליב? פאַרוואָס האָב איך זי ליב? פאַרוואָס האָבען מיר זיך באַגעגענט? אין דעם אַלעם איז שולדיג אַנדרעי: ער האָט אונז אָנגעשטעקט מיט דער ליבע, ווי מיט פּאָקען! און וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען? בלויז אויפרעגונגען, בלויז טומעל! ווען וועט שוין קומען דאָס פרידליכע גליק, די רו?”

און מיט זיפצען האָט ער זיך געלייגט, אויפגעשטאַנען און אפילו אַרויסגעגאַנגען אין דער גאַס אַרויס. און ער האָט אַלץ ווייטער געטראַכט פון אַ לעבען, וואָס זאָל זיין אינהאַלטסרייך און אין דער זעלבער צייט זאָל עס רוהיג שטראָמען. איין טראָ־פען נאָכ'ן צווייטען, איין טאָג נאָכ'ן צווייטען. ער האָט ניט געוואָלט זען דאָס לעבען אַלס אַ ברייטען, רוישיג־איילענדיגען טייך, ווי שטאָלץ האָט עס פאָרגעשטעלט.

ער האָט געשריבען אָלגאַ'ן, אַז ער האָט זיך אַביסעל צו־געקילט אין זומער־גאָרטען און ער האָט געמוזט זיצען אַ צוויי טעג אין דער היים, און אַז איצט איז שוין אַלץ אַריבער און ער האָפט צו זען זי דעם זונטאָג.

זי האָט אים גלייך געענטפערט און געלויבט אים, וואָס ער האָט אויף זיך אכטונג געגעבען, זי האָט אים געראָטען צו בליי־בען אין דער היים אפילו זונטאָג אויך, אויב זיין געזונט וועט עס נאָר פאָדערען, און זי האָט צוגעלייגט, אַז זי וועט שוין בע־סער זיך לאַנגווייליגען נאָך אַ וואָך, אבי ער זאָל זיך נאָר ווי געהעריג עס איז אָפּהיטען.

— יאָ, איך האָב ארויסגענומען אייער שלאָפראָק, — האָט זי ווייטער גערעדט, — מען קאָן אים נאָך אויסוואַשען און פאַר־ריכטען. ס'אַר אַ וואונדערבארע סחורה! ער וועט נאָך לאַנג אָנהאַלטען.

— באמיט זיך ניט אומזיסט! איך דאַרף אים שוין מער ניט האָבען, איך טראָג אים שוין ניט מער.

— אָבער אויסוואַשען אים מעג מען סיי־ווי־סיי, מעגליך, אַז איר וועט אים נאָך ווען עס איז אָנטאָן... צו דער חתונה!

— האָט זי געזאָגט און שמייכלענדיג צוגעקלאַפּט די טיר.

דער שלאָף איז מיט אַמאָל פאַרשוואונדען פון אים, ער האָט אויפגעשפּיצט די אויערען און אויסגעגלאָצט די אויגען.

„אויך זי ווייסט! אַלע ווייסען! — האָט ער געזאָגט און זיך ארונטערגעלאָזען אין דער שטול, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר איר. — זאכאר! זאכאר!

און ווידער האָבען זיך גענומען אויף זאכאר'ס קאָפּ שיטען פאַרוואורפען, ווידער האָט אניסיא אָנגעהויבען רעדען מיט דער נאָז, אַז „צום ערשטען מאָל הערט זי דאָס אצינד פון דער באַ־לעבאָסטע וועגען דער חתונה, אַז אין די געשפּרעכען מיט איר האָט זי וועגען דעם קיינמאָל ניט דערמאָנט, און עס וועט דאָך קיין חתונה ניט זיין, און קען דען זיין אַ חתונה? דאָס האָט געמוזט אויסטראַכטען אַ מענשען־פיינט, און אַז די באַלבאָסטע אַליין איז גרייט צו שווערען, אַז זי האָט וועגען פריילין אילינס־קאיא אפילו ניט געהערט, און אין זינען האָט זי געהאַט נאָר עפּעס אַן אנדער כלה..."

און אניסיא האָט נאָך אַזויפיל גערעדט, אַז אָבלאָמאָוו האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל ארויס. צומאָרגענס האָט זאכאר געבעטען, אַז אָבלאָמאָוו זאָל אים אָפּלאָזען אויף אַ פּאָר שעה, ווייל ער וויל געהן צו גאַסט אין זייער אַלטער דירה, אויף גאָראָכאָווער גאַס, צו זען זיך מיט באַקאַנטע, האָט אים אָבלאָמאָוו אַזוי דערלאַנגט, אַז ער איז אַזש אַנטלאָפען פון צי־מער.

— דאָרט ווייסט מען נאָך ניט, ווילסטו אויך דאָרט פאַנאַנ־

זער דאנקבאר, — האָט אַבלאָמאָוו געזאָגט, — אָבער מיין גע־וויסעןָ לאָזט מיך ניט אייך אזוי באמיען, איר טוט שוין צופיל פאר מיר.

— עס מאכט ניט. וואָס רען זאָל איך טאָן? אָט די וועל איך אליין אונטערשטריקען; די, ווידער, וועל איך געבען דער באָבען; מאָרגען קומט די שוועגערין צו גאסט. מיר האָבען ניט וואָס צו טאָן אין די אָווענדען, וועלען מיר שטריקען. אפילו מאשא הויבט שוין אָן ביי מיר צו שטריקען, נאָר די שפּיזלעך פאלען איר נאָך אַלץ ארויס פון די הענטלאך.

— איר לערנט שוין מאשא'ן אויך ווי צו שטריקען? — האָט געפרעגט אַבלאָמאָוו.

— יאָ, איך געוועהן איר שוין צו.

— איך ווייס אליין ניט, ווי אייך צו דאנקען דערפאר, — האָט געזאָגט אַבלאָמאָוו און געקוקט אויף איר מיט פארגעניגען. איר ווייסט ניט ווי איך בין אייך דאנקבאר, אָבער, איך בין זיכער, אז איך וועל אייך ניט בלייבען לאנג קיין בעל חוב, באַ־זונדערס מאשא'ן: איך וועל איר אָנקויפען זיידענע קליידלעך, ווי א פּופּע וועל איך זי אויספּוצען.

— ווארום? פארוואָס דאנקט איהר עפּעס? צו וואָס דארף זי זיידענע קליידער? ציצענע קליידלעך זיינען נאָך פאר איר צו גוט! זי רייסט אַלץ, א שרעק; באַזונדערס שיך. איי־דער מען קויפט איר א פּאָר שיך, זיינען זיי שוין צוריסען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען די זאָקען.

— וואָס איילט איר זיך אזוי? — האָט ער זי געפרעגט.

— זיצט אביסעל, איך בין איצט ניט פארנומען.

— ניט איצט, אַן אנדערש מאָל, אמאָל אין א יום־טוב; און אייך בעטען מיר אויך אמאָל צו אונז אויף א גלעזעל קאָפע. איך לויף, היינט וואַשען מיר, וויל איך זען, צי אקולינא האָט זיך שוין גענומען צו דער ארבייט.

— איך וואָג אייך ניט צו פארהאלטען, — האָט געזאָגט אַבלאָמאָוו, נאָכקוקענדיג איר אויף דער פּלייצע און אויף די עלענבויגענס.

— אָ, וואָס פאַר אַ גוטע איר זייט! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, דערנענטערענדיג זיך צו איר און שפּאַסהאַפט אָננע־מענדיג זי פאַר די עלענבויגענס. זי האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— וואָס באַאומרוהיגט איר זיך? איך פיל זיך זער שול־דיג געגען אייך.

— עס איז ניט ווערט צו רעדען וועגען דעם! באַלעבאַ־טישקייט איז דאָך מיין זאַך און איר האָט ניט ווער עס זאָל טאָן פאַר אייך. עס מאַכט ניט! — האָט זי ווייטער גערעדט. — צוואַנציג פאַר זיינען שוין גאָרנישט ניט ווערט: מען קאָן שוין אפילו ניט פאַרריכטען.

— מען דאַרף ניט, וואַרפט זיי אַלע ארויס! צו וואָס פאַרנעמט איר זיך מיט אַזוינע שמאַטעס. מען דאַרף קויפען נייע.

— פאַרוואָס זיי עפּעס אַרויסוואַרפען? עס איז פאַראַן צווישען זיי אַ סך, וואָס קענען ווערען פאַרריכט, — און גיך האָט זי גענומען אָפּקלייבען די זאָקען, וואָס קאָנען נאָך פאַר־ריכט ווערען.

— ביטע, זעצט אייך; ווארום שטעהט איר אַלץ? — האָט איר פאַרגעלייגט אָבלאָמאָוו.

— ניין, אַ שעהנעם דאַנק אייך, איך האָב קיין צייט ניט פאַנאַנדער צולייגען זיך, — האָט זי געזאָגט און ווידער זיך אָפּגעזאָגט פון דער פאָרגעלייגטער שטול. — היינט וואַשט מען און מען דאַרף אָנגרייטען אַלע וועש.

— איר זייט אַ וואונדער און ניט קיין באַלעבאָסטע! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, אָפּשטעלענדיג זיינע בליקען אויף איר האַלז, אויף איר ברוסט.

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— אַלזאָ, — האָט זי געפרעגט, — זאָל איך אייך אונטער־שטריקען די זאָקען? וועל איך באַשטעלען גאַרען. אַן אַלטע פרוי ברענגט אונז גאַרען פון דאָרף, ווייל דאָ לוינט זיך ניט קויפען, עס איז פאַרפוילטע.

— אויב איר מיינט עס אויף אַן אמת, וועל איך אייך זיין

אָן אַן אויפהער אויפ׳ן זייגער און זיך ניט געבלאָזען, וואָס דער זייגערע באוועגט זיך אזוי פאמעליך.

זאכאר און אניסיא האָבען געמיינט, אז ער וועט היינט, ווי געוועהנליך, ניט מיטאָגען אין דער היים, און דערפאר האָבען זיי אים ניט געפרעגט, וואָס זיי זאָלען אָנגרייטען.

ער האָט זיי גוט אָנגעזידעלט און ערקלערט זיי, אז ניט יעדען מיטוואָך מיטאָגט ער ביי די אילינסקי׳ס, אז דאָס איז א „רכילות״, אז געמיטאָגט האָט ער גאָר ביי איוואן געראסימאָ־וויטש׳ן, און אז אין דער צוקונפט וועט ער שטענדיג עסען אין דער היים, אויסער אפשר אמאָל אין א זונטאָג.

אניסיא איז אויף גיך געלאָפען אין מארק אריין איינצו־קויפען וואָס פאר א מאָלצייט.

דער באלעבאָסטע׳ס קינדער זיינען אריין צו אים, ער האָט זיי פארהערט. ער האָט זיך איינגעהערט צום געזאנג פון די פויגעל און ער האָט געקוקט אין דער האלב אָפענער טיר ווי עס שימערען דורך דער באלעבאָסטע׳ס נאקעטע עלענבויגענס.

צוביסלאַך האָט זיך איליא׳ס אויפרעגונג איינגעשטילט און ער איז באהערשט געוואָרען פון א טעמפער פארטראכטקייט. אין אז צושטאנד איז ער געוועזן כמעט ביז צום מיטאָג.

נאָכ׳ן מיטאָג, ווי נאָר זיין קאָפּ האָט זיך גענומען וויגען הין און הער פון שלאָף, האָט זיך די טיר געעפענט און פון דאָרט איז ערשינען די באלעבאָסטע מיט צוויי פיראמידען זאָקען אין די הענט.

זי האָט זיי אוועקגעלייגט אויף צוויי שטולען. אָבלאָמאָוו איז אויפגעשפרונגען און איר פאָרגעלייגט דעם דריטען שטול, אָבער זי האָט זיך ניט אוועקגעזעצט דאָס איז געווען געגען איר נאטור: זי איז שטענדיג אויף די פיס, זי האלט זיך שטענ־דיג אין באוועגען.

— איך האָב היינט פאנאנדערגעפאקט אייערע זאָקען, — האָט זי געזאָגט, — איר האָט פינף און פופציג פאָר, אָבער כמעט אלע ניט קיין גוטע.

ער האָט ניט באמערקט, אז דער מיטאָג, וואָס זאכאר האָט אים דערלאַנגט איז געווען קאַלט, ער האָט ניט באמערקט, ווי נאָכדעם האָט ער זיך מיטאַמאָל געפונען אין בעט און ער איז איינגעשלאָפען מיט א טיפען שלאָף.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט ער א ציטער געטאָן פון דעם געדאַנק, אז ער דאַרף היינט פאָרען צו אָלגאַ'ן. ווי איז דאָס מעגליך? ער האָט זיך לעבעדיג פאָרגעשטעלט, ווי אַלע וועלען פילבאַדייטענד קוקען אויף אים.

דער שווייצער באַגעגענט אים אַזוי אויך עפּעס צו ליבליך. סעמיאָן לאָזט זיך לויפען ווי משוגע, וועג ער בעט ביי אים א גלאָז וואַסער. קאַטיא און די איבעריגע דינער באַגלייטען אים מיט א פריינדליכען שמייכעל.

„דער חתן, חתן!" שטעהט ביי אַלעמען אויסגעקריצט אויף די שטערען און ער האָט נאָך ניט געבעטען דער טאַנטע'ס צושטימונג, און ער האָט ניט קיין גראָשען געלט ביי דער נשמה, און ער ווייס ניט, ווען ער וועט האָבען, ער ווייס אפילו ניט וויפיל איינקונפט ער וועט היי־יאָר האָבען פון דאָרף. קיין הויז אין דאָרף ניטאָ, מיט איין וואָרט — א ריכטיגער חתן!

ער האָט באַשלאָסען, אז ביז וואַנען ער וועט ניט קריגען א באַשטימטען ענטפער פון דאָרף, וועט ער זיך זען מיט אָלגאַ'ן בלויז אין די זונטאָגס, אין דער אנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען. דערפאַר האָט ער ניט גענומען גלייך אין־דער־פרי זיך גרייטען צו פאָרען צו אָלגאַ'ן.

ער האָט זיך ניט ראַזירט, ער האָט זיך ניט אָנגעטאָן, פויל האָט ער געבלעטערט פראַנצויזישע זשורנאַלען, וואָס ער האָט לעצטע וואָך גענומען ביי די איליגסקים, ער האָט ניט געקוקט

— עס איז זער מעגליך. אָבער דו קום מאָרגען, צום מיטאָג קום. דו הערסט?

— יאָ, יאָ, איך וועל קומען, — האָט ער איילענדיג איר געענטפערט, און זי איז אין געשעפט אריין.

„אך, גאָט מיינער, ווי ווייט מיר זיינען דאָס פארקראָכען! אָ, ס'ארא משא איז דאָס אויף מיר ארויפגעפאלען אצינד! וואָס הויב איך איצט אָן צו טאָן? סאָניטשקא! זאכאר! די פראנטען"...

טעג. אלע באמערקען, שטעהען צו צו מיר, גיבען אנצוהערע־נישען אויף דיר... עס האט זיך מיר שוין דערעסען!

— אנצוהערענישען אויף מיר? — האט ער מיט די לעצטע כוחות ארויסגערעדט.

— דאס איז א דאנק סאניטשקא'ן.

— אט זעסטו שוין, זעסטו שוין? דו האסט זיך ניט איינגעהערט צו מיינע רייד, ביסט נאך בייז געווארען אויף מיר, ווען איך האב עס דיר געזאגט.

— וואס, זעסטו שוין? איך זע גארנישט, איך זע בלויז, אז דו ביסט א פייגלינג... איך האב זער ווייניג מורא פאר אט די אלע אנצוהערענישען.

— ניט קיין פייגלינג, נאר א פארזיכטיגער מענש בין איך... אבער ווי גאט איז דיר ליב, אלגא, לאמיר געהן וואס גיכער פון דאנען. גיב א קוק, אט דערנענטערט זיך א קארעט. זיינען דאס ניט קיין באקאנטע? אך! עס ווארפט אין היץ און אין קעלט... קום שוין, קום שוין... — האט ער גערעדט א דערשראקענער און זי אנגעשטעקט מיט זיין שרעק.

— יא, לאמיר געהן גיכער, — האט זי שנעל־פליסטערענ־דיג ארויסגערעדט.

און ניט רעדענדיג צווישען זיך קיין ווארט, זיינען זיי כמעט ווי לויפענדיג דורך דורך דער אליי ביז דער ענד פון גארטען. אבלאמאוו האט זיך אומרואיג אומגעקוקט אויף אלע זייטען, און זי האט נידעריג איינגעבויגען דעם קאפ און פאר־דעקט זיך מיט דעם שלייער.

— אלזא, מארגען! — האט זי געזאגט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום געשעפט, וואו דער מענש האט געווארט אויף איר.

— ניין, זאל זיין בעסער איבערמארגען... ניין, בעסער שוין פרייטאג, אדער שבת, — האט ער געענטפערט.

— פאר וואס עפעס?

— זעסטו, אלגא... איך טראכט אלץ... אפשר וועט ביז דאמאלט אנקומען דער ענטפער פון דארף.

וועסט זיין אומגליקליך, און אויף מיר אליין וועט ליגען די שולד אין דעם. מען וועט זאָגען, אַז איך האָב דיך פארנארט, צו־פליטען פארשטעלט דעם תהום. דו ביסט ריין, אָבער ווער וועט גלויבען? ווער וועט דיר גלויבען?

— דאָס איז אמת, — האָט זי געזאָגט און אַ ציטער גע־געבען. — הער זיך איין, — האָט זי אַנטשלאָסען ווייטער גע־רעדט, — מיר וועלען אליין דערצעהלען דער טאנטע און זאָל זי נאָך מאָרגען אונז בענשען...

אָבלאָמאָוו איז בלייך געוואָרען.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפרעגט.

— ווארט נאָך צו, אָלגאַ, צו וואָס דארף מען זיך אַזוי איילען, — האָט ער שנעל ארויסגערעדט.

— דו אליין האָסט דאָך מיט צוויי וואָכען צוריק מיך געאיילט! — האָט אָלגאַ געזאָגט און טרוקען און אויפמערק־זאם ארייננעקוקט אים אין געזיכט אריין.

— יאָ, אָבער איך האָב מיך ניט פארטראכט וועגען די אלע פאָרבארייטונגען, און צוגרייטען דארף מען זיך זער! — האָט ער געזאָגט און אַ זיפץ געטאָן. — לאָמיר ווארטען אויף אַ בריף פון דאָרף.

— צו וואָס דארף מען ווארטען אויף אַ בריף פון דאָרף? וועט דען אַזאַ אָדער אַן אנדער ענטפער האָבען אַ ווירקונג אויף דיין באַשלוס? — האָט זי געפרעגט און נאָך אויפמערקזאמער געקוקט אויף אים.

— וואָס איז דאָס פאר אַן איינפאל! געוויס ניט! אָבער דאָך דארף מען וויסען דעם ענטפער. מען וועט דאָך מוזען זאָגען דער טאנטע ווען עס וועט זיין די חתונה. מען וועט דאָך ניט רעדען מיט איר איצט וועגען ליבע, נאָר וועגען אַזעלכע זאכען, וועגען וועלכע איך קען נאָך איצט ניט רעדען.

— וועסטו דאָס זאָגען, ווען דו וועסט קריגען דעם בריף, אָבער דערוויילע זאָלען אלע וויסען, אַז מיר זיינען חתן־כלה, און מיר וועלען זיך זען אלע טאָג. מיר איז לאנגווייליג, — האָט זי צוגעלייגט, — עס מאַטערען מיך אויס אָט די לאנגע

בסוד אוועק פון דער היים, זעסט זיך אויג אויף אויג מיט א מאנספערזאָן... פרואוו עס נאָר דערצעהלען ביי זיך אין הויז זונטאָג, ווען עס זיינען פאראן געסט, וועסטו זען, וואָס זיי וועלען זאָגען.

— פאר וואָס זיי ניט זאָגען? — האָט זי רואיג געזאָגט. — גוט, איך וועל עס זיי זאָגען.

— פרוביר טאקע, וועסטו זען, אז דיין טאנטע וועט פאלען אין חלשות, די דאמען וועלען גלייך אנטלויפען פון הויז, און די מענער וועלען פיל באדייטענד א קוק טאָן אויף דיר...

זי האָט זיך פארטראכט.

— אָבער מיר זיינען דאָך חתן־כלה! — האָט זי גע־ענטפערט.

— יאָ, יאָ, מיין ליבע אָלגא, — האָט ער געזאָגט, דריי־קענדיג אירביידע הענט, — און דערפאר טאקע דארפען מיר זיין וואָס שטרענגער, זיין פאָרזיכטיג, אכטונג געבען אויף אונ־זער יעדען ריר. איך וויל דיך קענען פירען מיט שטאָלץ אונ־טער'ן אָרעם אויף דער אליי אָפען פאר אלעמען, און ניט בא־האַלטענערהייט; אז אלע בליקען זאָלען זיין געווענדעט אויף דיר מיט אכטונג, אז אין קיינעמס קאָפּ זאָל ניט קענען געבאָרען ווערען א פארדאכט, אז דו האָסט געקאָנט פארגעסען זיך און דיין פליכט, דיין ערציאונג...

— איך האָב זיך ניט פארגעסען, איך האָב ניט פארגעסען מיין פליכט, מיין ערציאונג, — האָט זי געענטפערט מיט שטאָלץ און אוועקגענומען אירע הענט פון זיינע.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס, אומשולדיגער מלאך מיינער! אָבער ניט איך זאָג עס, איך זאָג בלויז וואָס מענ־שען וועלען זאָגען, און זיי וועלען עס דיר קיינמאָל ניט מוחל זיין. פארשטעה ווי גאָט איז דיר ליב, וואָס איך וויל פון דיר. איך וויל, אז דו זאָלסט זיין אין די אויגען פון דער וועלט אזוי ריין און אָן א פלעק, ווי דו ביסט אין דער ווירקליכקייט...

און א פארזונקענע אין געדאנקען איז זי ווייטער געגאנגען.

— פארשטעה צוליב וואָס איך זאָג עס דיר אלץ: דו

און ווידער אמאָל האָט זי זיך איינגעקוקט אין זיין געזיכט און געטראַכט האָט זי וועגן עפּעס אנדערש.

— הער זיך איין, אָלגאַ, — האָט אָבלאָמאָוו ענדליך ארויס־געריעדט פייערליך, — כאָטש איך האָב מורא, אַז איך קען ארויסרופען דערמיט ביי דיר אומצופרידענהייט און פאָרוואור־פען, אָבער איך מוז דיר זאָגען, אַז מיר זיינען אוועק צו ווייט. עס איז מיין פליכט עס דיר צו זאָגען.

— וואָס זאָגען? — האָט אים אָלגאַ מיט אומגעדולד געפרעגט.

— אַז עס איז זער שלעכט פון אונזער זייט, — וואָס מיר זעען זיך באהאַלטענערהייט.

— דאָס האָסטו דאָך מיר נאָך געזאָגט, ווען מיר זיינען נאָך געוועזען אין דאָרף, — האָט אים אָלגאַ געזאָגט און איז פאַר־זונקען געוואָרען אין געדאַנקען.

— אָבער דאַמאָלט האָב איך עס ניט געמיינט מיט'ן גאַנ־צען הארצען: מיט איין האַנט האָב איך אָפּגעשטופּט און מיט דער צווייטער צוגעהאַלטען. דו ביסט געוועזען אַזוי צוטרויליך, און איך... איך האָב דיך אַזוי ווי גענאַרט... דאַמאָלט איז דאָס געפיל נאָך געוועזען ניי...

— און איצט איז עס שוין ניט מער ניי און דו הויבסט זיך אָן צו לאַנגווייליען...

— וואָס דיר קען איינפאַלען, אָלגאַ! דו ביסט אומגע־רעכט צו מיר! זאָגענדיג ניי, מיין איך, אַז עס איז נאָך ניט געוועזען קיין צייט, אַז מיר האָבען נאָך ניט געהאַט קיין מעגליכ־קייט צו באַזינען זיך. מיין געוויסען מאַטערט מיך: דו ביסט אַזוי יונג, דו קענסט אַזוי ווייניג נאָך די וועלט און די מענשען, דו ביסט אַזוי ריין, דו האָסט אַזוי ליב, אַז דיר איז גאָר אויפ'ן זינען ניט געקומען, ווי מיר ווערען דאָס באַרעדט פאַר דעם, וואָס מיר טוען, באַזונדערס שטאַרק ווער איך באַרעדט.

— וואָס טוען מיר אַזוינס? — האָט זי געפרעגט, אָפּ־שטעלענדיג זיך.

— וואָס הייסט וואָס? דו גענאַרסט דיין טאַנטע, געהסט

— און אויב מאַריאַ מיכײלאָוונאַ וועט פרעגען אין וועלכען געשעפט דו ביסט עס געוועזן?

— וועל איך איר זאָגען, אַז איך בין געוועזן ביי דער שניידערין.

— און אויב זי וועט אָנפרעגען די שניידערין?

— און אויב די ניעווא וועט אין גאַנצען אריינפליסען אין ים אַריין, און אויב אונזער שיפעל וועט זיך איבערקערען, און אויב אונזער גאַס און אונזער הויז וועט איינגעזונקען ווערען, און אויב דו וועסט מיך מיט אמאָל אויפהערען ליב צו האָבען...

— האָט זי געזאָגט און האָט ווידער אמאָל אָפּגעשפּריצט זיין פּנים מיט וואַסער.

— דער מענטש איז שוין צוריקגעקומען, ער וואַרט שוין אויף דיר... — האָט ער געזאָגט, אָפּווישענדיג זיך דאָס פּנים. — שיפסמאַן, גיכער צום ברעג!

— ניין, מען דאַרף ניט! — האָט זי באַפוילען דעם שיפסמאַן.

— צום ברעג! דער מענש איז שוין זיכער צוריקגעקומען! — האָט אָבלאָמאָוו גע'טענה'ט דאָס זייניגע.

— אַ דאַגה! זאָל ער!

אָבער אָבלאָמאָוו איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניגע און גיך געקומען געהן מיט איר דורכ'ן גאַרטען, נאָר אָלגאַ איז גראָד געגאַנגען פּאַמעליך און אָנגעשפּאַרט זיך אָן זיין אָרעם.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי? — האָט זי געזאָגט צו אים.

— וואַרט צו, איך וויל וואָס לענגער פאַרבלייבען מיט דיר.

און זי האָט געקומען געהן נאָך פּאַמעליכער און זיך נאָך פעסטער צוגעדריקט צו אים; זי האָט זיך צוגעדריקט צו זיין פּלייצע, אַריינגעקוקט אים אין די אויגען אַריין, אָבער ער האָט איר געהאַלטען אין איין רעדען וועגען פליכטען, און געזאָגט האָט ער שווער, לאַנגווייליג. צוטראָגען האָט זי זיך איינגעהערט צו זיינע רייד, אמאָל האָט אַ טרויעריגער שמייכעל באַדעקט איר פּנים און איר קאָפּ האָט זיך איינגעבויגען אָן אַ זייט,

# אבלאמאוו

— וואו איז דער מענש? — איז אַבלאַמאַוו ניט אָפּגע־שטאַנען.

— ער איז אהיים געגאַנגען, — האָט זי קוים וואָס גע־ענטפערט, איינקוקענדיג זיך אין די געביידען פון דער צווייטער זייט טייך.

— און ווי ביסטו אהער געקומען?

— אָ, ווי דאָרטען איז שעהן! קען מען ניט אהין? — האָט זי געפרעגט, אָנצייגענדיג מיט דעם שירעם אויף דעם צווייטען זייט פון טייך. — דו וואוינסט דאָך דאָרט!

— יאָ.

— ווייז מיר די גאַס.

— אָבער וואָס הייסט, דער מענש... — האָט אַבלאַמאַוו זי ווייטער געפרעגט.

— גאַנץ פּשוט, — האָט זי נאַכלעסיג געענטפערט, — איך האָב אים געשיקט נאָכ'ן בראָטלעט. ער איז אוועק אהיים, און איך אהער.

— וואָס הייסט? — האָט אַבלאַמאַוו געזאָגט, אויסגלאָ־צענדיג אויף איר אַ פּאָר אויגען.

ער האָט געמאַכט אַ צושראָקען געזיכט. זי האָט צופליי־סענס געמאַכט אויך אַזאַ געזיכט.

— רעד ערנסט, אָלגאַ! עס איז איצט ניט קיין צייט פאַר טרייבען שפּאַס.

— אויף מיין וואָרט, אַז עס איז אַזוי געווען און איך טרייב ניט קיין שפּאַס! — האָט אָלגאַ רואיג אַרויסגערעדט. — מיין טאַנטע האָט מיר געהייסען געהן צום יואוועליר און איך האָב צופּלייצענס פאַרגעסען אין דער היים דעם בראַסלעט. דיר וואָלט קיינמאָל אַזאַ זאַך ניט איינגעפאַלען! — האָט זי צו־געליינגט מיט שטאָלץ.

— און אַז דער מענש וועט צוריקקומען?

— האָב איך געהייסען אים זאָגען, אַז ער זאָל וואַרטען אויף מיר, אַז איך בין אין אַ צווייטען געשעפט געגאַנגען, און געקומען בין איך אהער...

ווי אזוי איך בין אהער געקומען ? פשוט גענומען און געקומען...
וואס איז דא וועגן וואס צו רעדען !

זי האט אנגעשעפט א פולע האנט וואסער און אים א שפריץ געטאן אין פנים אריין. ער האט זיך צוזאמענגע־קנייטשט, א ציטער געטאן, אבער זי האט זיך צולאכט.

— וואס פאר א קאלט וואסער ! די האנט איז מיר ווי אייז ! גאט מיינער ! ווי פרעהליך איז דא, ווי גוט ! — האט זי ווייטער גערעדט, קוקענדיג אין אלע זייטען. — מארגען וועלען מיר אויך זיך שיפען, אבער מארגען וועל איך שוין קומען גלייך פון דער היים אהער.

— און איצט קומסטו דען ניט גלייך פון דער היים ? פון וואנען דען ? — האט ער זיך געאיילט זי צו פרעגען.

— איך קום איצט פון א געשעפט.

— פון וואס פאר א געשעפט ?

— וואס הייסט פון וואס פאר א געשעפט ? איך האב דאך נאך אין גארטען געזאגט פון וואס פאר א...

— ניין, דו האסט ניט געזאגט, — האט אבלאמאוו זיך אפגערופען מיט אומגעדולד.

— מאדנע ! ניט געזאגט ! פארגעסען ! איך בין מיט אמענשען אוועק פון הויז צו א יואוועליר...

— און ?...

— נו... זע וואס פאר שעהנע קירך... — האט זי מיט אמאל אנגעוויזען אין דער ווייט.

— איז וואס ווייטער... דו ביסט אוועק צום יואוועליר... און דארט ?...

— דארט זיינען דא וואונדערבארע זאכען... אך, וואס פאר א בראסלעט האב איך דארט געזען !

— עם האנדעלט זיך איצט ניט וועגן דעם בראסלעט ! — האט אבלאמאוו זי איבערגעשלאגען. — וואס איז געשען ווייטער ?

— גארנישט, דאס אליז... — האט זי א צוטראגענע צו־געלייגט און זיך ארומגעקוקט.

— גאָט איז מיט דיר! אין אַזאַ קעלט? און איך האָב אויף זיך אַזאַ לייכטען מאַנטעל.
— קיין אומגליק ניט! איך האָב אויך אויף זיך אַ לייכטען מאַנטעל. קום, קום!
זי האָט גענומען לויפען און אים מיטגעשלעפּט מיט זיך. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און געברומט עפּעס אונטער דער נאָז. עס האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאָלפען און ער האָט זיך געמוזט אַריינזעצען אין אַ שיפעל אַריין.
— ווי אַזוי ביסטו איינע אליין אהער געקומען? — האָט אָבלאָמאָוו אומרואיג ווידער אַמאָל געפרעגט.
— זאָגען דיר? — האָט זי זיך גערייצט מיט אים, ווען זיי זיינען שוין געווען אין מיטען טייך. — איצט קאָן איך עס דיר שוין זאָגען: פון דאַנען וועסטו דאָך ניט אַוועק, און דאָרט וואָלסטו דאָך גענומען און אַנטלאָפען.
— נו, נו? — האָט ער געפרעגט מיט שרעק.
— וועסט מאָרגען קומען צו אונז? — האָט זי אים געפרעגט שטאָט אַן ענטפער.
„גאָט מיינער! — האָט אָבלאָמאָוו אַ טראַכט געטאָן ביי זיך אין הארצען. — אַזוי ווי זי וואָלט דורכגעלעזען אין מיינע געדאַנקען, אַז איך קלייב זיך ניט צו קומען”.
— איך וועל קומען! — האָט ער געענטפערט אויפ'ן קול.
— אין־דער־פרי? און אויף אַ גאַנצען טאָג?
ער האָט געשוויגען.
— וועל איך ניט זאָגען, — האָט זי געזאָגט.
— איך וועל קומען אויף אַ גאַנצען טאָג.
— אָט זעסטו, — האָט זי אָנגעהויבען ערנסט, — איך האָב דיך היינט אהער גערופען, כדי צו זאָגען דיר...
— וואָס? — האָט ער זי געפרעגט אַ דערשראָקענער.
— אַז דו... אַז דו זאָלסט מאָרגען קומען צו אונז.
— אוי, דו גאָט מיינער! — האָט ער זי איבערגעשלאָגען אַז אומגעדולדיגער. — אָבער ווי אַזוי ביסטו אהער געקומען?
— אהער? — האָט זי ווידערהאָלט אַ צוטראַגענע. —

— וואס איז מיט דיר? דו ביסט ניט געזונט? — איז זי ניט אפגעשטאנען פון אים.

— פארקערט, איך בין געזונט און פרעהליך, — האט ע־זיך געאיילט איר צו זאגען, כדי זי זאל זיך ניט נעמען געוואר צו ווערען, וואס עס קומט פאר אין זיין נשמה, — איך האב בלויז מורא, וואס דו ביסט אליין...

— דאס איז שוין מיין דאגה, — האט זי אומגעדולדיג ארויסגערעדט. — וואלט דען געווען בעסער, ווען מיין טאנטע וואלט מיטגעקומען מיט מיר?

— בעסער, אלגא...

— ווען איך וואלט עס געוואוסט, וואלט איך זי געבעטען מיטפארען, — האט אים אלגא מיט א באליידיגטער שטימע איבערגעשלאגען און ארויסגעלאזען זיין האנט פון אירער. — איך האב געמיינט, אז פאר דיר איז ניטא קיין גרעסער גליק, ווי צו פארברענגען מיט מיר.

— ניטא און עס קען ניט זיין! — האט אבלאמאוו גע־ענטפערט. — אבער ווי אזוי ביסטו עס אליין...

— עס לוינט זיך ניט וועגען דעם אזוי פיל צו רעדען, לאמיר בעסער רעדען וועגען עפעס אנדערש, — האט אלגא זארגלאז ארויסגערעדט.

— הער זיך איין... איך האב דיר געוואלט עפעס זאגען, נאר עס איז מיר ארויס פון זינען...

— איז עס ניט וועגען דעם, וואס דו ביסט געקומען אליין? — האט ער זי געפרעגט און אומרואיג זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען.

— ניין, ניין! דו האסט בלויז דאס אין זינען! ווי דער־עסט עס זיך דיר ניט! אבער וואס האב איך עס דיר געוואלט זאגען?... זאל זיין, אפשר וועל איך זיך שפעטער דערמאנען. א, ווי דא איז גוט: אלע בלעטער זיינען שוין ארונטערגעפאלען.

— הוגא'ס, געדענקסט? און אט דארט איז די זון, די ניע־ווא... קום צו דער ניעווא, וועלען מיר זיך אביסעל דורכפארען אין א שיפעל...

איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין ניט קומען, איך האָב זיך שוין אָנגעהויבען צו שרעקען.

— ווי אַזוי קומסטו אַהער? — האָט אַבלאַמאָוו זי גע־פרעגט, פאַרלירענדיג זיך אין גאַנצען.

— לאָז צו רו! צו וואָס די אַלע אויספאָרשונגען? מיך לאַנגווייליגט דערפון! איך האָב דיך געוואָלט זען און בין אַהער געקומען — דאָס איז אַלץ!

זי האָט אים שטאַרק אַ דריק געטאָן די האַנט און פרעהליך און זאָרגלאָז געקוקט אויף אים; זי האָט אַזוי אָפען הנאה געהאַט פון דעם מאָמענט וואָס זי האָט איצט צוגע'גנב'עט ביים שיקזאַל, אַז אים איז אַפילו געוואָרען טרויעריג, וואָס אים איז איצט ניט אַזוי פרעהליך ווי איר. דאָך, ניט קוקענדיג אויף זיינע דאגות, האָט ער ניט געקענט ניט פאַרגעסען זיך אויף אַ רגע, ווען ער האָט דערזען איר פנים.

אין דעם מאָמענט האָט איר פנים געאָטעמט מיט אַזאַ גלויבען אין דער צוקונפט, אין גליק, אין אים... זי איז געווען זער ליב.

— אָ, ווי איך בין צופרידען! אָ, ווי איך בין צופרידען! — האָט זי געהאַלטען אין איין רעדען. זי האָט געשמייכעלט און געקוקט אויף אים. — איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דיך היינט ניט זען. מיך איז נעכטען באַפאַלען אַזאַ טרויער, איך וויים ניט פאַרוואָס, און איך האָב דיר אָנגעשריבען די פּאָר ווערטער. דו ביסט צופרידען?

זי האָט אים אריינגעקוקט אין פנים אריין.

— וואָס ביסטו היינט אַזוי אָנגעבלאָזען? דו שווייגסט? דו ביסט ניט צופרידען? איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט משוגע ווערען פאַר פרייד, און דו מאַכסט גאָר אַ פנים, ווי דו וואָלסט געשלאָפען. וואַכט אויף, געשעצטער הער, מיט אייך איז אָלגאַ.

און מיט פאַרוואורף האָט זי אים לייכט אָפּגעשטופּט פון זיך.

זומער־גאָרטען, האָט ער דערזען, ווי פון אַ באַנק האָט זיך אויפ־געהויבען און גענומען אים אַנטקעגען געהן אַ פרוי אין אַ שלייער.

ער האָט זי אין קיין פאַל ניט אָנגענומען פאַר אָלגאַ'ן: איינע אַליין! ניין, דאָס איז אוממעגליך! זי וועט זיך ניט דערוועגען און דערצו קען זי ניט האָבען קיין שום אויסרייד אַוועקצוגעהן איצט פון דער היים.

אָבער דאָך... דער גאַנג איז ענליך אויף אירען: אַזוי לייכט און גיך טראָגען זיך די פיס, אַזוי ווי זיי וואָלטען ניט געטראָטען, נאָר באַוועגט זיך; פונקט ווי ביי איר איז דער קאָפּ און דער האַלז געווען ארויסגעבויגען אויף פאָרענט, אַזוי ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט מיט די אויגען ביי זיך לעבען די פיס.

א צווייטער וואָלט געקאָנט וויסען לויט'ן קלייד, לויט'ן הוט, אָבער אָבלאָמאָוו האָט געקאָנט אָפּזיצען מיט אָלגאַ'ן אַ גאַנצען פרימאָרגען און ניט באַמערקען וואָסער קלייד אָדער מאַנטעל זי טראָגט.

אין גאָרטען איז כמעט קיינער ניטאָ. עפּעס אַ הער געהט געשווינד הין און צוריק, ווי ער וואָלט עס געטאָן פאַר געזונט־הייטס וועגען, און צוויי... ניט קיין דאַמען, נאָר פרויען, אַ דינסט מיט צוויי קינדער, וועמעס פּנים'ער זיינען געווען בלוי פון קעלט.

די בלעטער זיינען שוין אָפּגעפאַלען. מען קאָן זען דעם גאָרטען דורך און דורך. אומאַנגענעם שרייען די ראָבען אויף די בוימער. אין אַלגעמיין אָבער איז דער טאָג אַ שעהנער, און אויב מען איז גוט אָנגעטאָן, איז ניט קאַלט.

די פרוי אין שלייער קומט צו אַלץ נענטער, נענטער.

— זי! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט און אין שרעק זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט ניט געגלויבט זיינע אויגען.

— וואָס הייסט? ווי אַזוי? — האָט ער זי געפרעגט און זי גענומען פאַר דער האַנט.

— איך בין אַזוי צופרידען, וואָס דו ביסט געקומען, — האָט זי געזאָגט, ניט ענטפערענדיג אים אויף זיין פראַגע, —

זיך שוין ווי ניט איז צונרייטען, אויסער דעם איז מענליך, אז ראמאלט זאל שוין זיין אן ענטפער פון דארף.

דינסטאג אין דער פרי האט אים אויפגעוועקט א ווילד בילען פון הונט, וואס האט זיך מיט כעס געריסען פון דער קייט. עמיץ איז ארײן אין הויף, עמיץ האט וואס עס איז געפרעגט. דער דווארניק האט ארויסגערופען זאכאר'ן. זאכאר האט אריינ־געטראגען אבלאמאוו'ן א בריף, וואס איז אנגעקומען מיט דער פאסט.

— פון דער פריילין, — האט זאכאר געזאגט.

— פון וואנען ווייסטו עס? — האט אבלאמאוו אים בייז א פרעג געטאן. — דו ליינסט!

— זומער צייט פלעגען פון איר שטענדיג אנקומען פונקט אזוינע בריף, — האט זאכאר געטענה'ט דאס זייניגע.

„וואס זאל דאס באדייטען? איז זי כאטש געזונט?" — האט אבלאמאוו געטראכט, אויפעפענדיג דעם בריף.

„איך וויל ניט ווארטען אויף זונטאג (האט אלגא גע־שריבען): מיר ווערט אזוי לאנגווייליג, ווען איך זע אייך ניט א לאנגע צייט. איך וויל אייך אומבאדינגט זען מארגען און איך וועל ווארטען אויף אייך דריי אזייגער אין זומער־גארטען".

און מער קיין ווארט ניט.

ווידער האט אן אומרואיגקייט באהערשט זיין גאנץ וועזען, ער האט געהאלטען אין איין ווארפען זיך אין יסורים, ווארים ער האט ניט געוואוסט, וואס פאר א מינע ער זאל מאכען, ווען ער וועט זי דערזען, וואס ער זאל איר זאגען.

אבער ער איז ביסלאכווייז רואיג געווארען, ווייל ער האט נעהאפט, אז אלגא וועט אהין קומען מיט דער טאנטע, אדער מיט אן אנדער דאמע — מיט מאריא סערגעיעווונא'ן, למשל, וועלכע האט איר אזוי ליב, וואס קען זיך ניט גענוג אנקוקען אויף איר. אין זייער אנוועזענהייט, האט ער נעהאפט, ווי ניט איז צו קענען פארבארגען זיין צוטראגענהייט און ער האט זיך נעגרייט זיין פריינדליך און רעדעוודיג.

אבער ווי נאר ער איז אריין אין דער לאנגער אליי פון דעם

## .5

אָבלאָמאָוו האָט ניט געוואוסט מיט וואָס פאַר אַ פּנים ער זאָל זיך ווייזען פאַר אָלגאַ'ן, וואָס זי וועט רעדען און וואָס ער וועט רעדען, און ער האָט דערפאַר באַשלאָסען, ניט צו זיין ביי איר מיטוואָך, נאָר זונטאָג, ווען ביי זיי זיינען געוועהנליך דאָ אַ סך געסט און עס וועט זיי ניט געלינגען צו בלייבען אויג אויף אויג.

ער האָט ניט געוואָלט איר דערצעהלען דאָס אַלץ וואָס מענשען רעדען וועגען זיי, כדי זי ניט צו קרענקען מיט זאַכען, וואָס קאָנען ניט פאַרריכט ווערען; ניט דערצעהלען איז אויך קיין פּלאַן ניט. ניט זיין אָפּגעהאַרציג מיט איר, איז אוממעגליך, ווייל זי וועט אַרויסקריגען פון אים אַלץ, וואָס זי וועט נאָר וועלען, מעג ער עס האַלטען באַהאַלטען אין די טיפענישען פון זיין האַרץ.

בלייבענדיג ביים באַשלוס צו זען זיך מיט איר ערשט זונטאָג, איז אים געוואָרען אַ ביסעל לייכטער. ער האָט זיך צו ביסלאַך באַרואיגט און אַוועקגעשיקט אַ בריף אין דאָרף אַריין צום שכן און אים זער געבעטען, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און אים ענטפערען וואָס גיכער.

דערנאָך האָט ער גענומען טראַכטען, אויף וואָס ער זאָל פאַרנוצען דעם לאַנגען און אומערטרעגליכען מיטוואָך, וואָס וואָלט, ווען זאַכאַר זאָל זיך אַזוי ניט צופּלוידערען, באַלעבט געוואָרען דורך אָלגאַ'ס אַנוועזענהייט, דורך דעם געשפּרעך פון זייערע נשמות, ווייט פון פרעמדע אויגען, און דורך איר געזאַנג.

ער האָט באַשלאָסען אַוועקצופאָרען צו איוואַן געראסימאָוויטש'ן און מיטאָגען ביי אים, כדי ער זאָל וואָס ווייניגער שפּירען אָט דעם אומערטרעגליכען טאָג. און ביז זונטאָג וועט ער

## אַבלאָמאָוו

נעמט מען געלט? מען מוז דאָך האָבען מיט וואָס צו לעבען! אָ, אויך דיך דאַרף מען קויפען, דיך, ליבע, דיך, ריין און גע־ווענליך גליק".

פון דעם מאָמענט אָן האָבען חלומות און רו פאַרלאָזען אַבלאָמאָוו'ן. ער איז שלעכט געשלאָפען, ווייניג געגעסען און צוטראָגען און פאַרלאָרען געקוקט אַרום זיך.

ער האָט געוואָלט אָנשרעקען זאַכאַר'ן און ער האָט זיך דערשראָקען מער פון אים, ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין דער פּראַקטישער זייט פון דער חתונה און דערזען, אַז עס איז טאַקע אַ פּאָעטישער, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך אַ פּראַקטישער און אָפיציעלער שריט, וואָס ליגט אַרויף זער שווערע פליכטען.

ער האָט זיך אין גאַנצען אַנדערש פאָרגעשטעלט זיין גע־שפּרעך מיט זאַכאַר'ן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געוואָלט פייערליך וועגען דעם ערקלערען זאַכאַר'ן, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז זאַכאַר וועט זיך צוויאָמערען פאַר פרייד און אַ וואָרף טאָן זיך צו זיינע פיס. ער האָט זיך געקליבען אים געבען פינף און צוואַנציג, און אַניסיאַן צען רובל...

ער האָט זיך אַלץ דערמאָנט, דאָס דאַמאָלסדיג ציטערען פאַר גליק, אָלגאַ'ס האַנט, איר ליידענשאַפטליכען קוש... און ער איז פאַרשטיינערט געוואָרען פאַר שרעק: „עס האָט פאַר־וועלקט, עס איז פאַרביי!" האָט אינווייניג אין אים עמיץ גערעדט.

— וואָס בלייבט איצט?

איך בין פאַרוואונדעט געוואָרען, ווען דער פּריץ האָט דערפון גערעדט, איך האָב זיך דערשראָקען און אפילו פאַרציטערט געוואָרען! ווי איז דאָס מעגליך! וואָס פאַר א חתונה! קיינעם האָט עס זיך אפילו ניט גע'חלום'ט דערפון! און איך רעד בכלל ניט מיט קיינעם, איך בין שטענדיג פאַרנומען אין דער קיך! מיט אילינסקים מענשען האָב איך זיך שוין א מאָנאָט ניט געזען, פאַרגעסען זייערע נעמען אפילו! און מיט וועמען האָב איך דאָ צו רעדען? מיט דער באַלעבאָסטע רעד איך בלויז וועגען באַלעבאַטישקייט, מיט דער באָבען קאָן מען ניט רעדען: זי האַלט אין איין הוסטען און איז טויבליך אויף איין אויער; אקולינא איז א בהמה און דער דוואָרניק איז א שכור; בלייבען בלויז די קינדער, וואָס קאָן מען רעדען מיט קינדער? איך האָב שוין אפילו פאַרגעסען ווי די פּרייליין זעט אויס.

— גענוג שוין, גענוג שוין, גענוג! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט און מיט אומגעדולד א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אז זי זאָל שוין ארויס.

ווי קען מען דאָס רעדען וועגען דעם, וואָס איז ניטאָ און וועט ניט זיין? — האָט אַניסיאַ, אַוועקגעהענדיג, דערערעדט. — און דאָס וואָס ניקיטאַ האָט געזאָגט, ווער איז אים שולדיג, אַז ער האָט געפּלוידערט. מיר קומען אַזוינע זאכען ניט ארויף אויפ'ן זינען: אַ גאַנצען טאָג בין איך פאַרנומען און האָב ניט קיין צייט פאַר רכילות. איין גאָט ווייס... איך קען פאַר דעם הייליגען בילד דאָ אויף דער וואַנט... — און גלייך נאָך דעם איז איר רעדענדיגע נאָז פאַרשוואונדען לינטער דער טיר, אָבער איר שטימע האָט זיך נאָך א ווייל'ע געהערט פון הינטער דער טיר.

„אָט ווי עס האַלט! און אַניסיאַ איז זיכער, אַז דאָס איז ניט קיין מעגליכע זאַך!" האָט אָבלאָמאָוו גערעדט צו זיך אין דער שטיל, צוזאַמענליינענדיג די הענט־פלאַכען צוזאַמען.

„גליק, גליק! — האָט ער אין א ווייל'ע שפּעטער גיפטיג ארויסגערעדט. — אָ, ווי דו ביסט ברעכיג, ווי דו ביסט ניט שטאַנדהאַפטיג! שלייער, קראַנץ, ליבע, ליבע! און וואו

געגעבען ניקיטיא׳ן, און ניקיטיא האָט געזאָגט, אז עס וואָלט גוט געווען ווען אייער פריץ זאָל זיך שדכן׳ען צו דער פריילין...״

— וואָס פאר א בהמה איז דאָס דער ניקיטיא! — האָט אבלאָמאָוו באמערקט.

— באמת א בהמה, — האָט צוגעשטימט אניסיא, — ווען ער פאָרט אמאָל נאָך א קארעט, פאָרט ער אזוי ווי ער וואָלט געשלאָפען. וואסיליסא אפילו האָט ניט געגלויבט אין דעם, — האָט זי שנעל אָנגעהויבען צו רעדען ווייטער, — זי האָט דער־צעהלט, אז די אָם אליין האָט איר געזאָגט, אז די פריילין טראכט אין גאנצען ניט חתונה צו האָבען און איז דען דאָס א מעגליכע זאך, האָט זי געזאָגט, אז אייער פריץ וואָלט ביז איצט ניט געהאט געפונען קיין כלה, ווען ער וואָלט געוואָלט חתונה האָבען, און אז זי האָט ניט לאנג צוריק געזען סאמוילען, און ער האָט זיך אויך אויסגעלאכט דערפון. א חתונה גאָר! און עס זעט גאָר ניט אויס, ווי מען זאָל זיך גרייטען צו א חתונה. שוין גיכער ווי צו א לויה, וואָרים דער טאנטע טוט אליז וועה דער קאָפ און די פריילין האַלט אין איין וויינען און זי רעדט ניט קיין וואָרט, און מען גרייט גאָר קיין אויסשטייער ניט, און אז לעצטע וואָך האָבען זיי פארזעצט דאָס זילבער...

„דאָס זילבערוואַרג פארזעצט? זיי פעלט אויך אויס געלט?״ האָט אבלאָמאָוו א טראכט געטאָן און מיט שרעק גע־נומען פירען די אויגען איבער די ווענט און אָפּגעשטעלט זיי אויף אניסיא׳ס נאָז, ווייל אויף עפּעס אנדעריש איז ניט געווען זיי אָפּצושטעלען. עס האָט בכלל געמאכט דעם איינדרוק, אז זי האָט דאָס אליז ניט גערעדט מיט׳ן מויל, נאָר מיט דער נאָז.

— גיב אכט, רעד ניט קיין נארישקייטען! — האָט אָב־לאָמאָוו איר באמערקט און א מאך געטאָן מיט׳ן פינגער.

— איך? ווי קום איך דערצו! מיר קומט עס אפילו ניט אויף די געדאנקען, אָפּגערעדט שוין פון רעדען דערפון, — האָט אניסיא געמאָלדען, — עס איז דאָך אין גאנצען א ליגען! איך שווער ביי גאָט, אז איך האָב דאָס היינט צום ערשטען מאָל געהערט, פארזונקען זאָל איך ווערען, אויב עס איז ניט אמת!

— קאַטיאַ האָט געזאָגט סעמיאָנ׳ען, סעמיאָן ניקיטאַ׳ן, — האָט זאַכאַר געשעפּטשעט, — ניקיטאַ וואַסיליסאַ׳ן...

— און דו האָסט עס צופּויקט אין גאַנצען! איך וועל דיר שוין! — האָט אָבלאָמאָוו גענומען צישען פאַר כעס. — רכילות טרייבען אויפ׳ן אייגענעם פּריץ!

— וואָס מאַטערט איר מיך מיט אַזוינע רייד? — האָט זאַכאַר געזאָגט. — איך וועל אַ רוף טאָן אַניסיאַ׳ן: זי ווייס אַלץ...

— וואָס ווייס זי? גלייך זאָלסטו מיר זאָגען וואָס זי ווייס!

זאַכאַר האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער טיר און מיט אַן אומגלויביגער שנעלקייט האָט ער געשפּאַנט אין קיך אַריין.

— וואַרף די פּאַן און מאַרש צום פּריץ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן אַניסיאַ׳ן, אָנווייזענדיג איר מיט׳ן פינגער אויף דער טיר. — אַניסיאַ האָט די פּאַן איבערגעגעבען אַקולינאַ׳ן, אַרויס־געריסען פון אונטער דעם גאַרטעל דעם זוים פון קלייד, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט זיך אין די היפטען און, אָפּווישענדיג זיך מיט דעם צייג־פינגער די נאָז, איז זי אַוועק צום פּריץ. אין פינף מינוט איז איר געלונגען באַרואיגען אָבלאָמאָוו׳ן. זי האָט אים געזאָגט, אַז קיינער האָט וועגען קיין שום חתונה ניט גע־רעדט. זי איז גרייט צו שווערען זיך ביי אַלעם הייליגען, אַז זי הערט איצט וועגען דעם צום ערשטען מאָל. גערעדט האָט מען גאָר אַן אַנדער געשיכטע, אַז דער באַראָן שדכן׳ט זיך גאָר צו דער פרייליין.

— דער באַראָן? — האָט אָבלאָמאָוו, אויפשפּרינגענדיג מיטאַמאָל פון אָרט, אַ פרעג געטאָן. אים איז ניט נאָר דאָס האַרץ, נאָר אפילו הענט און פיס זיינען אים פאַרשטיינערט גע־וואָרען.

— און דאָס איז אויך ניט מער ווי רכילות! — האָט אַנסיאַ אויף גיך אַרויסגערעדט, ווען זי האָט באַמערקט, אַז זי איז פון איין צרה אַריינגעשפּרונגען אין דער צווייטער. — דאָס האָט בלויז קאַטיאַ געזאָגט מאַרפאַ׳ן, מאַרפאַ האָט עס איבער־

# אבלאמאוו

— נעה! — האָט אָבלאָמאָװ, אַן אומגעדולדיגער, אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

זאַכאַר האָט אויף גיך אַ שפּאַן געטאָן צו דער טיר.

— ניין, וואַרט צו! — האָט מיטאַמאָל אים אָפּגעשטעלט אָבלאָמאָוו.

— דאָ גנעה, דאָ שטעה! — האָט געברומט זאַכאַר, אָנ־האַלטענדיג זיך מיט דער האַנט אָן דער טיר.

— ווי אַזוי האָסטו געוואַגט צו פאַרשפּרייטען וועגען מיר אַזוינע פאַלשע קלאַנגען? — האָט אָבלאָמאָוו אים געפרעגט מיט אַ ציטערנדיגען פליסטער.

— ווען האָב איך דאָס, איליאַ איליטש, וועגען אייך פאַר־שפּרייט קלאַנגען? ניט איך האָב עס געטאָן, נאָר די דינער פון די איליִנסקי'ס האָבען געזאָגט, אַז דער פּריץ שדכנ'ט זיך...

— ששש — האָט אָבלאָמאָוו אַ מאַך געטאָן. — שטיל! קיין וואָרט ניט! דו הערסט!

— איך הער, — האָט זאַכאַר אַרויסגערעדט דערשראָקען.

— וועסטו ניט פאַנאַנדערטראָגען די דאָזיגע פאַלשע קלאַנגען?

— ניין, — האָט זאַכאַר געענטפערט שטיל, ניט פאַרשטע־הענדיג אייגענטליך אין וואָס עס האַנדעלט זיך.

— און איצט הער זיך איין: קוים דערהערסטו, אַז עמיץ רעדט וועגען דעם, זאָג אים גלייך, אַז עס איז אַ ליגען, אַז עס איז אַן אוממעגליכע זאַך! — האָט אָבלאָמאָוו שעפּטשענדיג צוגעלייגט.

— גוט! — האָט זאַכאַר אַזוי שטיל אַרויסגעפליסטערט, אַז מען האָט קוים געקאָנט הערען.

אָבלאָמאָוו האָט זיך אַרומגעקוקט און אים געדראָט מיט'ן פינגער. זאַכאַר האָט געבלינצעלט מיט זיינע דערשראָקענע אויגען און אויף די שפּיץ פינגער גענומען זיך דערנענטערען צו דער טיר.

— ווער האָט דער ערשטער גענומען רעדען וועגען דעם? — האָט אָבלאָמאָוו, דעריאָגענדיג אים, געפרעגט.

## א. א. גאָנטשאַראָוו

טען אַ דריי טויזענט! און וואו זיינען אַנדערע אויסגאַבען! וואו וועל איך דאָס אַלץ נעמען?

— ווי האָבען אַנדערע חתונה, האָבענדיג דריי הונדערט נפשות? — האָט זאַכאַר געענטפערט און גלייך חרטה געקראָגען, וואָרים אָבלאָמאָוו איז אויפגעשפרונגען פון דער שטול און צוגעשפרונגען צו זאַכאַר׳ן.

— דו פאַרגלייכסט מיר שוין ווידער מיט אַ נ ד ע ר ע? — האָט ער געזאָגט און בייז אַ מאַך געטאָן צו אים מיט׳ן פינגער. — אַנדערע וואוינען אין צוויי, העכסטענס אין דריי צימערען, דער זאַל איז ביי זיי דאָס עסצימער און אמאָל שוין דאָס שלאָפצימער אויך. די באַלעבאָסטע אַליין געהט אין מאַרק אריין. וועט דען אָלגאַ סערגעיעוונאַ געהן אַליין אין מאַרק?

— אין מאַרק וועל איך געהן, — האָט זיך זאַכאַר אָפּגערופען.

— ווייסטו וויפיל איינקונפט מיר האָבען פון אָבלאָמאָווקע? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט. — דו האָסט געהערט וואָס דער סטאַראָסטאַ האָט געשריבען? עס וועט זיין אַ צוויי טויזענט רובל ווייניגער. און איצט דאַרף מען לייגען אַ שאָסיי, איינאָרדנען שולען, פאָרען נאָך אָבלאָמאָווקע. און דאָרט איז ניטאָ וואו צו וואוינען, מען דאַרף ערשט בויען אַ הויז... טאָ ווי האָט עס דיר געקאָנט איינפאַלען אַ חתונה?

אָבלאָמאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַליין דערשראָקען פון די דאָזיגע אויסזיכטען. די רויזען, די פאַרוואונדערונג פון עולם, דער לאַנגער שלייער — דאָס אַלץ איז מיט אמאָל פאַרשוואונדען געוואָרען.

זיין פנים האָט זיך פאַרענדערט און ער האָט זיך פאַרטראַכט. שפּעטער איז ער ביסלעכווייז געקומען צו זיך, ארומגעקוקט זיך און דערזען זאַכאַר׳ן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער געפרעגט.

— איר האָט דאָך מיר געהייסען דאָ שטעהן, — האָט זאַכאַר געזאָגט.

# אַבלאַמאָוו

אַבלאָמאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט צו זען ווי עס האָט אויף זאַכאַר'ן געווירקט די שילדערונג פון די אַלע אומבאַקוועמליכקייטען, וואָס עס ברענגט מיט זיך מיט די חתונה.

— קאָן איך שוין געהן? — האָט געפרעגט זאַכאַר, אומקערענדיג זיך צו דער טיר.

— ניין, דו וואַרט צו! דו ביסט אַ קינסטלער אויף צו פאַרשפּרייטען פאַלשע קלאַנגען, ווייל איך, אַז דו זאָלסט געוואַרען וואָרום זיי זיינען פאַלש.

— וואָס דאַרף איך געוואָר ווערען? — האָט געזאָגט זאַכאַר, באַקוקענדיג די ווענט פון צימער.

— דו האָסט אין גאַנצען פאַרגעסען וויפיל טומלעניש און לויפעניש עס האָבען חתן און כלה. און ווער וואָלט ביי מיר געלאָפען צום שניידער, צום שוסטער, נאָך מעבעל? דו אפשר? איך אליין קאָן זיך דאָך ניט צוריסען! אַלע אין שטאָדט וואָלטען געוואָר ווערען. „איר האָט געהערט? אָבלאָמאָוו געהט דאָך חתונה האָבען". — טאַקע? מיט וועמען? ווען איז די חתונה? — האָט גערעדט אָבלאָמאָוו מיט פאַרשידענע שטימען. — מען האַלט אין איין רעדען! פון דעם אליין וואָלט איך שוין קראַנק געוואָרען, און דיר איז נאָך איינגעפאַלען: חתונה האָבען!

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף זאַכאַר'ן.

— זאָל איך אריינרופען אַניסיאַ'ן? — האָט זאַכאַר געפרעגט.

— צוליב וואָס אַניסיאַ'ן? דו, און ניט אַניסיאַ, האָט זיך דאָך פאַרגעשטעלט, אַז אַזאַ זאַך איז מעגליך.

— פאַר וואָסערע זינד שטראָפט מיך דאָס היינט גאָט? — האָט זאַכאַר אַ מורמעל געטאָן און אזוי זיך צוזיפצט, אַז די אַקסעל ביי אים האָבען אַ ציטער געטאָן.

— און וואָס פאַר אַ אויסגאַבען! — האָט אָבלאָמאָוו ווייטער גערעדט. — און וואו נעמט מען געלט? דו האָסט געזען וויפיל איך האָב געלט? — האָט אָבלאָמאָוו כמעט מיט כעס אים אַ פרעג געטאָן. — און וואו איז אַ דירה? דאַ דאַרף מען באַצאַלען אַ טויזענט רובל, און דינגען אַ נייע דירה דאַרף קאָס־

געוועהנליכע זאך. איר זייט ניט די איינציגע: אלע האָבען חתונה.

— אלע! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו. — דו ביסט א קינסטלער אויף צו פארגלייכען מיך מיט אנדערע, מיט אלע! דאָס קאָן קיינמאָל ניט פּאסירען! ניין, ניין, ניין! א געוועהנ־ליכע זאך איז עס ביי אים! וואָס איז אזוינס די חתונה?

זאכאר האָט שוין געוואָלט איבערפירען זיין בליק אויף אָבלאָמאָוו'ן, אָבער ער האָט דערזען אז ער האלט אויף אים אָנגעשטעלט א פּאָר בעס'דיגע אויגען און זאכאר האָט אָפּגע־ווענדט זיין בליק רעכטס, צום ווינקעל צו.

— הער זיך איין, איך וועל דיר ערקלערען וואָס דאָס איז אזוינס. „א חתונה, א חתונה", הויבען מיטאמאָל אָן צו רעדען פּארשידענע מענשען, אזוינע וואָס האָבען ניט וואָס צו טאָן, עס רעדען פרויען, עס רעדען קינדער; זיי רעדען אומעטום, רעדען אין דער קיך, אויפ'ן מארק, אין קראָמען. מען ווערט אויס איליא איליטש, מען ווערט אויס פּיאָטר פּיעטראָוויטש, מען ווערט „א חתן". נעכטען נאָך האָט קיינער ניט געוואָלט קוקען אויף אים, און היינט שטעלט מען אויף אים אָן אויגען, ווי ער וואָלט געווען דער גרעסטער אויסוואורף. ער קאָן רואיג ניט דורכגעהן דאָס טעאטער, די גאס. „אט געהט דער חתן!" סוד'ען זיך אלע. און וויפיל מענשען עס געהען צו אים צו דורכ'ן טאָג, באמיט זיך יעדער פון זיי צו מאכען א נארישען פּרצוף, פּונקט אזא ווי ביי דיר אצינד! (זאכאר האָט אויף גיך איבערגעפירט זיין בליק צוריק אין הויף אריין) און זאָגען א פּאָר נארישע ווערטער, — האָט אָבלאָמאָוו ווייטער גערעדט. — דאָס איז דער אָנפאנג! און דו פאָר דיר דערוויייל, ווי א פאר־שאָלטענער, יעדען פרי מאָרגען צו דער כלה, די האנד־שו — פון שטרוי קאָליר, דאָס אנצוג — ערשט פון דער נאָדעל ארויס, טאָרסט ניט אויסזען פארמאטערט, טאָרסט ניט אנשטענדיג אָפּ־עסען און אָפּטרינקען, נאָר דארפסט פליען, לויפען, דערצו בו־קעטען! און דאָס ציט זיך אזוי דריי, פיר חדשים! זעסטו שוין? קאָן איך אזוי לעבען?

„איצט הויבט עס זיך אָן", האָט א טראכט געטאָן זאכאר און גענומען ווערען טרויעריגער און טרויעריגער.

— ווי האָסטו געקאָנט שטעלען דיין הער אזא אוממעג־ליכע פראגע? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

„איצט געהט עס!" — האָט זאכאר א טראכט געטאָן, און מיט טרויער געוואַרט אויף א מבול פון אָבלאָמאָוו'ס פארפלוכ־טע ווערטלעך.

— איך פרעג ביי דיר, ווי אזוי האָט אזא זאך געקאָנט דיר אריינפאלען אין קאָפּ אריין? — האָט אָבלאָמאָוו ווידערהאָלט. זאכאר האָט געשוויגען.

— דו הערסט, זאכאר? ווי אזוי האָסטו דיר ערלויבט ניט נאָר צו טראכטען, נאָר אפילו עס ארויסצורעדען?

— אנטשולדיגט, איליא איליטש, איך וועל שוין בעסער אריינרופען אניסיא'ן... — האָט געענטפערט זאכאר און ער האָט גענומען שפּאנען צו דער טיר.

— איך וויל רעדען מיט דיר און ניט מיט אניסיא'ן, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט. — ווי אזוי האָסטו געקאָנט אויסטראכ־טען אזא זאך?

— ניט איך האָב עס אויסגעטראכט, — האָט זאכאר גע־זאָגט, — די דינער פון די אילינסקים האָבען דאָס דערצעהלט.

— און ווער האָט עס זיי געזאָגט?

— פון וואנען זאָל איך וויסען? קאטיא האָט עס געזאָגט סעמיאָנ'ען, סעמיאָן — ניקיטיא'ן, ניקיטיא — וואסיליסא'ן, וואסיליסא — אניסיא'ן און אניסיא האָט עס מיר געזאָגט... — האָט זאכאר דערצעהלט.

— גאָט! גאָט מיינער! אלע! — האָט אָבלאָמאָוו ארויס־גערעדט מיט שרעק. — דאָס איז א ליגען, דאָס איז אן אומ־מעגליכע זאך, דאָס איז רכילות — דו הערסט? — האָט קלאַ־פּענדיג מיט דער פויסט אָן טיש, געזאָגט אָבלאָמאָוו. — דאס קאָן ניט פּאסירען?

— פארוואָס קאָן עס ניט פּאסירען? — האָט אים זאכאר איבערגעשלאָגען גאנץ גלייכגילטיג. — א חתונה איז א גאנץ

ער איז מיט אַ זייט אַריינגעפאַלען אין איין האַלבען טיר און מיט דער פּלייצע האָט ער פאַרטשעפּעט די צווייטע האַלבע טיר אַזוי, אַז זיי זיינען אויפגעפּראַלט געוואָרען מיט אַ קראַך.

— זאַכאַר! — האָט מיט אַ באַפעלענדע שטימע אַ געשריי געטאָן איליא איליטש.

— וואָס באַפעלט איר? — האָט זאַכאַר זיך אָפּגערופען פון פאָרדערהויז.

— קום אַהער! — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— איר ווילט עפּעס? טאָ זאָגט מיר, וועל איך עס אייך דערלאַנגען! — האָט געענטפערט זאַכאַר.

— קום אַהער! — האָט באַפעלענדיג און ציענדיג די ווערטער אַרויסגערעדט איליא איליטש.

— ווען קומסטו שוין, טויט, מיך באַפרייען? — האָט זאַכאַר אַ ברום געטאָן, אַריינקריכענדיג אין צימער אַריין. — וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט ער געפרעגט, בלייבענדיג ווי פאַרשטיינערט אין דער טיר.

— קום אַהער דאָ! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט מיט אַ געהיימניספול-פייערליכער שטימע, אָנווייזענדיג זאַ־פאַר'ן וואו ער זאָל זיך שטעלען, און אָנגעוויזען האָט ער אים אַזוי נאָענט צו זיך, אַז זאַכאַר'ן וואָלט אויסגעקומען זיך צו־זעצען אויף דעם פּריצ'ס קני.

— וואו וועל איך זיך דאָרט גענען אַריינשפּאַרען? דאָרט איז ענג און איך קאָן פון דאַנען אויך הערען, — האָט זיך אָפּ־גערופען זאַכאַר, בלייבענדיג איינגעשפּאַרט שטעהן ביי דער טיר.

— דאָ אַהער הייסט מען דיך געהן! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט מיט כעס.

זאַכאַר האָט געמאַכט איין טראָט און איז געבליבען שטעהן ווי אַ מאָנומענט, קוקענדיג אין פענסטער אויף די אַרומלויפענ־דיגע הינער אין הויף און אונטערשטעלענדיג דעם פּריץ אַ האַלבע באָרד, ווי אַ באַרשט. פאַר דער שעה פון אויפרעגונג איז אָבלאָמאָוו'ס געזיכט ווי אָפּגעפאַלען, זיינע אויגען זיינען אומרואיג אַרומגעלאָפען.

פֿון זון־אויפֿגאַנג און זון־אונטערגאַנג, פֿון ליידענשאַפֿטליכע בליקען און באַצויבערענדען זינגען! אַך, קיינמאָל ענדיגען זיך ניט גוט די אַלע ליבעס פּאָעמען! צום ערשטען דאַרף מען חתונה האָבען און ערשט שפּעטער זיך לאָזען שווימען אויף די אַלע ראָזעווע וואַסערען!... גאָט מיינער! גאָט מיינער! מען דאַרף לויפֿען צו דער טאַנטע, נעמען אָלגאַ'ן פֿאַר דער האַנט און זאָגען: „אָט איז מיין כלה". אָבער קיין שום זאַך איז נאָך ניט פֿאַרטיג, קיין ענטפֿער איז נאָך פֿון דאָרף ניט געקומען, קיין געלט איז ניטאָ און קיין דירה איז ניטאָ! ניין, פֿריער פֿאַר אַלין דאַרף מען פֿון זאַבאַר'ס קאָפּ ארויסשלאָגען דעם ראָזינגען געדאַנק, דערשטיקען אַלע קלאַנגען אזוי, ווי מען דערשטיקט אַ פֿלאַם, כדי עס זאָל זיך ניט פֿאַנאַנדערשפּרייטען, עס זאָל ניט ווערען דערפֿון קיין פֿייער, קיין רויך... אַ חתונה גאַר! וואָס איז אזוינס חתונה?"...

ער האָט שוין געהאַט זיך כמעט צושמייכעלט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט זיין פֿריערדיגע פּאָעטיישע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ חתונה, דעם לאַנגען שלייער, דאָס מאַראַנצען צווייגעל, דאָס פֿליסטערען פֿון די פֿאַרזאַמעלטע...

אָבער איצט האָט שוין די פֿאָרשטעלונג ניט געהאַט אזוינע ראָזע קאָלירען: צווישען די, וואָס האָבען זיי ארומגערינגעלט, איז געווען דער גראָבער, דער אומזויבערער זאַבאַר און די אילינסקיס גאַנצע דינערשאַפֿט; אַ ריי קאַרעטען, נייגעריגע פֿרעמדע געזיכטער. אין דערנאָך האָט ער געזען אין זיין פֿאַנטאַזיע עפּעס אזוינס, וואָס איז געווען לאַנגווייליג און שרעקליך...

„מען דאַרף עס ארויסשלאָגען פֿון זאַבאַר'ס קאָפּ, אַז ער זאָל עס האַלטען פֿאַר אַן אוממעגליכע זאַך", האָט ער באַשלאָסען אין אַ מאָמענט, ווען אַ רגע איז ער געווען פֿיבערהאַפֿט אויפֿגערעגט און אַ רגע דערשלאָגען, פֿאַרטראַכט.

אין אַ שעה ארום האָט ער אַ רוף געטאָן זאַבאַר'ן.

זאַבאַר האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט ניט ווי מען רופֿט אים און ער האָט גענומען ארויסשאַרען זיך שטיל פֿון דער קיך. ער האָט שוין געהאַט געעפֿענט די טיר אַן אַ סקריפּ אפילו, אָבער

אין פארצווייפלונג ארויפגעלייגט די הענט אויפ'ן קאָפּ און אוועקגעזעצט זיך אין א שטול.

„מענשען ווייסען! — האָט זיך גענומען פּלאָנטערען ביי אים אין קאָפּ. — צווישען לאַקייען, אין די קיכען רעדט מען וועגען דעם! אָט וואו עס האַלט שוין! און ער האָט נאָך גע־האַט די חוצפּה צו פרעגען, ווען עס וועט זיין די חתונה! און די טאַנטע פארדעכטיגט אין גאָרנישט ניט, און אויב זי פאַר־דעכטיגט יאָ, מוז עס זיין אין עפּעס אַנדערש, אין עפּעס ער־גערס... אַי, אַי, אַי, וואָס זי טראַכט געוויס איבער! און איך? און אָלגאַ?"

„אומגליקליכער וואָס איך בין! וואָס האָב איך אָפּגע־טאָן! — האָט ער גערעדט, איבערקערענדיג זיך מיט'ן קאָפּ אין קישען. — א חתונה! אָ, דער פּאָעטישסטער מאָמענט אין לע־בען פון פארליבטע, די קרוין פון גליק — איז געוואָרען א טעמאַ פאר קוטשערס, לאַקייען, קעכינס אין א צייט ווען עס איז נאָך ניט באשטימט, ווען עס איז נאָך ניט אָנגעקומען קיין ענטפער פון דאָרף, ווען מיין טייסטער איז ליידיג, ווען מען האָט נאָך ניט געפונען קיין דירה..."

ער האָט זיך גענומען פאנאנדערקלייבען אין אָט דעם פּאָע־טישען מאָמענט, וואָס האָט מיטאמאָל פארלאָרען זיין גלאַנץ, ווי נאָר זאכאר האָט וועגען אים אָנגעהויבען צו רעדען. ער האָט גענומען אריינקוקען אין דעם א סך טיפער, און ער האָט זיך אין פיין געוואָרפען פון איין זייט אויף דער צווייטער, געלייגט זיך אויף דער פּלייצע, אויפגעשפּרונגען, געמאַכט א דריי שפּאַן איבער'ן צימער און ווידער זיך צוריקגעלייגט.

„דער ניט גוטער האָט מיך געשטופּט" — האָט זאכאר, א דערשראָקענער, געטראַכט אין קאָרידאָר.

„פון וואַנען ווייסען זיי? — האָט אָבלאָמאָוו זיך געבראָ־כען דעם קאָפּ. — אָלגאַ האָט געשוויגען און איך האָב אפילו ניט געוואַגט צו טראַכטען אויפ'ן קול, און זיי האָבען אַלץ באַ־שלאָסען דאָרט אין דער קיך! אָט וואָס עס קומט ארויס פון זען זיך אונטער פיר אויגען! אָט וואָס עס באדייט די פּאָעזיע

— וואָסערע חתונה? — האָט אַבלאָמאָוו געפרעגט, אויפ־וועצענדיג זיך מיטאַמאָל.

— איהר פרעגט וואָסערע חתונה? אייער חתונה! — האָט זאַכאַר געענטפערט אזוי, ווי ער וואָלט גערעדט וועגען א לאַנג באַשלאָסענע זאַך. — איר געהט דאָך חתונה האָבען. ניט אמת?

— איך חתונה האָבען! מיט וועמען? — האָט אַבלאָמאָוו ארויסגערעדט א דערשראָקענער, פּרעסענדיג זאַכאַר'ן מיט זיינע ערשטווינטע אויגען.

— מיט פריילין אילינ... — זאַכאַר האָט נאָך ניט דער־וויזען צו ענדיגען, ווי אַבלאָמאָוו איז שוין געשטאַנען כמעט הינטער זיין נאָז.

— אומגליקליכער! ווער האָט עס דיר אריינגעגעבען דעם געדאַנק? — האָט אַבלאָמאָוו ארויסגערעדט פּאַטעטיש, מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע, וועלענדיג זיך ווארפען אויף זאַכאַר'ן.

— וואָס פאר אַן אומגליקליכער בין איך דאָס? געלויבט איז גאָט! — האָט זאַכאַר געזאָגט, אָפּטרעטענדיג אויף צו־ריק. — ווער עס האָט מיר געזאָגט? אילינסקי'ס דינערשאַפט האָט נאָך זומער גערעדט וועגען דעם.

— ששש!... — האָט אַבלאָמאָוו א ברום געטאָן, אויפהוי־בענדיג דעם פינגער און דראָענדיג זאַכאַר'ן. — קיין וואָרט ניט וועגען דעם מער!

— האָב איך עס דען אויסגעטראכט? — האָט זאַכאַר ווייטער גערעדט.

— שטיל! — האָט אַבלאָמאָוו געזאָגט, קוקענדיג בייז אויף אים, און ער האָט אים אָנגעוויזען אויף דער טיר.

זאַכאַר איז אוועק און אזא זיפץ געטאָן, אז מען האָט אים געהערט אין אלע צימערען.

אַבלאָמאָוו האָט ניט געקאָנט קומען צו זיך. ער איז אלץ געשטאַנען אין זיין פריערדיגער פּאָזע און מיט שרעק געקוקט אין יענעם ארט, וואו זאַכאַר איז געשטאַנען. דערנאָך האָט ער־

פאַרטראַכטענדיג זיך וועגען זיין צוקונפט, האָט ער טיילמאָל ווילענדיג און טיילמאָל ניט ווילענדיג אַריינגעקוקט אין דער האַלב אָפענער טיר, אויף דער ווירטינס אַנטבלויזטע עלענבויגענס.

איינמאָל האָט אין הויז און אין דער נאַטור געהערשט אַן אמת אידעאַלע רו. עס האָבען זיך ניט פאַרבייגעטראָגען רוישענדיג קיין קאַרעטען, עס האָבען ניט געסקריפּעט קיין טירען. גלייכמעסיג האָט אין פאָדערהויז געקלאַפּט דער זייגער, עס האָבען געזונגען די קאַנאַרעקלעך. אָבער דאָס האָט ניט געשטערט דער שטילקייט, נאָר עס האָט איר נאָך צוגעגעבען עפּעס לעבעדיגעס.

נאַכלעסיג איז איוואַן איליטש געלעגען אויף דער סאָפע, ער האָט זיך געשפּילט מיט זיין שטעקשוך. אָט לאָזט ער אים פאַלען אויפ'ן דיל, אָט הויבט ער אים אויף אין דער לופט און גיט אַזאַ דרעה, אַז דער שטעקשוך פאַלט ווידער און ער דערכאַפּט אים מיט'ן צווייטען פוס... עס איז אַריינגעקומען זאַכאַר און געבליבען שטעהן ביי דער טיר.

— וואָס איז? — האָט אָבלאָמאָוו אים נאַכלעסיג אַ פרעג געטאָן.

זאַכאַר האָט געשוויגען און כמעט גלייך, און ניט פון אַ זייט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אים.

— נו? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו, אַ קוק טוענדיג אויף אים מיט פאַרוואונדערונג. — וואָס, דער פּיראָג איז פאַרטיג?

— איר האָט געפונען אַ דירה? — האָט אים זאַכאַר געפרעגט.

— נאָך ניט. וואָס איז דען?

— איך האָב נאָך אַלץ ניט פאַנאַנדערגעפּאַקט די זאַכען, אַלץ ליגט אָנגעוואָרפען נאָך. זאָל איך עס פאַנאַנדערפּאַקען?

— וואַרט נאָך צו, — האָט צוטראָגען אַרויסגערעדט אָבלאָמאָוו, — איך וואַרט אויף אַן ענטפער פון דאָרף.

— הייסט דאָס, אַז די חתונה וועט זיין נאָך ניי־יאָר? — האָט זאַכאַר צוגעלייגט.

און אין פרויער א טראכט געטאן. — מיך קאן מען בלויז דער־פאר, וואס איך בין שטאלצ'עס א פריינד. וואס טו איך ביי אלגא'ן? — "Dieu sait" אט קוקען די זעלבע בראנטען אויף מיר, און וועגדען גלייך דערנאך די אויגען אויף אלגא'ס לאזשע!"

ער האט א קוק געטאן אויף דער לאזשע. אלגא'ס אפערע־גלאז איז געווען געווענט אויף אים.

„אוי, דו גאט מיינער! — האט ער א טראכט געטאן. — אפילו זי לאזט ניט ארונטער פון מיר די אויגען! וואס האט זי דאס אזוינס אין מיר געפונען? זי ווייזט איצט, דאכט זיך, אן אויף דער סצענע... די בראנטען קוקען אויף מיר... לאבען... אוי, גאט מיינער!"

און אין אויפרעגונג האט ער זיך ווידער א קראץ געטאן אין האלז און איבערגעווארפען איין פוס איבער'ן צווייטען.

נאכ'ן טעאטער האט זי געבעטען די בראנטען צו זיך אויף טיי, אויך אים האט זי געהייסען קומען.

„ניין, היינט פאר איך ניט... מען דארף איין מאל פאר אלע מאל באשליסען און טאקע וואס גיכער! און דערנאך... און וואס איז דאס וואס דער באפולמעכטיגטער שרייבט מיר גאר ניט פון דארף? איך וואלט שוין לאנג געווען דארט... פאר'ן אוועקפארען וואלט איך געווארען אלגא'ס חתן... אך, און זי קוקט אלץ אויף מיר! וואס טוט מען?"

ער האט זיך ניט דערוואַרט אויף דער ענדע פון דער אפערע און איז אין מיטען אוועק אהיים. ביסלעכווייז האט ער זיך באַרואיגט און ווידער האט ער מיט א פלאטערנדיגען הארצען פון גליק געקוקט אויף אלגא'ן, ווען זיי זיינען געווען אליין; און ווען ז האט געזונגען צווישען מענשען, האט ער זיך איינ־געהערט צו איר מיט אויגען, וואס זיינען געווען פול מיט באַ־גייסטערונגס־טרערען, און אוועקפארענדיג פון אלגא'ן אהיים, האט ער זיך אן איר ווייסען געלייגט אויף דער סאפע. אבער ער איז ניט געשלאפען, נאר גע'חלומ'ט פון אלגא'ן, אין די גע־דאנקען איבערגעלעבט זיין גליק, קוקענדיג אין זיין צוקינפטיג פאמיליען־לעבען, וואו אלגא וועט לויכטען און אלץ ארום איר.

פינף מינוט אַרום איז ער שוין געשטאַנען ביים אַריינגאַנג צו זיין פּלאַץ. דער אַקט האָט זיך שוין אָנגעהויבען און אַלע האָבען זיך געאיילט צו זייערע פּלעצער. די פראַנטען פון אַלגאַ'ס לאָזשע זיינען אויך דאָ געווען. זיי האָבען ניט באַמערקט אָבלאָמאָוו'ן.

— וואָס פאַר אַ הער איז דאָס איצט געווען אין איליג־סקים לאָזשע? — האָט איינער געפרעגט ביי דעם צווייטען.

— אַ געוויסער אָבלאָמאָוו, — האָט נאַכלעסיג געענט־פערט דער צווייטער.

— ווער איז דאָס דער דאָזיגער אָבלאָמאָוו?

— ער איז אַ גוטבאַזיצער, שטאָלצ'עס אַ פריינד.

— אַזוי! — האָט פילבאַדייטענד אַרויסגערעדט דער צווייטער. — שטאָלצ'עס אַ פריינד. וואָס טוט ער דאָ?

— Dieu Sait! — האָט געענטפערט דער אַנדערער, און אַלע זיינען זיך צוגאַנגען אויף זייערע פּלעצער. אָבער אָבלאָמאָוו האָט זיך פארלאָרען פון דעם דאָזיגען אומבאַדייטענדען געשפּרעך.

„וואָס פאַר אַ הער... אַ געוויסער אָבלאָמאָוו... וואָס טוט ער דאָ... Dieu Sait!" — דאָס אַלץ האָט געקלונגען אַצינד אין זיין קאָפּ. — וואָס איך טו דאָ? וואָס הייסט וואָס? איך האָב ליב אָלגאַ'ן! איך בין איר... דאָך איז שוין צווישען מענשען אויפגעקומען די פראַגע: וואָס טו איך דאָ? זיי האָבען באַמערקט... אַ, גאָט מיינער! מען דאַרף דאָך פאָרט . . ."

ער האָט שוין מער ניט געזען, וואָס עס קומט פאָר אויף דער בינע, וואָס פאַר אַ ריטער און פרויען האָבען זיך דאָרט באַוויזען. עס דונערט דער אָרקעסטער, אָבער ער הערט ניט. ער קוקט זיך אַרום און צעהלט איבער, וויפיל באַקאַנטע עס זיינען דאָ אין טעאַטער: אומעטום זיינען דאָ באַקאַנטע, אַלע קוקען... אַלע פּרעגען... „וואָס פאַר אַ הער איז דאָס געווען איצט אין אָלגאַ'ס לאָזשע?" — „אַ געוויסער אָבלאָמאָוו!" — זאָגען אַלע.

„יאָ, איך בין אַ „געוויסער" — האָט אָבלאָמאָוו אין שרעק

— אַט אזוי... — האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען, מיענ־ריג זיך, אז דער שלאָף זאָל ניט פארקלעפּען אין גאנצען זיינע אויגען.

— צו וואָס? קלייבט איר זיך ניט אפשר צוצולייגען א ביסעל? — האָט זי געפרעגט, שטרענג קוקענדיג אים דאָ אין איין, דאָ אין צווייטען אויג.

— וואָס אייך קען איינפאלען! — האָט איר אָבלאָמאָוו אויף גיך איבערגעשלאָגען. — ביי טאָג גאָר שלאָפען! פשוט, מיר איז לאנגווייליג.

און ער האָט איר אָוועקגעגעבען צוריק זיין הוט.

— היינט ביי נאכט אין טעאטער, — האָט געזאָגט אָלגא.

— אָבער ניט צוזאמען אין דער לאָזשע, — האָט ער צו־געלייגט מיט א זיפץ.

— איז וואָס? און דאָס וואָס מיר זעען זיך איז ווייניג? און איז שוין גאָרניט ווערט דאָס, וואָס דו וועסט אריין צו מיר צווישען די אקטען, וועסט דערלאַנגען מיר די האנט ביז צום עקיפאזש?... דו זאָלסט היינט זיין אין טעאטער! — האָט זי באפעלענדיג ארויסגערעדט. — גאָר נייע איינפאלען!

ער האָט זיך גאָרנישט ניט געקאָנט העלפען. ער איז געפאָרען אין טעאטער, געגענעצט, ווי ער וואָלט געוואָלט ארונ־טערשלינגען גאנצע סצענען, ער האָט זיך געקראצט דעם נאַ־קען און געהאלטען אין איבערווארפען איין פוס איבער'ן צווייטען.

„זאָל זיך שוין דאָס אמאָל ענדיגען! — האָט אָבלאָמאָוו געטראכט ביי זיך. — אך, נאָך אזא זומער קומט אונז אויס צו זען זיך בגנבה! און איך דארף שפּילען די ראָל פון א פארליבט אינגעל... ערען וואָרט, ווען עס וואָלט שוין געווען נאָך דער חתונה, וואָלט איך היינט ניט געפאָרען אין טעאטער: שוין זעקס מאָל האָב איך די אָפּערע געהערט"...

אין דער צייט פון צווישען אקט איז ער אריין אין אָלגא'ס לאָזשע. ער האָט זיך געדארפט דורכשטופּען דורך צוויי פראַנ־טען, איידער עס איז אים געלונגען צוצוקומען צו איר. אי־

צו'בעס'טער האָט ער ערקלערט, אַז ער קלייבט זיך מאָרגען אַרויס. אָבער דער מאָרגען און דער איבערמאָרגען, און אַ גאַנצע וואָך איז שוין פאַראיבער — און ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט אַרויסגעקליבען.

אים איז זער געווען לאַנגווייליג אין די טעג, ווען ער האָט ניט געזען אָלגאַ'ן, ווען ער האָט ניט געהערט איר שטימע, ניט געלעזען אין אירע אויגען איר ליבע, איר צערטליכקייט.

דערפאַר אין די טעג ווען זיי האָבען זיך יאָ באַגעגענט, האָט עס געלעבט פונקט אַזוי ווי ער האָט געלעבט זומער צייט: ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך איר געזאַנג, איינגעקוקט זיך אין אירע אויגען. און ווען עס זיינען געווען זייטיגע מענשען, איז פאַר אים גענוג געווען אַן איין־איינציגער בליק, אַ גלייכ־גילטיגער פאַר אַלעמען, אָבער אַ טיפער און אַ באַדייטענדער פאַר אים.

אָבער וואָס נענטער עס האָט זיך גערוקט צום ווינטער, אַלץ ווייניגער איז זיי געלונגען צו זען זיך אונטער פיר אויגען. צו די אילינסקיס האָבען אָנגעהויבען צו קומען געסט, און גאַנצע טעג זיינען אַוועק און אָבלאָמאָוו'ן איז ניט געלונגען צו זאָגען אָלגאַ'ן אַ פּאָר ווערטער, זיי האָבען זיך בלויז איבער־געביטען מיט בליקען. אירע בליקען האָבען צייטענווייז אויס־געדריקט פאַרמאַטערטקייט און אומגעדולד.

מיט בייזע בליקען האָט זי געקוקט אויף אַלע געסט. אָב־לאָמאָוו'ן האָט זיך דאָס דערעסען און עס האָט אים אָנגעהויבען צו לאַנגווײַלען. איינמאָל נאָך מיטאָג האָט ער שוין געהאַט גענומען דעם הוט.

— וואוהין? — האָט מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט אָל־גאַ, וואָס איז אויף גיך צוגעגאַנגען צו אים און אָנגעכאַפּט זיין הוט.

— ערלויבט מיר צו געהן אַ היים.

— וואָרום ווילט איר געהן אַהיים? — האָט זי געפרעגט. איין ברעם איז ביי איר געלעגען העכער פון דער צווייטער. — וואָס וועט איר טאָן אין דער היים?

## אבלאמאוו

איך זאָל נאָר ניט פארגעסען שיקען קויפען צימערינג.

— איר וואָלט געדארפט חתונה האָבען, — האָט זיך אָבלאָמאָוו אָפּגערופען, — איר זייט א וואונדערבארע באַלע־באָסטע.

זי האָט א שמייכעל געטאָן און גענומען איבערשיטען די קאָפּע אין א גרויסען גלעזערנעם סלוי.

— איך מיין עס אויף אָן אמת, — האָט אָבלאָמאָוו צונע־לייגט.

— ווער וועט דאָס נעמען מיך מיט קינדער? — האָט זי געענטפערט.

זי האָט אוועקגעשטעלט דעם סלוי אין שראנק אריין און ארייננעלאָפען אין דער קיך. אָבלאָמאָוו איז צוריק צו זיך אין צימער אריין און גענומען לעזען דאָס בוך.

— וואָס פאר א פרישע און געזונטע פרוי זי איז נאָך, און וואָס פאר א ווירטין! אויף מיין וואָרט, זי האָט געדארפט חתונה האָבען... — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין און פאר־טיפט זיך אין געדאנקען וועגען... אָלגאַ'ן.

אין א שעהנעם וועטער לאָזט זיך אָבלאָמאָוו ארויס באַ־קוקען די געגענט, איז אָדער ער פאַלט אריין אין קויט, אָדער ער געהט אריין אין אומפריינדליכע באציאונגען מיט הינט, און ער קערט זיך אום אהיים.

און אין דער היים איז שוין גערעקט דער טיש, און דאָס עסען איז אזוי באַ'טעמ'ט, און עס איז אזוי ריין סערווירט! טיילמאָל שפּארט זיך דורך דורך דער אָפענער טיר א גאָלע האנט מיט א טעלערל — מען בעט פארזוכען דער באַלעבאָס־טעס פּיראָג.

— שטיל און גוט איז דאָ, נאָר לאנגווייליג, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, אוועקפאָרענדיג אין דער אָפּערע.

איינמאָל, אהיימקומענדיג פון טעאטער, האָט ער מיט'ן קוטשער געקלאפּט א שעה צייט, איידער מען האָט אים גע־עפענט. דער הונט איז הייזעריג געוואָרען פון בילען און רייסען זיך פון דער קייט. ער איז דורכפראָרען געוואָרען און א

— ביי אייך איז פאַראַן ביכער? — האָט איליאַ איליטש זי געפרעגט.

— יאָ, דער ברודער האָט ביכער, אָבער לעזט זיי קיינמאָל ניט. צייטונגען נעמען מיר פון דער קרעטשמע, לעזט זיי דער ברודער אַמאָל פאַר אויפ'ן קול... וואַניאַ, זעט איר, האָט יאָ אַ סך ביכער.

— רוט איר זיך אויף אַן אמת קיינמאָל ניט אָפּ? — האָט אָבלאָמאָוו זי געפרעגט.

— אויף אַן אמת, קיינמאָל ניט.

— און אין קיין טעאַטער געהט איר אויך ניט?

— דער ברודער איז געווען אַרום ווייַנאַכטען.

— און איר?

— ווי האָב איך צייט! און ווער וועט צוגרייטען דאָס אָווענדברויט? — האָט זי געפרעגט, אַ קוק טוענדיג אויף אים פון דער זייט.

— די קעכין קאָן דאָך אָן אייך...

— ווער, אַקולינאַ? — האָט זי אַרויסגערעדט מיט פאַר־וואונדערונג. — וואָס אייך קאָן איינפאַלען! וואָס קאָן זי טאָן אָן מיר? עס וועט אַפילו אויף מאָרגען ניט זיין פאַרטיג דאָס עסען.

שטיל. אָבלאָמאָוו באַוואונדערט אירע רונדע, אויסגעפּיל־טע עלענבויגענס.

— וואָס פאַר אַ פיינע הענט איר האָט, — האָט ער מיט־אַמאָל אַרויסגערעדט. — כאָטש נעם און מאָל זיי אָפּ.

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן און אַ ביסעל זיך פאַרשעמט.

— עס איז אומבאַקוועם אין אַרבעל, — האָט זי זיך פאַר־ענטפערט. — עס זיינען איצט אַריין אין מאָדע קליידער מיט לאַנגע אַרבעל, פּלעקען זיי זיך זער שנעל.

און זי איז שטיל געוואָרען. אָבלאָמאָוו האָט אויך גע־שוויגען.

— ווי נאָר איך וועל אָפּמאָלען די קאַפע, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו זיך, — וועל איך זיך נעמען האַקען צוקער.

ער דער באלעבאסטעס אנטבלויזטען האלז און פלייצע און אירע עלענבויגענס, וואס האלטען זיך שטענדיג אין באוועגען.

שטענדיג ארבייט זי, שטענדיג איז זי פארנומען און זי צערעמאנירט זיך שוין ניט מיט אים, זי פארוואַרפט שוין ניט אויף זיך קיין שאל, ווען זי באמערקט, אז ער זעט זי דורך דער אפענער טיר, זי גיט בלויז א שמייכעל און טוט זיך ווייטער איר ארבייט.

טיילמאל נעהט ער מיט'ן בוך אין דער האנט צו צו דער טיר, גיט א קוק אריין און פארפירט א שמועס מיט דער באַ־לעבאסטע.

— איר האלט אין איין ארבייטער, — האט ער זיך אמאל אפגערופען צו איר. זי האט א שמייכעל געטאן און ווייטער נענומען דרעהען דאס הענטעל פון דער קאפע־מילכעל, און אירע עלענבויגענס האבען דערביי געמאכט אזוינע געשווינדע רעדער אין דער לופט, אז אבלאמאוו'ן האט גענומען שווינדלען אין די אויגען.

— איר וועט דאך נאך מיד ווערען, — האט ער זיך ווי־דער אמאל צו איר אפגערופען.

— ניין, איך בין צוגעוועהנט דערצו, — האט זי געענט־פערט, רעש'ענדיג מיט'ן מילכעל.

— און ווען עס איז ניטא קיין ארבייט, וואס טוט איר דאמאלט?

— וואס הייסט עס איז ניטא קיין ארבייט? שטענדיג איז דא וואס צו טאן, — האט זי געזאגט. נאכ'ן פרישטיק גרייט מען דעם מיטאג, נאכ'ן מיטאג נעהט מען און דערנאך גרייט מען צו דאס אווענדברויט.

— איר עסט אווענדברויט אויך?

— ווי דען?

— איר לעזט עפעס?

זי האט אויף אים טעמפ א קוק געטאן און ניט ארויס־גערעדט קיין ווארט.

שען וועש, קליידער, אין אַרויסנעמען פלעקען, אין געברויכען פאַרשידענע גראָזען אַלס מעדיצינען, מיט איין וואָרט אין אַלץ, וואָס איז ערוואָרבען געוואָרען דורך דורות לאַנגער ערפאַרונג.

איליאַ איליטש פלעגט אויפשטעהן אַ זייגער ניין אין־דער־פרי, אמאָל פלעגט ער נאָך דערזען ווי עס פאַרשווינדט דער פאַפּירענער פאַקעט אונטער דעם אָרעם פון אוועקגעהענדיגען ברודער. ער פלעגט זיך גלייך נעמען צום פרישטיק. די קאָפע איז נאָך אַלץ אַזוי געשמאַק, די שמאַנד — געדיכט און די זעמעל צוגעהען ממש אין מויל.

נאָך דעם נעמט ער זיך פאַר אַ סיגאַר און הערט זיך אויפמערקזאַם צו ווי שווער עס קוואָקעט די הון, ווי עס פּישטשען די הינדלעך, ווי עס טרעלען די קאַנאַרעקלעך. ער האָט ניט געהייסען זיי אַרויסנעמען.

— זיי דערמאָנען אָן דאָרף, אָן אָבלאָמאָווקע, — האָט איליאַ איליאיטש געזאָגט.

און נאָך דעם נעמט ער זיך דערלעזען די ביכער, וואָס ער האָט אָנגעהויבען לעזען נאָך אויף דער זומער־וואוינונג. טיילמאָל לייגט ער זיך מיט אַ בוך אויף דער סאָפע און לעזט.

אַ אידעאַלע שטילקייט. ווען ניט ווען געהט אַ סאָלדאַט, אָדער אַ פּאָר פויערים מיט העק אויף די גאַרטלען דורך דורך דער גאַס. זער זעלטען פאַרקלייבט זיך דאָ אמאָל אַ פּרוכט הענדלער און, בלייבענדיג שטעהן פאַר דעם פּלויט, גאָרגעלט ער אַרום אַ האַלבע שעה: — „עפּעל, אַסטראַכאַנער אַרבוזען" — אַז ניט ווילענדיג קויפט מען שוין עפּעס ביי אים.

טיילמאָל קומט צו אים מאַשאַ, דער ווירטינ׳ס טאָכטער, און זאָגט אים, אַז די מוטער האָט איר געהייסען אים זאָגען, אַז דרויסען פאַרקויפט מען איצט פּרוכטען און צו וויל ער ניט עפּעס קויפען. אָן אַנדערש מאָל רופט ער אַליין צו זיך דער ווירטינ׳ס זון, וואַניאַ׳ן, פרעגט אים אויס ווי ער לערנט זיך, מאַכט, אַז ער זאָל עפּעס פאָרלעזען, אָדער שרייבען און ער זעט, צי ער לעזט און שרייבט ריכטיג.

אויב די קינדער מאַכען ניט צו הינטער זיך די טיר, זעט

פון דער אומבאַוועגליכער אַקולינאַ; ווי זי דונערט אַרויס אירע באַפעלען אַרויסצונעמען, אַוועקצושטעלען, דערוואַרעמען, זאַלצען, ווי אויפ'ן מאַרק קאָן זי מיט אַן איין־איינציגען בליק און קוים אָנרירענדיג מיט די פינגער אויף געוויס זאָגען וויפיל חדשים דאָס עוף איז אַלט, ווען ס'איז אויף אייביג איינגעשלאָפען דער פיש, ווען עס איז אַרונטערגעריסען געוואָרען דער סאַלאַט — האָט זי מיט ערשטוינונג און פאַרוואונדערונג אויפגעהויבען די אויגען צו אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ'ן און ביי זיך באַשלאָסען, אַז זי, אַניסיאַ, האָט דורכגעלאָזען איר באַרוף, אַז איר פלאַץ איז ניט אין אַבלאָמאָוו'ס קיך, וואו איר גיכקייט, וואו איר פיבערהאַפטיגע שנעלקייט איז געווענדעט בלויז אויף אונטערצוכאַפען אַ טעלער אָדער אַ גלאָז, וואָס זאַכאַר לאָזט אַרונטער, און וואו איר ערפאַרונג דינט אויף אויפצואוועקען בלויז קנאה ביי איר מאַן. ביידע פרויען האָבען זיך איינס דאָס צווייטע פאַרשטאַנען און ליב געקראָגען.

ווען אַבלאָמאָוו האָט ניט געמיטאָגט אין דער היים, האָט אַניסיאַ פאַרבראַכט די צייט אין דער ווירטינ'ס קיך און, פאַר ליבע צו דער זאַך, געהאַלטען אין איין העלפען. איידער אַקולינע האָט נאָך באַגריפען אין וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט זי עס שוין געהאַט אָפּגעטאָן.

אַלס באַלוינונג דערפאַר האָט אַניסיאַ געקראָגען אַ מיטאָג, אַ זעקס טאַסעס קאַפע אין־דער־פרי און אַזוי פיל אין אָוונט און אַן אָפענהערציגען לאַנגען געשפרעך מיט דער ווירטין אַליין.

ווען אַבלאָמאָוו האָט געמיטאָגט אין דער היים, האָט די ווירטין צוגעהאָלפען אַניסיאַ'ן, דאָס הייסט, אָנגעזאָגט מיט אַ וואָרט, אָדער מיט'ן פינגער, צי עס איז שוין יאָ אָדער נאָך ניט צייט אַרויסצונעמען דאָס געבראָטענס, צי מען דאַרף צום פאָום דערגיסען אַ ביסעל רויטען וויין, אָדער שמאַנד, אָדער, אַז פיש דאַרף מען קאָכען ניט אַזוי, נאָר אַזוי...

און וויפיל קענטשאַפט האָבען זיי דאָס אַרויסגעוויזען! און ניט בלויז אין דער קאָך קונסט. זיי זיינען געווען פונקט אַזוי באַהאַוונט אין לייוונט, אין פעדים, אין נעהען, אין וואַ־

ער האָט זיך געפּרעהט דערמיט, וואָס ביז וואַנען עס וועט קומען אַן ענטפער, וועט ער ניט דאַרפען זוכען קיין דירה.

„אייגענטליך, האָט מען דאָ געקאָנט גאַנץ גוט בלייבען וואוינען, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — נאָר עס איז זער ווייט פון שטאָדט. אָבער אַלץ ווערט דאָ געפירט מ'ט גרויס אָרדנונג."

עס איז אמת, אַז אַלץ איז דאָ געפירט געוואָרען מיט גרויס אָרדנונג. כאָטש אָבלאָמאָוו האָט געפירט אַן אייגען באַלעבאַ־טישקייט, האָט די באַלעבאָסטע אויך געהאַלטען אַן אויג אויף זיין קיך.

איליאַ יאַליטש איז אַמאָל אַריין אין דער קיך און האָט דאָרט געטראָפען אַניסיאַ'ן כמעט אַרומגענומען מיט דער באַ־לעבאָסטע.

אויב עס איז אמת, אַז עס איז דאָ אַ פאַרוואַנדשאַפט צווישען נשמות, און נאָענטע נשמות ציען איינע צו דער צוויי־טער נאָך פון דערווייטען, האָט מען דאָס נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי קלאָר, ווי אין דעם פאַל פון אַניסיאַ'ן און דער באַ־לעבאָסטע. פון דעם ערשטען בליק, וואָרט און באַוועגונג האָ־בען זיי זיך פאַרשטאַנען און אָפּגעשעצט איינע דער צווייטער.

ווי נאָר אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ האָט דערזען ווי אַניסיאַ האָט אין אַ פינף מינוט צייט געבראַכט די קיך אין אָרדנונג, ווי זי האָט מיט פאַרקאַ'טערטע אַרבעל מיטאיינמאָל אַרונטער־געווישט מיט דער באַרשט דעם שטויב פון די פּאָליצעס, ווענט און פון דעם טיש, ווי זי האָט מיט דעם בעזעם געמאַכט גרויסע שפּרינג איבער איבער דעם דיל, איבער די בענק, ווי זי האָט אין איין רגע אַרויסגענומען דעם אַש פון אויווען — האָט זי גלייך פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ גרויסע הילף אַניסיאַ וועט איר זיין אין איר באַלעבאַטישקייט. זי האָט איר פון דעם מאָמענט אָן געגעבען אַן אָרט ביי זיך אין האַרץ.

און אַניסיאַ, ווידער, ווי זי האָט נאָר איינמאָל אַ קוק געּ־טאָן, ווי אַגאַפיאַ מאַטוועיעוונאַ הערשט אין דער קיך, ווי עס ווערט ניט פאַרפאַלען פון איר אויג קיין איינציגע באַוועגונג

# אבלאמאוו

— אבאָניר זיך אויף א זיץ, — האָט זי צוגעלייגט, — נעקסטע וואָך קומען די מאיעווסקי'ס און מיין טאנטע האָט זיי איינגעלאַדען צו זיך אין דער לאָזשע.

און זי האָט א קוק געטאָן צו זען, ווי ער וועט זיך דער־פרעהען.

„גאָט מיינער! — האָט ער מיט שרעק א טראכט געטאָן, — און אין גאנצען האָב איך בלויז דריי הונדערט רובל."

— דו רעד זיך פריער איבער מיט'ן באראָן, ער ווייסט וועגען אלץ.

און זי האָט ווידער א שמייכעל געטאָן, און קוקענדיג אויף איר האָט אויך ער א שמייכעל געטאָן, און מיט א שמייכעל האָט ער געבעטען דעם באראָן, און דער באראָן ווידער, אויך מיט א שמייכעל, האָט גענומען ערפילען זיין ביטע.

— שפּעטער, ווען דו וועסט האָבען אלץ באזאָרגט, — האָט זי צוגעלייגט, — וועסטו פארנעמען א פּלאַץ אין אונזער לאָזשע.

און שליסליך האָט זי א שמייכעל געטאָן, ווי זי פלעגט שמייכלען, ווען זי איז געווען איבער־גליקליך.

אך, מיט וואָס פאר א גליק עס האָט א וועה געטאָן אויף אים, ווען אָלגא האָט כאָטש אויף א ביסעל אויפגעהויבען דעם פּאָרהאנג פון דער פאר'כישופ'טער צוקונפט, וואָס איז געווען פארדעקט פאר אים מיט שמייכלען.

אָבלאָמאָוו האָט שוין אפילו וועגען דעם געלט פארגעסען. ערשט אין־דער־פרי, ווען ער האָט דערזען דער ווירטינ'ס ברו־דער מיט'ן פּאקעט אונטער'ן אָרעם, האָט ער זיך דערמאָנט וועגען דער פולמאכט און געבעטען איוואן מאטוועיאיטש'ן, אז ער זאָל זי באשטעטיגען אין געריכט־הויז. ער, ווידער, ווען ער האָט דורכגעלעזען דאָס פּאפּיר, האָט ערקלערט, אז איין פּונקט איז ניט קלאָר, און גענומען אים מאכען קלאָרער.

ענדליך איז דאָס פּאפּיר איבערגעשריבען, באשטעטיגט און אָפּגעשיקט געוואָרען. אָבלאָמאָוו האָט פייערליך וועגען דעם ערקלערט אָלגא'ן און בארוהיגט זיך אויף א לאנגער צייט.

## 4

ער האָט געזאָגט אָלגאַ'ן, אַז ער האָט גערעדט מיט דער ווירטינ'ס ברודער, און ער האָט צוגעלייגט פון זיך, אַז עס איז דאָ אַ האָפנונג, אַז ער זאָל די וואָך נאָך איבערגעבען די דירה.

אָלגאַ מיט דער טאַנטע זיינען אַוועקגעפאָהרען ביז מיטאָג, און ער איז דערווייל געגאַנגען זען דירות דאָ אין דער געגענט. ער איז געווען אין צוויי הייזער. אין איין הויז האָט ער געפאָרנען אַ דירה פון פיר צימערען פאַר פיר טויזענט רובל, אין דעם צווייטען הויז האָט מען פאַר פינף צימערען געבעטען זעקס טויזענט רובל.

—שרעקליך, שרעקליך! — האָט ער געהאַלטען אין איין זאָגען צו זיך און ער האָט פאַרשטאָפּט זיך מיט די הענט די אויערען. צולייגענדיג צו דער סומע די העכער טויזענט רובל, וואָס ער איז געקומען דער ווירטין זיינער, האָט ער פאַר שרעק ניט געוואוסט וואָס עס קומט מיט אים פאָר און ער האָט גענומען געהן גיכער און איז אוועק צו אָלגאַ'ן.

ביי זיי זיינען געווען געסט. אָלגאַ איז געווען אויפגעלעבט, זי האָט גערעדט, געזונגען און געמאַכט אַ פוראָר. בלויז איין אָבלאָמאָוו האָט זיך ניט גוט איינגעהערט צו איהר, ער איז געווען צוטראָגען. און זי האָט געזונגען, גערעדט בלויז פאַר איהם, אַז ער זאָל ניט זיצען אַזוי אומעטיג, אַז אַלץ זאָל רעדען און זינגען אין אים.

— קום מאָרגען אין טעאַטער, מיר האָבען אַ לאָזשע, — האָט אָלגאַ אים געזאָגט.

„שלעפּען זיך ביי נאַכט אַזאַ שמוציגען, לאַנגען וועג!" האָט אַ טראַכט געטאָן אָבלאָמאָוו, אָבער אַ קוק טוענדיג אין אירע אויגען, האָט ער אויף איר שמייכעל געענטפערט מיט אַ צושטימונגס-שמייכעל.

# אָבּלאָמאָװ

ראָמאַן אין פיר טײלען, דרײַ ביכער

פון

א. א. גאָנטשאַראָװ.

